# די יידישע געשיכטע

לויט פּראָפעסאָר ג ר ע ץ און אנדרעע סוואלן

מיט אן הקדמה פון הלל צייטלין.

צווייטער באַנד:

פון גלות בבל ביז די אדומער



פארלאַג ש. סגל — בוענאָס איירעס

Editorial S. SIGAL - Buenos Aires

# א י נ ה אַ ל ט :



## דער צווייטער פּעריאָד



## דער דריטער פּעריאָד

# קאַפּיטל איינס

## גלות בבל און שיבת ציון

דאָס פאַראויסזאָגן פון די נביאים ישעיה, ירמיהו או״ו, אַז פון גאַנצן פאָלק יהודה וועט נאָר בלייבן אַ קליין רעשטל, איז, צום אומגליק, מקוים געוואָרן. זייער אומבאַדייטנד איז געווען דאָס איבערגעבליבענע הייפל. פון די פיר מיליאָן, וועלכע האָבן אין דודס צייטן צוזאַמענגעשטעלט די באַפעלקערונג פון די צוועלף שבטים, איז אויף דעם חלק פון יהודה און בנימין אויסגעקומען אַ מיליאָן נפשות, און אין דעם משך פון די שפּע־טערדיקע דורות — פאַר די לעצטע פיר הונדערט יאָר — איז די באַ־פעלקערונג געוואָרן נאָך פיל גרעסער. דער חורבן האָט אָבער פיל, פיל פאַרטיליקט. הונדערטער טויזנטער זיינען געוואָרן פאַרניכטעט דורכן שווערד, דורך הונגער און פּעסט. אַ גרויסער טייל איז פאַרטריבן גע־וואָרן אין בבל; קלענערע גרופּעס האָבן זיך באַזעצט אין מצרים, אַנדערע — אין מדי און פעניציע. און וויפיל זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין גריכנ־לאַנד פאַר שקלאַפן! אויף אַזאַ אופן זיינען זייער ווייניק יהודים געבליבן. ווי אַזוי־זשע האָט געזאָלט דערפילט ווערן דער אַנדערער טייל פון די נביאימס פאַראויסזאָגונגען, אַז ישראל וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין? ווי אַזוי האָט דאָס דאָזיקע איבערגעבליבענע קליינע הייפל, וואָס איז גע־ווען שוואַך קערפּערלעך און גייסטיק, וואָס איז געווען דורכגעדרונ־גען מיט ליידן און גלות, — ווי אַזוי האָט עס געזאָלט קענען זיך האַלטן, ווי אַזוי האָט עס געזאָלט קענען בײַשטיין אויף לאַנג? דוכט זיך, אַז דאָס דאָזיקע רעשטל יידן האָט גאַנץ געשווינד געדאַרפט און געמוזט אומקומען

אָדער אויפגעלייזט ווערן אין דער פרעמד. דאָך איז עס ניט אונטערגע־גאַנגען, נאָר, פאַרקערט, זיך נאָך דערהויבן פון דער שפלות און דערלעבט צייטן פון הערלעכן גלאַנץ, וואָס דאָס קאָן, אָן שום צווייפל, גערעכנט ווערן פאַר נישט קיין קליינעם וואונדער!

נבוכדנאצר איז געגוג ווייך זיך באַגאַנגען מיט די פאַרטריבענע אין בבל. אין גרונד איז ער נישט געווען ענלעך צו די ווילדע זיגער פאַר אים און נאָך אים, וועלכע פלעגן, אויס דעם ענגען נקמה־געפיל, ברענגען דעם באַזיגטן פיינט ביז צו פולשטענדיקער קראַפטלאָזיקייט, אָדער זיי פלעגן לחלוטין אים פאַרניכטן, ווי אָן אונטערגעשאָסענעם פויגל. דעם מלך פון בבל איז דאָס בויען און דאָס שאַפן אויך אַזוי נאָענט געווען צום האַרצן, ווי דאָס דעראָבערן. ער האָט געשטרעבט זיין מלוכה צו באַפעלקערן, צו מאַכן זי רייך און גרויס. צו דער הויפּטשטאָט בבל האָט ער צוגעבויט אַ נייעם טייל ביים מזרח־זייט פון טייך פּרת און האָט זי אַרום און אַרום פאַרבויט מיט אַ וואַנט, וואָס האָט געהאַלטן אַרום־און־אַרום אַן ערך פון 56 קילאָמעטער. אַזאַ ריזיקע שטאָט, אויב זי וויל נישט זיין ענלעך צו אַ מדבר, מוז דאָך באַזיצן אַ גרויסע באַפעלקערונג. ער האָט דעריבער פאַר די יידישע פאַרטריבענע, ווי אויך פאַר די פאַר־טריבענע פון די איבעריקע לענדער, אָפּגעגעבן פלאַץ צום וואוינען אינע־ווייניק אין שטאָט, און האָט אַרויסגעוויזן דערביי זיין באַזונדערן גענאָד צו די, וועלכע האָבן זיך מיטן גוטן ווילן איבערגעגעבן זיין רשות אין דער צייט פון דער מלחמה. דער חסד פון מלך האָט דערגרייכט ביז אַזוי ווייט, אַז גאַנצע פאַמיליעס און אייניקלעך... פון די שטעט אין יהודה און בנימין צוזאַמען מיט זייערע קרובים און קנעכט זיינען איינע פון די אַנדערע נישט אָפּגעריסן געוואָרן און האָבן אין גלות אויך געלעבט צוזאַמען. די פון ירושלים פאַרטריבענע פרינצן, וועלכע פלעגן אָנגערופן ווערן דודס זין, האָבן געבילדעט אַ פעסט פאַרקניפּטע גרופּע פון מענטשן מיט אַלגעמיינע אינטערעסן. די מיוחסדיקע משפחות האָבן זיך אין גלות געפילט ווי אין דערהיים. אפילו די שפּראַך, וואָס האָט געהערשט אין בבל, האָט זיי דערמאָנט אָן זייער פאָטערלאַנד, זי איז געווען זייער ענלעך צו דער העב־רעאישער שפּראַך, און די יידישע אַריסטאָקראַטיע, אויב זי האָט אפילו פאַרן גלות אויף איר נישט גערעדט, האָט זי איר אויף יעדן פאַל גוט פאַרשטאַנען.

די מיוחסדיקע פאַמיליעס האָבן אין אָנפאַנג פעסט געשטיצט זייער נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ווייל אַזוי ווי די איבעריקע פאַרטריבענע האָבן זיי אויך געוואַרט אויף אַ גליקלעכן צופאַל, וועלכער וועט זיי אַרויס־רייסן פון געפענגעניש און זיי צוריקקערן צו דער פריערדיקער ממשלה. נאָר די דאָזיקע אַריסטאָקראַטן האָבן זיך ווייניק וואָס אָפּגעלערנט פון דער מאַוימדיקער שטראָף, וואָס גאָט האָט אויף זיי אָנגעשיקט, און אַזוי ווי זיי האָבן אויסגענוצט נבוכדנאצרס גענאָד, האָבן זיי די דאָזיקע גע־נעדיקייט נישט געוואָלט אַרויסווייזן אין דער באַציאונג צו זייערע אייגענע שוואַכערע און אָרעמערע ברידער; און צוליב דעם האָבן זיי דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס־שטרעבן נישט געבראַכט, נישט נאָר קיין נוצן, נאָר, פאַרקערט, נאָך פיל געשטערט. גאוה און אכזריות — דאָס האָט ביי זיי געלאָזן אין האַרצן טיפע וואָרצלען.

צום גליק איז די צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק נישט אָפּהענגיק געווען פון די דאָזיקע שטאָלצע און פאַרדאָרבענע יחסנים. די בעסערע פאָלקס־עלעמענטן, וועלכע זיינען אויך אריינגעפאַלן אין געפענגעניש, און וועלכע זיינען געווען טיף דורכגעדרונגען מיט דער פעלדזן־שטאַרקער האָפענונג און מיטן גלויבן אין גאָטס באַרעמהאַרציקייט, אַז ער וועט נישט לאָזן אונטערגיין זיין פאָלק ישראל, — זיי זיינען געווען דער גרונד, אויף וועלכן עס האָט ענדלעך געמוזט זיך אויסבויען די יידישע צוקונפט. זיי האָבן מיט זיך אין גלות געבראַכט זייער צווייט פאָטער־לאַנד — זייערע גייסטיקע קולטורעלע אוצרות, די רייכסטע זאַמלונג פון די הייליקע שאַפונגען פון דעם יידישן גייסט. צווישן די דאָזיקע פאַרטריבענע האָבן זיך געפונען די כהנים פון צדוקס הויזגעזינט, וואָס האָט זיך אין דעם משך פון זיין פיל־הונדערט־יאָריקער עקזיסטענץ זיך קיינמאָל נישט באַפלעקט מיט דער שענדלעכער געצנדינערייִ. אָט די דאָזיקע כהנים האָבן מיט זיך מיטגענומען אין גלות דעם „ח ו מ ש ", וועלכער האָט זיי געוויזן דעם וועג צו אַ הייליקן לעבן, צו וואָס זיי האָבן אליין געשטרעבט און אַנדערע געלערנט צו שטרעבן. ווייטער האָבן זיך צווישן זיי געפונען די לויים, די מחברים און דיכטער פון „תהלים", וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אין גלות זאַמלונגען פון לויב־מזמורים און תפלות. צו די כהנים און לויים זיינען צוגעשטאַנען די ענוים, די נאָכפאָלגער פון די נביאים, וועלכע האָבן טיף אין האַרצן געטראָגן די

אידעאַלן פון זייערע גרויסע לערער און געשטרעבט זיי צו פאַרווירק־לעכן אין לעבן. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען די פילע און פאַרשידענע ועדעס פון די נביאים, היסטאָרישע ספרים און די מאָראַלישע סענטענצן פון פאַרשידענע יידישע חכמים. זיי אַלע האָבן געשעפּט דעם העכערן, גײַטלעכן אמת פון דעם דאָזיקן רייכן גייסטיקן אוצר, אין וועלכן זיי האָבן זיך פאַרטיפט, וואָס ווייטער אַלץ מער און עס געלערנט אויך אַנ־דערע. די דערנידערונג פון דעם אַמאָליקן נאַציאָנאַלן יידישן שטאַלץ און די גרויסע יסורים פון גלות האָבן אין זיי באַפעסטיקט די איבער־צייגונג, אַז אַלע טרייסט־רייד פון די נביאים מוזן מקוים ווערן, פונקט אַזוי ווי עס זיינען מקוים געוואָרן זייערע רייד וועגן גאָטס שטראָף. די קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע רייכטימער זיינען פאַרלוירן געגאַנגען, געבליבן איז נאָר דאָס גייסטיקע, אַבסטראַקטע, וואָס מען האָט נישט געקענט אָפּנעמען, און דאָס האָט גוט פאַרהיט און פאַרטיידיקט די קליינע, נאָר גאַוואוסטזיניקע גלות־קהלה. זייענדיק אָפּגעריסן פון דער מלוכה, האָט זי זיך געשטיצט אויף דער כהונה אין דעם ריין אַבסטראַקטן זין פונעם וואָרט; זייענדיק פאַרשטויסן פון דער טעריטאָריע, האָט זי זיך באַ־זירט אויף דער גייסטיק־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

די פאַרטריבענע האָבן געשעפּט זייערע דערהויבענע באַגריפן און זייער נאַציאָנאַלע וועלט־אַנשויאונג פון די הייליקע ספרים, וואָס זיי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון זייער פאָטערלאַנד; דער ערשטער גלות, דער גלות־בבל האָט אָבער זוכה געווען אויך צום לעבעדיקן וואָרט פון גאָט; ער האָט געשאַפן זיינע אייגענע נביאים. איינער פון זיי איז גע־ווען דער געטלעכער יחזקאל בן־בוזי, דער עלטסטער אין דעם דאָזיקן דור.

יחזקאל האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפחה פון כהנים אין ירושלים. געוואוינט האָט ער אויף דעם טייך כבר, וועלכער פאַלט אריין אין פרת, צווישן די פאַרטריבענע פון יהויכינס צייט (אין 597־טן יאָר). אַזוי ווי ער איז געווען אָפּגעריסן פונעם פאָטערלאַנד אין דער צייט, ווען ירושלים איז נאָך נישט וויסט געוואָרן און דער בית המקדש האָט נאָך עקזיסטירט, האָט ער דאָך זיך נישט געוואָלט איינרעדן, ווי זיינע ברידער, אַז יהודה וועט מנצח זיין אין דער מלחמה מיטן מעכטיקסטן נבוכדנאצר. צווערשט האָט ער, צווישן די פּאָליטישע פּאַטריאָטן, וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל, פאַרנומען די זעלביקע פּאָזיציע,

וואָס ירמיהו האָט פאַרנומען צווישן זייערע אָנהענגער אין יהודה. די ערשטע רעדעס פון יחזקאל, וואָס געהערן צו דעם צענדליק יאָרן, וואָס צווישן דעם גלות־יהויכין און דעם חורבן־ירושלים, טראָגן דעריבער אַ כאַראַקטער פון שטראָף־רייד, פון מוסר. דער נביא צעשטערט אָן רחמנות די אילוזיעס פון זיינע ברידער און טענהט אָן אויפהער, אַז ירושלים מוז און וועט איינגיכן חרוב ווערן צוליב די זינד פונעם פאָלק. אין דער מרידה, וואָס צדקיהו האָט פאַרטראַכט קעגן בבל, האָט ער געזען נישט קיין נאַציאָנאַלע העלדישקייט, נאָר אָן אומנוצלעכן פאַראַט קעגן נבוכדנאצרן און אַ געפערלעכן שריט פאַר דער מלוכה פון יהודה. היות ער האָט פאָרויסגעזען די אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפע, האָט יחזקאל געוואָלט צוגרייטן צו איר זיינע ברידער אין גלות, אָפּצואָווענדן זיי פון דער פרוכטלאָזער פּאָליטיק־מאַכעריי און אַרויסרופן ביי זיי אַ התעוררות פון גייסטיקער ענערגיע, וועלכע זאָל זיי געבן כוחות אַריבערצוטראָגן דעם פאַרשטייענדיקן קלאַפּ. ווען דאָס אומגליק האָט אָבער סוף כל סוף אויסגעבראָכן און די ידיעה וועגן דעם האָט געבראַכט די פאַרטריבענע צו אַ פינסטערער פאַרצווייפלונג, האָט דער נביא אומגעביטן דעם טאָן און דעם אינהאַלט פון זיינע רעדעס. ער האָט אויפגעהערט צו שטראָפן און צו שרעקן, און אָנגעהויבן צו מונטערן און צו טרייסטן זיינע מוטלאָזע ברידער. די געוועזענע פּאָליטישע פּאַטריאָטן האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס פאָלק זאָל קענען ווייטער עקזיסטירן אין גלות, צעזייט און צעשפּרייט, אָן אַ מלוכה, אָן אַ לאַנד, אָן אַ בית־המקדש. אין פאַרצווייפלונג פלעגן זיי טענהן: „אונדזערע זינד און אונדזערע פאַרברעכנס ליגן אויף אונדז און מיר ווערן דערשטיקט אונטער זייער משא. זיי האָבן צו זיך צוגעמאָסטן אַן אַלטן ווערטל: „די עלטערן האָבן געגעסן אומצייטיקע פּירות און ביי די קינדער ווערן די ציינער אייליק”. דערויף האָט זיי יחזקאל געענטפערט:

„באַשטראָפט ווערט נאָר די זינדיקע נשמה: דער זון איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון זיין פאָטער, נישט דער פאָטער — פאַר די זינד פון זיין זון. די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן ווערט נאָר פאַר אים אליין פאַררעכנט און דאָס שלעכטע פון דעם שלעכטן — ווערט נאָר פאַר אים פאַררעכנט”.

„אויב ביי וועמען ס׳איז ווערט געבוירן אַ זון, וועלכער זעט די זינד

פון זיין פאָטער, און וויל נישט נאָכטון זיינע מעשים, אויב אויף די במות האָט ער (דער זון) נישט מקריב געווען קיין קרבנות, צו די אָפּגעטער נישט מתפלל געווען, דאָס ווייב פון זיין חבר נישט אומריין געמאַכט, קיינעם נישט גענאַרט, נישט געראַבירט, קיין רבית נישט גענומען, דעם הונגעריקן געגעבן ברויט, דעם נאַקעטן אָנגעטון קליידער... — וועט ער דאָך נישט אומקומען צוליב די זינד פון זיין פאָטער... און אויב אפילו דער זינדיקער אליין וועט חרטה האָבן אויף זיינע זינד, וועלכע ער האָט געטון און וועט נעמען היטן די געבאָטן פון גאָט און וועט שאַפן נאָר גערעכטיקייט און גוטהאַרציקייט — וועט ער אויך בלייבן לעבן, ער וועט שוין נישט שטאַרבן פאַר זיינע פריערדיקע זינד... פאַרלאַנג איך דען דעם טויט פונעם רשע ? — זאָגט דער אַלמעכטיקער. — איך וויל נאָר, ער זאָל זיך פון זיין וועג אומקערן, וועט ער בלייבן לעבן... וואַרפט־זשע אַראָפּ פון זיך אייערע זינד, שאַפט אייך אַ ניי האַרץ און אַ נייעם גייסט — פאַרוואָס זאָלט איר געטויט ווערן, דאָס הויז פון ישראל?!״...

אין דער נבואה פון יחזקאל איז צום ערשטן מאָל באַגרינדעט געוואָרן דער פּרינציפּ פון רעליגיעזן אינדיווידואַליזם, — דער פּרינציפּ, וועלכער איז באמת פרעמד געווען דער ביז־אַהעריקער יידישער וועלטאַנשויאונג, לויט וועלכער יעדער רעליגיעזער טאַט אָדער פאַרברעכן האָט זיך גערעכנט ווי אַ געזעלשאַפטלעכער אַקט. יחזקאל איז מבטל די אַלגעמיינע ערבות (פאַראַנטוואָרטלעכקייט) אין דער באַציאונג צום גלויבן און מאָראַל. נישט די געזעלשאַפט אין אַלגעמיין טראָגט די רעליגיעזע פליכטן, נאָר יעדע פערזאָן באַזונדער. אגב, לייקנט ער נישט אינגאַנצן אין דעם יסוד פון געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר ער מאַכט די געזעלשאַפטלעכקייט אָפּהענגיק פון דעם פערזענלעכן פּרינציפּ. פון דער פרומקייט פון די באַזונדערע אינדיווידן איז אָפּהענגיק די אויפלעבונג פון דעם גאַנצן פאָלק, אָבער נישט פאַרקערט. די אינדיווידועלע שלימות פירט צו דער פולקאָמענקייט פון דער געזעלשאַפט, די פערזענלעכע מאָראַל לייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער העכערער סאָציאַלער אָרדענונג. דער נביא באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט די שטראָף־רייד פון אַ געוויינלעכן מאָראַליסט; ער קעמפט אויך דירעקט קעגן דעם געפאַלענעם נאַציאָנאַלן גייסט, וועלכער האָט ארומגעכאַפּט די יידישע פאַרטריבענע אין דער

ערשטער צייט נאָך דעם חורבן פון ירושלים. די געדריקטע שטימונג פון פאָלק און דער באַגייסטערטער גלויבן פון נביא ווערן דייטלעך געשילדערט אין דער וואונדערלעכער זעאונג פון יחזקאל וועגן די פאַרטריקנטע ביינער.

„גאָטס האַנט האָט מיך באַרירט און גאָט האָט מיך אין דער באַגייסטערונג גענומען און מיך געבראַכט אין אַ טאָל, וועלכער איז געווען פול מיט ביינער. האָט ער מיך נעבן זיי אַרומגעפירט, אַרום און אַרום די ביינער; פיל, פיל זיינען זיי געווען אין דעם טאָל און טרוקן זיינען זיי געווען. האָט ער געזאָגט צו מיר: דו מענטשן־זון, וועלן נאָך נאָך די דאָזיקע ביינער אויפלעבן ? האָב איך געזאָגט : גאָט דו אַלמעכטיקער — דאָס קאָנסטו נאָר וויסן ! האָט ער געזאָגט צו מיר : זאָג נביאות איבער די דאָזיקע ביינער, זאָג צו זיי: „פאַרטריקנטע ביינער, הערט גאָטס וואָרט ! איך וועל אין אייך אַ נשמה אריינברענגען און איר וועט אויפלעבן. איך וועל אויף אייך אָדערן באַשאַפן, איך וועל אויף אייך פלייש אויפברענגען, איך וועל אויף אייך הויט אַרויפציען און גייסט וועל איך אין אייך אריינגעבן און איר וועט לעבעדיק ווערן און איר וועט וויסן, אַז איך בין גאָט דער באַשעפער!" און איך האָב גערעדט, ווי מיר איז פאַרזאָגט געוואָרן און ס'האָט זיך אַ שטים געלאָזט הערן, ווי איך האָב נאָר מיין נביאות געענדיקט, און אַ שטורעם איז אויפגעשטאַנען און די ביינער האָבן זיך דערנענטערט — יעדער ביין צו זיין ביין. האָב איך געזען, ווי די אָדערן האָבן זיי פאַרוויקלט און ווי דאָס פלייש האָט זיי באַדעקט און ווי די הויט האָט זיך איבער זיי פאַרצויגן — נאָר קיין גייסט איז אין זיי נאָך נישט געווען. האָט ער געזאָגט : זאָג נביאות צו דעם ווינט, זאָג נביאות, מענטשן־זון, און זאָג צום ווינט: אַזוי האָט גאָט דער אַלמעכטיקער פאַרזאָגט : פון אַלע פיר זייטן קום, דו ווינט, און בלאָז אריין אַן אָטעם אין די דאָזיקע טויטע און זאָלן זיי אויפלעבן ! און איך האָב גערעדט, ווי מיר איז געוואָרן פאַרזאָגט, און עס האָט אין זיי דער גייסט אריינגעדרונגען און זיי האָבן אויפגעלעבט און זיי האָבן זיך אויף די פיס געשטעלט — אַ גרויסע, גרויסע אַרמיי !".

„און גאָט האָט צו מיר געזאָגט : דו מענטשן־זון ! די דאָזיקע ביינער — דאָס איז דאָס גאַנצע פאָלק ישראל ! זיי זאָגן : אונדזערע ביינער זיינען פאַרדאַרט, אונדזער האָפענונג פאַרלוירן — מיר זיינען

פֿארפֿאלן! דעריבער זיי מנבא און זאָג צו זיי: אַזוי האָט דער אַלמעכ־טיקער גאָט געזאָגט: איך וועל נאָך עפֿענען אייערע קברים, איך וועל אייך ארויסגראָבן פֿון דאָרטן, פֿאָלק מיינס, און איך וועל אייך נאָך ברענגען צוריק אין דעם לאַנד פֿון ישראל... און איך וועל אייך מיין גייסט שענקען און איר וועט אויפֿלעבן און איך וועל אייך באַרואיקן אויף אייער אייגענער ערד און איר וועט דאַן וויסן, אַז איך יהוה, אייער גאָט, האָב געזאָגט און געטון..."

יחזקאל האָט זיך געמיט אריינצוגעבן זיינע צוהערער דעם געדאַנק, אַז דאָס דאָזיקע צוקונפֿטיקע גליק וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן, ווען די יידן וועלן אויסגעלייטערט ווערן אין גלות פֿון זייערע זינד, ווען זיי וועלן ווירקלעך אָנהייבן פֿילן אַ טיפֿע שטרעבונג צו דער גייסטיקער באַנייאונג. די אויסערלעכע אויסגעלייטערטקייט מוז ברענגען צו אַן אינערלעכער אויפֿלעבונג.

„איך וועל אייך צוזאַמענעמען פֿון צווישן די פֿעלקער — רעדט גאָט מיט די ליפּן פֿון נביא — און איך וועל אייך צונויפֿזאַמלען פֿון אַלע לענדער און איך וועל אייך צוריקברענגען אויף אייער ערד. און איך וועל אויף אייך גיסן ריינע וואַסער, און איר וועט גערייניקט ווערן. און איך וועל אייך געבן אַ ניי האַרץ און אַ נייעם גייסט וועל איך אייך שענקען; אייער שטיינערן האַרץ וועל איך ביי אייך אָוועקנעמען און אָנ־שטאָט אים וועל איך אייך שאַפֿן אַ האַרץ פֿון פֿלייש... און איר וועט וואוינען אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב געגעבן אייערע אורעלטערן, איר וועט זיין מיין פֿאָלק און איך וועל זיין אייער גאָט... איך וועל די שטעט באַזעצן, און די חורבות וועלן אויפֿגעבויט ווערן און די צעטראָ־טענע פֿעלדער וועלן באַאַרבעט ווערן, און אַלע וועלן זאָגן — אָט איז דאָס וויסטע לאַנד, ווי דער גאָרטן פֿון עדן איז עס געוואָרן..."

די אויפֿגעלעבטע מלוכה פֿון יהודה, אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון דעם נביא, טראָגט דעם כאַראַקטער פֿון אַ שטרענגער טעאָקראַטיע (די הער־שאַפֿט פֿון גייסטלעכע). דאָס איז נישט אַזוי פֿיל אַ פּאָליטישע, ווי אַ רע־ליגיעזע אויפֿלעבונג. ירושלים — דאָס איז די קינפֿטיקע גייסטיקע הויפּט־שטאָט, ווייל דאָרט געפֿינט זיך דער בית־המקדש. אין די לעצטע קאַפּיט־לען פֿון „ספֿר יחזקאל" געפֿינט זיך אַן אויספֿירלעכער פּלאַן פֿון דעם צוקונפֿטיקן בית־המקדש אין ירושלים מיט די באַשרייבונגען פֿון דעם

אויסערלעכן בוי־אויסזען און דער אינערלעכער באַפּוצונג. די קרבנות און די צערעמאָניע אין בית־המקדש פאַרנעמען אין דעם לעבן פון דער קינפטיקער גייסטיקער מלוכה דעם וויכטיקסטן אָרט, לויט יחזקאלס נבואה. אין דער הינזיכט גייט זיך דער דאָזיקער נביא פאַנאַנדער מיט זיינע פאָרגייערס. אויך אין דעם טאָן פון זיינע רעדעס אונטערשיידט זיך יחזקאל פון די איבעריקע נביאים: ער איז שטענדיק באַהערשט פון אַ מיסטישער שטימונג. זיינע פאַרזאָגונגען טראָגן שוין אַ משיחדיקן, נסימ־דיקן כאַראַקטער; די צוקונפט איז איינגעהילט אין אַ פאַנטאַסטיש קלייד. דאָס איז געווען אומפאַרמיידלעך אין דער צייט, ווען אַלץ אַרום איז געווען אַזוי טונקל און פול מיט רעטענישן, ווען נאָר די פלאַמענדע פאַנטאַזיע האָט געקאָנט אָפּווענדן די געדאַנקען פון דער טרויעריקער ווירקלעכ־קייט. די דערהויבענע משיחישע רעדעס פון יחזקאל האָבן געגעבן די יהודים די קראַפט איבערצוטראָגן די ליידן פון צעשיידונג מיט דעם אייגענעם לאַנד און געשטיצט אין זיי זייער אפילו אומדייטלעכן גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט. דעם נביאס רייד האָבן געטרייסט, געמונ־טערט, געוועקט די האָפענונגען. און אויב די אמתע גאולה איז נאָך גע־ווען ווייט, האָבן דאָך די פאַרטריבענע אינגיכן געקומען דערפילן אַ דער־לייכטערונג אין זייער לאַגע. איבערהויפּט האָט זיך זיי אָנגעהויבן פיל לייכטער צו אָטעמען נאָך דעם טויט פון נבוכדנאצר (אין יאָר 561).

נבוכדנאצרס זון און יורש אויל־מרודך איז גאָרנישט געווען ענלעך צו זיין פאָטער. ער האָט נישט געהאַט נישט קיין העלדישן כאַראַקטער, נישט קיין תאוה צו מלחמה און בכלל האָט ער זיך ווייניק געזאָרגט פאַר די אינטערעסן פון זיין מלוכה. אין זיין הויף האָבן זיך געפונען יידישע יונגע קינדער, פון דער קעניגלעכער פאַמיליע אין ירושלים, וועלכע האָבן פאַרטרעטן הויכע שטעלעס. דער מלך אויל־מרודך האָט זיך געפונען אינ־גאַנצן אונטער דעם איינפלוס פון איינעם פון די דאָזיקע יידישע שרים, וועלכער האָט ביי אים שטאַרק נושא־חן געווען און איז גיך געוואָרן דעם מלכס ליבלינג; ער האָט געווירקט אויף אויל־מרודכן, אַז ער זאָל זיך באַגיין מיט חסד מיט דעם געפאַנגענעם מלך יהויכין, וועלכער איז פאַר דאָס גאַנצע לעבן פון נבוכדנאצר פאַרשלאָסן געזעסן אין אַ פינסטערער פעסטונג. אויל מרודך האָט נאָך אין דעם ערשטן יאָר פון זיין הערשן איבערן לאַנד באַפרייט יהויכינען פון דער תפיסה, וואו ער איז געווען

פאַרשפּאַרט זיבן און דרייסיק יאָר, מיט אים פריינטלעך געשמועסט, אים געשאָנקען קעניגלעכע קליידער, געלאָדן צו זיין טיש און צופרידנ־געשטעלט אַלע זיינע באַדערפעניש. ביי יעדער אומגעוויינלעכער פייע־רונג, ווען אַרום אים פלעגן זיך פאַרקלייבן די גרעסטע מדינה־לייט, פלעגט דער מלך פון בבל אים באָערן מיט אַ מער בכבודיקן אָרט, ווי די איבעריקע שרים, צו וועלכע ער איז געניגט געווען. אומעטום איז באַ־וואוסט געוואָרן, אַז דער געוועזענער מלך פון יהודה האָט זוכה געווען צו אַ באַזונדערער פריינדשאַפט פון דעם הערשער אין לאַנד. ס'איז נישט געווען קיין צווייפל אין דעם, אַז אַ שטראַל פון דער דאָזיקער פריינט־שאַפט איז אויך געפאַלן אויף די איבעריקע קרובים פון יהויכינען, ווי אויך אויף דעם גאַנצן פאַרטריבענעם פאָלק. צווישן די יידן האָט דאָן שוין געגעומען טליען אַ פונק פון האָפענונג אויף אַ נאָענטער אויסלייזונג. ווער ווייסט, אפשר וואָלט אויל־מרודך, אין זיין ליבלעכער שטימונג צו די פאַרטריבענע, דערגאַנגען ביז צו דעם, פריי צו לאָזן דאָס געפאַנגענע פאָלק, אומצוקערן אים אין זיין לאַנד און ארויפזעצן צוריק אויפן טראָן אין ירושלים זיין באַליבטן יהויכין? דער טויט האָט אָבער די דאָזיקע אילוזיעס צעשטערט. נאָך אַ צוויי־יאָריקן הערשן איז אויל־מרודך געטויט געוואָרן דורך זיין איידעם נרגל־שראצר (560־טן יאָר).

נאָר נישט געקוקט אויף די אָפּגעגאַרטע האָפענונגען, זיינען דאָך די בעסטע עלעמענטן פון דער יידישער פאַרטריבענער קהלה אַלץ מער דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דער אידייע פון דער אייביקייט פון אברהמס קינדער. די לערע פון די נביאים האָט אַלץ טיפערע וואָרצלען געלאָזן אין דעם באַוואוסטזיין פון פאָלק. צווישן די פאַרטריבענע איז דענסט־מאָל געשאַפן געוואָרן די געשיכטע פון ישראל פון צייט עס האָט אָנגע־פאַנגען עקזיסטירן ווי אַ פאָלק ביז דעם חורבן. ווי ס'ווייזט אויס, זאָל דאָס האָבן געשריבן ברוך בן־נריה, ירמיהו הנביאס אַ תלמיד. דערביי האָט ער זיך באַנוצט מיט די היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען געווען גע־זאַמלט נאָך פון די פאַרגאַנגענע דורות; דאָס איבעריקע האָט ער אליין צוגעגעבן, וואָס ער האָט אליין מיט די אויגן געזען. די גאַנצע געשיכטע, וועלכע אנטהאלט אין זיך די ספרים: יהושע, שופטים, שמואל און מלכים, באַצויבערט מיט איר פשוטער הייליקייט אינעם טאָן און אין דער שפּראַך ,און איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיט איין אידעע, וועלכע איז

אייגנטלעך שטענדיק אַנטוויקלט געוואָרן דורך די נביאים: די אַלע פּאַ־סירונגען פון פאָלק זיינען פעסט צוזאַמענגעבונדן מיט די מעשים פון פאָלק: די געהאָרכזאַמקייט צו גאָט פירט צום גליק, דאָס ווידערשפּע־ניקן אין אים פירט צום אומגליק. די געשיכטע איז געוואָרן דאָס צווייטע פאָלקס־בוך פאַר די פאַרטריבענע; זיי האָבן נישט בלויז מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט עס געלעזן, נאָר געגומען נאָענט צום האַרץ יעדע שורה און זיך געמיט אריינצודרינגען אין דעם טיפן געדאנק. די לויים, וועלכע זיינען געווען געניט אין דער קונסט פון שרייבן האָבן איבערגע־שריבן די דאָזיקע געשיכטע אין פיל עקזעמפּליאַרן און עס פאַרשפּרייט צווישן דער פאַרטריבענער געמיינדע, און זי האָט די פאַרשטיינערטע הערצער פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע און אריינגעאָטעמט אין זיי אַ נייעם לעבנס־שטראָם.

דאָס שטענדיקע פאַרטיפן זיך אין דער דאָזיקער היסטאָרישער שאַפונג האָט געבראַכט דעם פאָלק צום פאַרטראַכטן זיך און צו טיפער חרטה אויף דער לאַנגיאָריקער זינדיקייט און רעליגיעזער פאַרדאָרבנ־קייט. די פאַרגאַנגענהייט פון געצנדינעריי און אומדאַנקבאַרקייט צום אמתן גאָט האָבן אַ סך פון יענע, וועלכע האָבן באַגריפן די גרויסקייט פון די זינד, געמיינט אויסצוקויפן מיט טרערן פון טיפן פאַרדרוס. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די שרעקלעכע קלעפּ, וואָס האָבן זיך אויף זיי געשאָטן, זיינען געווען פאַרדינטע, נישט קיין אומזיסטע. „גאָט איז זיך מיט זיי באַגאַנגען לויט זייערע טאָטן און אומרעכטן" און דאָס מוז פאַרגעבן ווערן נאָר דורך געבעט און תשובה. די פיר יאָר פון די לעצטע פאָלקס־אומגליקן פאַר דער לעצטער עפּאָכע — דער טאָג, אין וועלכן נבוכדנאצר האָט אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פון ירושלים, דעם צענטן טבת), דער טאָג פון נבוכדנאצרס נצחון, — דעם זיבעצנטן תמוז, דער טאָג פון חורבן בית־המקדש — דער ניינטער אב, און דער טאָג פון גדליהוס טויט — דער דריטער תשרי — אָט די דאָזיקע פיר טעג אין יאָר האָבן די פאַרטריבענע באַשטימט ווי טרויער־טעג. אין די דאָזיקע טעג פלעגן זיי פאַסטן און וויינען, קליידן זיך אין שוואַרצן, זיצן אין אַש און אין פולן צער האַלטן די קעפּ צו דער ערד אַראָפּגעלאָזן, צו די דאָזיקע טרויע־ריקע טעג האָבן די לויים, באַגייסטערטע פון דעם פאָלקס־אומגליק, צו־געפּאַסט פיל יאָמערלעכע געזאַנגען (תהלים), וועלכע האָבן אַרויסגערופן

אַ ביטערע חרטה אויף דעם פאַרגאַנגענעם. אין די דאָזיקע געזאַנגען ווערט באַוויינט דער חורבן פון ירושלים, דער פאַרברענטער בית־המקדש, די לאַגע פון די פאַרטריבענע, און זיי פלעגן וועקן אין די הערצער פון די פאַרטריבענע די ליבע צו זייער פאַרוויסט לאַנד, די בענקשאַפט צו די שטיינער פון דער צעשטערטער הויפּטשטאָט, צו די איינגעפאַלענע חור־בות. אונטער דעם אימפּולס פון די דאָזיקע תהלות האָבן זיך פאַרמירט גאַנצע גרופּעס פון ״אבלי־ציון״, וואָס זייער נשמה איז געווען אַנגעפילט מיט ירושלים. דער משורר, וועלכער האָט אַזוי קלאָגלעך־פּאַטעטיש אויס־געדריקט די דערינערונגען פון דעם הייליקן לאַנד, האָט איבערגעגעבן די שטימונג פון די ״אבלי־ציון״ אין די ווייטערדיקע בילדער:

בײַ די טײַכן פון בבל דאָרט זיינען מיר אַלע געזעסן,
און מיר האָבן געוויינט, אין ציון דערמאָנענדיק זיך.
אויף די ווערבעס פון טײַך האָבן מיר אונדזערע האַרפּעס געהאנגען
אונדזערע פאַנגערס דאָרט האָבן פון אונדז דאָן געזאַנגען געפאָדערט—
אונדזערע מערדער דאָרט האָבן אונדז דאָן זיין־פריילעך געהייסן:
„איר זאָלט זינגען פאַר אונדז די געזאַנגען פון ציון!״
אין אַ פרעמדן לאַנד געטלעכע לידער ווי קאָנען מיר זינגען?!
אָ, פאַרגעסן זאָל ווערן מיין האַנט די רעכטע,
אויב איך וועל, ירושלים, אָן דיר נאָר פאַרגעסן —
זאָל מיין צונג זיך באַהעפטן צום גומען,
אויב דערמאָנען וועל איך דיך נישט אייביק!...

די, וואָס האָבן געטרויערט נאָך ציון פלעגן אין דער צייט פון תפלה זיך ווענדן מיטן געזיכט צו ירושלים, ווייל דאָס אָרט, אויף וועלכן עס איז פריער געשטאַנען דער בית־המקדש, האָט נאָך אין זיך אַנטהאַלטן זיין הייליקייט און מען האָט געקענט האָפן, אַז גאָט וועט פון דאָרטן צו־הערן דאָס געבעט פון די פאַרטריבענע, וואָס זוכן אים און בענקען נאָך אים. אַזוי ווי די גאָסטפאַרכטיקע האָבן אין דער פרעמד נישט געקענט ברענגען קיין קרבנות פאַר גאָט, האָבן זיי ביסלעכווייז זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז תפלה קאָן אינגאַנצן פאַרבייטן אַ קרבן. צו מתפלל זיין פלעגן זיך אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע צאָל דריי מאָל טעגלעך צו־זאַמען פאַרקלייבן און דער בית־תפלה האָט זיי געדינט אנשטאט אַ בית־המקדש.

די יידישע רעליגיע איז געוואָרן אין אַ קורצער צייט זייער באַ־קאַנט אין בבל; די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך צו איר באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ; פיל האָבן אליין אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. דאָס האָט ביי די פרומע פאַרטריבענע געוועקט זייער נאַציאָנאַלן שטאָלץ. די פאַרטריבענע אַריסטאָקראַטן זיינען אָבער מייינסטנס געבליבן, ווי פריער, פאַרדאָרבן און מאָראַליש געפאַלן. די ריזיקע הויפּטשטאָט בבל און די וואַקסנדע כאַלדעאישע מאַכט האָט געגאָסן איר גאָלדענעם רעגן אויף די העכערע קלאַסן, אויפגעדעקט פאַר זיי ווייטע, ברייטע פּערספּעקטיוון און געגעבן זיי די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע כוחות. אין דער מלוכה פון בבל האָט געבליט דער האַנדל, די ערד איז געווען זייער אַ פרוכטבאַרע און פאַרשידענע אויסגעאַרבעטע מאַטעריעס, וועלכע זיינען זייער גאַנגבאַר געווען אין די אַרומיקע לענדער, האָבן אַנגעפילט דאָס לאַנד. בבל אליין איז געווען זייער אַ באַדייטנדער האַנדלס־פּונקט. די רייכערע, פאַרמעגלעכע יהודים האָבן גיך זיך באַקאַנט מיט די באַדינ־גונגען פון דעם דאָרטיקן מסחר און האָבן זיך מיט אים באַשעפטיקט.

אויף אַזאַ אופן האָבן די יידישע סוחרים זיך דערשלאָגן צו גרויסער עשירות, און ממילא אויך צו לוקסוס און צו גרויסער אויסבערענגעריי. די רייכע יהודים פלעגן נאָכטון דעם אויסגעאיידעלטן אַרט לעבן פון די בבליים, האָבן אויך אָנגענומען דעם קולט פון געצנדינעריי, פלעגן צו־גרייטן אַ טיש מיט מאכלים פאַר דעם גאָט פון גליק (גד), פלעגן גיסן בעכערס וויין פאַר דער געטין פון שיקזאַל (מני), כדי זי זאָל זיי העלפן אין זייערע אונטערנעמונגען.

אויף אַזוי ווייט האָבן זיך די פאַרמעגלעכע יידן צוגעוואוינט צו די באַדינגונגען פון לעבן אין גלות, אַז זיי האָבן ענדלעך אינגאַנצן פאַר־געסן אין זייער פאָטערלאַנד און אין ירושלים, וועלכע זיינען נאָך אָט גאָר נישט לאַנג געווען פאַרערכנט פאַר דעם ענדציל פון זייערע אַלע שטרע־בונגען. איצט האָבן זיי פון דעם נישט געוואָלט וויסן, נישט געוואָלט הערן און געדענקען. זיי האָבן געוואָלט זיין און אויף אייביק פאַרבלייבן בבליער און זיי האָבן אָפּגעלאַכט פון די, וועלכע האָבן נאָך געחלומט וועגן ירושלים. דאָס איז געווען אַ שוידערלעכער פלעק אויף דער ליכ־טיקער פּאָן פון דער איבערגעביטענער שטימונג צווישן די פאַרטריבענע דער קעגנזאַץ איז געווען צו שאַרף. פון איין זייט האָט געבליט די פרומ־

קייט, דער פלאַמענדער אייפער פאַר דעם יידישן גלויבן, די אידעאַלע שטרעבונג צו ירושלים; און פון דער צווייטער זייט — תאוה, דאָס נאָכ־יאָגן זיך נאָך תענוגים און דאָס פולשטענדיקע פאַרגעסן די אַלטע דעראַי־נערונגען. אין דעם לאַגער פון די פאַרטריבענע האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי פאַרפרעמדטע קלאַסן ,וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך נאָר דורך זייער אָפשטאַמונג, און בנוגע צו די געוויסע פאַסירונגען און דערשיינונגען אין זייער לעבן, צו זייערע האָפענונגען, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, האָבן זיי איינע די אַנדערע נישט געקאָנט פאַרשטיין. אין דער צייט ווען אַ טייל האָט באַוויינט ציון און האָט זיך געטרייסט אין דער שטיל מיט דער האָפנונג אויף אַ בעסערער צוקונפט, פלעגן די אַנ־דערע, גאָרנישט קלערן וועגן דער דאָזיקער צוקונפט און וועגן דעם חורבן פון זייער לאַנד און פאַרברענגען זאָרגלאָז די צייט אין פאַרגעניגנס און לוסטיקייטן.

דער דאָזיקער ווידערשפרוך האָט זיך נאָך קלאָרער אַרויסגעוויזן אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע פאַסירונגען. אין אַ יאָר זעקס אַרום, נאָך דעם געוואַלט ־ טויט פון אויל־מרודך, האָט פאַרנומען דעם טראָן אין בבל איינער פון די כאַלדעאישע מאַגנאַטן, מיטן נאָמען נאַבאָנאַד (555־טן יאָר). מיט אייניקע יאָר פריער האָט דער באַרימטער פערסישער העלד כרש אַראָפּגעוואָרפן פון טראָן דעם מלך פון מדי, אַסטיאַג, און האָט ביי אים אָפּגענומען דאָס גאַנצע לאַנד מדי מיט זיין הויפּטשטאָט עכטאַבאַנאַ מיט די אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצן און גע־מאַכט עס אָפּהענגיק פון פרס. די מאַכט פון פרס האָט דאַן אָנגעפאַנגען אומגעהויער שנעל צו וואַקסן; כרש האָט זיך באַשעפטיקט מיט זייער ברייטע פּלענער וועגן באַקעמפן די אַרומיקע מלוכות. די פרומע און די איבעראַשטע יידן האָבן זיך זייער אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו די דאָ־זיקע דערשיינונגען, געוואַרט, אַז די פּאָליטישע איבערקערעניש אין אַזיע זאָל זיי אויך ברענגען עפּעס אַ ישועה. דערווייל האָט זיך זיי אָבער אין גלות נישט גוט געלעבט. די האָפענונגען, וואָס זיי האָבן געלייגט אויף מרודך־בלאַדן זיינען מיט אים צוזאַמען אין דער ערד פאַרזונקען געוואָרן. נאַבאָנאַד האָט בשום אופן נישט געוואָלט באַפרייען די געפאַנגענע פון גלות, כאָטש אַ געוויסן טייל פון די געפאַנגענע פעניציער האָט ער יאָ געלאָזט זיך אומקערן אין זייער פאָטערלאַנד און דערלויבט אויסצוקלייבן

פון זייער מיט אַן אייגענעם מלך. דאָס האָט אין די הערצער פון די ברענענדיקע נאַציאָנאַליסטן־יהודים אַרויסגערופן אַ פייערדיקע פיינטשאַפט צו בבל און צו איר מלך. זיי האָבן גאָרנישט געזוכט די דאָזיקע שנאה צו באַהאַלטן. און זי האָט זיך אָפן אויסגעדריקט אין טאַטן און אין ווערטער. צו דער פיינטשאַפט האָט אין אַ געוויסער מאָס געבראַכט די פּאָרטריבענע, — ביי וועלכע ס׳איז אַלץ מער געשטאַרקט געוואָרן זייער אמונה — אויך דער עקל, וואָס זיי האָבן געפילט צו דער אַרומיקער געצנדינעריי, מיט וועלכער בבל איז געווען איבערפולט און מיט וועלכער זי האָט אפילו שטאָלצירט. די יהודים פלעגן גאַנץ אָפן אַרויסזאָגן זייערע איבערציי־גונגען פאַר די כשדים.

,,זאָגט זיי: די געטער ,וועלכע האָבן הימל און ערד נישט באַשאַפן, וועלן אונטערגיין!״ — האָט פאַר זיינע חברים אַ רעדנער געפּרעדיקט מיט היץ. די יהודים האָבן אָפּגעלאַכט פון דעם כאַלדעאישן (כשדישן) געטער־דינסט ,געלאַכט פון די פאַרגעטערטע קלעצער, וועלכע זיינען באַפוצט מיט גאָלד און מיט זילבער און צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס, זיי זאָלן זיך נישט וואַקלען, אָדער וועלכע מען טראָגט אויף די הענט, ווייל זיי קאָנען אַליין נישט גיין. די שטימען פון די נביאים פלעגן פאַרזאָגן, אַז אינגיכן מוז פאַלן דאָס דאָזיקע לאַנד, וואָס איז איבערפולט מיט געצנדינעריי און אַלע אַנדערע פאַרדאָרבנקייטן. איין נביא האָט געזאָגט, אַז דער שיקזאַל פון סדום און עמורה וועט גרייכן אויך די מלוכה פון די כשדים. ווילדע חיות וועלן זייערע נעסטן זיך בויען אין די פּאַלאַצן פון בבל. דעם מלך אליין האָט ער פאָראויסגעזאָגט אַ שרעקלעכן סוף. צוקוקנדיק זיך צו כרשס מאַרשרוט איבער אַזיע, האָבן די נביאים געזאָגט, אַז בבל מוז ענדלעך אַרונטערפאַלן אונטער דער אויבערמאַכט פון פרס.

ווען נאַבאָנאַד האָט זיך דערוואוסט פון די דאָזיקע דרייסטע רעדעס, איז ער געוואָרן זייער אויפגערעגט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע רדיפות, קודם כל קעגן די נאַציאָנאַליסטן און פרומע; אכזריותדיקע טויט־שטראָפן האָט מען אָנגעווענדעט קעגן זיי, אַזוי ווי דער שיקזאַל וואָלט געוואָלט זיי אויספּרואוון און אויסלייטערן דורך פיין. אויף פיל איז אַרויפגעלייגט געוואָרן שווערע צוואַנגס־אַרבעט, פון וועלכע אפילו פרויען און אַלטע לייט זיינען נישט געוואָרן באַפרייט. מיט אַנדערע ווידער, איז מען זיך באַגאַנגען נאָך שטרענגער. מען האָט זיי געוואָרפן אין פינסטערע

גריבער, מ'האָט זיי געשלאָגן און געפּייניקט מיט אַלערליי יסורים. די ,וועלכע האָבן געוואַגט צו ריידן וועגן דער קינפטיקער מפּלה פון דעם כאַלדעאישן פאָלק, וועגן דער נידעריקייט פון דאָס געצנדינעריי או"וו זיינען דורך מיתות־משונות געטויט געוואָרן. אַן אייניקל פון דעם געוועזענעם כהן־גדול, וועלכער האָט מיט זיין לעבן באַצאָלט ביים חורבן פון ירושלים, — מיטן נאָמען יהושע בן־יהוצדק, האָט מען געהאַט פאַרמשפּט צום טויט דורך פאַרברענען און אויף זיין בצול־ווערן האָט מען געקוקט, ווי אויף אַ נס. די דאָזיקע אַלע רדיפות האָבן די ענוים (די פרומע) אָריבערגעטראָגן מיט אַן אומגעהויערער געדולד און פעסטן כאַראַקטער. אַ נביא פון יענער צייט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים איבערגעליטן יסורים און פּיין פאַר דער אמונה, האָט געשילדערט די ליידנדע אין קורצע נאָך רירנדע שטריכן. באַטראַכטנדיק די ענוים ווי אַ קערנדל פון פאָלק, רעדט ער וועגן זייערע ליידן, ווי וועגן די ליידן פון גאַנצן יידישן פאָלק:

,,פאַרהאַסט און פאַרגעסן צווישן מענטשן, האָט איבערגעטראָגן ליידן, דורכגעדרונגען מיט וויטיקן... האָט ער, אַ געדריקטער און אַ געפּייניקטער, קיין מויל נישט געעפנט; אַזוי ווי אַ שעפעלע, וועלכע ווערט צום שלאַכט געפירט, שטום, ווי אַ שעפס ביים שערן, האָט ער קיין מויל נישט געעפנט..."

פאַר די יידן אין בבל זיינען אָנגעקומען שלעכטע צייטן, וועלכע האָבן אין פיל הינזיכטן דערמאָנט די צייטן פון גלות אין מצרים. דער אונטערשיד איז נאָר געווען אין דעם, וואָס, אנשטאט קנעכטשאַפט און געצוואונגענע אַרבעט ביי די געביידעס און אויף די פעלדער, האָט די יידן אין בבל דערוואַרט טורמעס און טויט, און די, וועלכע האָבן זיך אנטזאגט פון זייער נאַציאָנאַליטעט און זייער גלויבן, האָבן געלעבט אין זיכערקייט און רו. גאַנץ בבל איז דורכגענומען געוואָרן מיט איין אומאויפהערלעכן הימלשרייענדיקן יאָמער. די פינסטערע שטימונג פון די פרומע צוזאַמען מיט זייער טיפן גלויבן און האָפן אויף אַ גאולה איז פולשטענדיק אויסגעדריקט אין די קאַפּיטלעך תהלים, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן צו יענער צייט. אַ טייל יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט טראָגן צוזאַמען די ליידן פון די דאָזיקע מענטשן און אויך נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע טאַטן קעגן די כאַלדעאישע הערשער און וואָס האָבן זיך שוין גאַנץ וואַרעם און רואיק איינגעאָרדנט אין בבל, זיך

אַלץ מער און מער פֿאַרפֿרעמדט פֿון זייערע ברידער און זיך אַלץ פֿעס־טער און פֿעסטער פֿאַרייניקט מיט די בבליים. נאָך מער: זיי אַליין האָבן געהאָלפֿן פֿאַרפֿאָלגן די נאַציאָנאַליסטן און דורך דעם פֿיל פֿאַר־ערגערט זייער לאַגע. זיי האָבן געקוקט אויף די פֿרעמדע, ווי אויף משוגעים, וועלכע מען מוז טאַקע מאַכן אומשעדלעך. ווי אַ באַלוינונג פֿאַר זייער פֿאַרפֿרעמדקייט צו זייערע אייגענע ברידער, פֿאַר זייער פֿאַראַט קעגן זייער נאַציאָנאַליטעט, האָבן די בבליים נאָך מער פֿאַרזיכערט זיי־ער עקזיסטענץ: די פֿרייַנט פֿון די בבליים האָבן געקליבן אוצרות אין לאַנד און זיך געפֿרייט מיטן אייגענעם גליק.

דער דערפֿאָלג און דער וואוילשטאַנד פֿון די פֿאַרעטער — ווי די פֿרומע האָבן זיי גערופֿן — און פֿון דער צווייטער זייט די שרעקלעכע לאַגע פֿון די טרייע דינער פֿון גאָט האָבן אַרויסגערופֿן פֿאַרשידענע ספֿקות ביים המון, וועלכער האָט מיטגעפֿילט די פֿרומע, נאָר האָט דאָך נישט געקאָנט זיך אויפֿהויבן ביז צו דער מדרגה פֿון שטאַנדהאַפֿטער איבערצייגונג. די לערער פֿון פֿאָלק האָבן זיך געמיט איינצופֿלאַנצן דעם געדאַנק, אַז דאָס גליק, וועלכער ווערט דערגרייכט דורך דעם, וואָס עס ווערט פֿאַרלאָזן די תורה פֿון גאָט, דער גלויבן און די האָפֿנונג אין אים — אַז דאָזיקע גליק איז אַ צייטווייליקס, אַ פֿאַרביילויפֿנדיקס. די משוררים פֿון תהלים האָבן געזאָגט אין טיפֿסטער איבערצייגונג: „ווען די רשעים זאָלן אפֿילו וואַקסן ווי גראָז, וועלן זיי דאָך, אויך אַזוי ווי גראָז, גיך פֿאַרוועלקט ווערן“. די קלוגע און ווייטזיכטיקע האָבן געלערנט די משוררים — דאַרפֿן זוכן דאָס גליק נישט אין דער אומדויערהאַפֿ־טיקער קעגנוואַרט, נאָר אין דער צוקונפֿט. די פֿרומע, וועלכע ווערן איצט געפּייניקט, מוזן זיך אַלזאָ טרייסטן מיט דער גאולה, וואָס עס דערוואַרט זיי נאָכהער:

„די טרייע צו גאָט וועלן פֿון דאָסניי דאָס לאַנד באַזעצן
די פֿרומע וועלן אויף אייביק, אייביק דאָרט בלייבן —
די רשעים וועלן עס אָבער קיינמאָל, קיינמאָל ניט זען מער!“...

דערווייל איז די פּאָליטיק אין דער פֿאָדערשטער אַזיע אַלץ מער פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן. עס איז אַלץ נענטער געקומען דער מאָמענט, וועל־כער האָט געזאָלט באַשליסן דעם שיקזאַל פֿון דער כאַלדעאישער מלוכה, ווי אויך דעם שיקזאַל פֿון די פֿאַרטריבענע. דער העלד כרש האָט זיך

אַלץ פּלייסיקער געגרייט צום אָנפאַל אויף בבל. די האָפענונגען פון די נאַציאָנאַליסטן זיינען אַלץ דרייסטער געוואָרן. כרשס נאָמען איז אַלץ מער באַרימט געוואָרן. צווישן די פּאַרטריבענע איז קלאָר געוואָרן דער כאַראַקטער פון דעם יונגן העלד. זיין גרויסמוט, זייט גוטהאַרציקייט, צוזאַמען מיט זיין העלדישקייט האָט געלאָזט דערוואַרטן פון אים זייער פיל. די שטים פון די גאולה־נביאים איז געוואָרן אַלץ הילכיקער. נאָך מיט מער מוט, ווי פריער, האָבן זיי גערעדט וועגן דער נאָענטער נקמה, וואָס גאָט נעמט פון בבל פאַר דער שאַנד פון ציון, וועגן דער נאָענטער דערלייזונג.

צווישן די גאולה־נביאים האָט זיך דענסטמאָל איבערהויפּט אויס־געצייכנט איינער, וועמענס נאָמען עס איז צו אונדז נישט דערגאַנגען, נאָר וועמענס נבואה־רעדעס עס קענען דינען ווי אַ קרוין פון רוח הקודש; די דאָזיקע נבואה־רעדעס זיינען צוגעגעבן געוואָרן צום ״ספר ישעיה״. צוליב דעם דאָזיקן אומשטאַנד, ווערט דער אומבאַוואוסטער זשעני אָנ־גערופן „ישעיה דער צווייטער״.

דער דאָזיקער נביא, וועלכער האָט געלעבט צווישן די פּאַרטרי־בענע אין בבל איז געווען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט דעם אי־דעאַל פון פּאָליטישער און גייסטיקער באַנייאונג פון זיין פאָלק. אויב אין די רעדעס פון יחזקאל שפּיגלט זיך אָפּ די לאַנגע נאַכט פון געפענ־געניש, מיט אירע מיסטישע זעאונגען און געשפענסטער, שיינט אין ישעיהו דעם 2־טנס נביאות דער גלאַנץ פון דעם אויפגייענדן מאָרגנ־שטערן, הערט זיך אין זיינע רעדעס דער מונטערנדער אויפרוף צו באַ־פרייאונג, צו אַ ניי לעבן, צו ברייטער נאַציאָנאַלער טעטיקייט. דער נביא הערט גאָטס שטים, וועלכע ווענדעט זיך צו די אָנפירער פונעם יידישן פאָלק:

„איר זאָלט טרייסטן, איר זאָלט טרייסטן מיין פאָלק. רעדט צו דעם האַרץ פון ירושלים, מאַכט אים וויסן, אַז איר טערמין איז שוין גע־ענדיקט, אַז אירע זינד זיינען שוין פאַרגעבן ,אַז פון אירע אַלע פאַרברעכנס איז זי שוין פון גאָט באַצאָלט געוואָרן דאָפּלט... עס רופט אַ שטים: אין דער וויסטעניש (צווישן בבל און יהודה) מאַכט ריין גאָטס וועג, מאַכט גלייך דעם שטעג פאַר אונדזער אַלמעכטיקן... גייט אַרויס פון

בבל, לויפט פון כשדים — מיט לויב, מיט געזאנג, זאָגט: דער גאָט יהוה האָט באַפרייט זיין קנעכט יעקבן!"

דער שליח פון גאָט ווילן אין דער דאָזיקער איבערקערעניש איז געווען דער פערסישער קעמפער כרש: „אזוי האָט גאָט געזאָגט וועגן זיין געזאַלבטן כרש: איך האָב באַפעסטיקט זיין רעכטע האַנט, אים אונטער־טעניק געמאַכט פעלקער, אנטוואָפנט מלכים, געעפנט פאַר אים די טירן און אַראָפּגענומען די ריגלען פון די טויערן פון די מלוכות... דאָס אַלץ האָב איך געטון צוליב מיין קנעכט יעקבן און מיין אויסדערוויילטן ישראל. און זאָל מען וויסן פון מזרח ביז מערב, אַז אויסער מיר איז — גאָרנישט, אַז איך, יהוה, בין גאָט און מער איז נישטאָ. איך באַשאַף ליכטיקייט און מאַך פינסטערניש, שאַף פרידן און ברענג אומגליק... איך האָב די ערד געמאַכט און באַשאַפן דעם מענטשן אויף איר. מיינע הענט האָבן אויסגעברייט דעם הימל־געוועלב און איך האָב זיינע פלאַ־נעטן פאַרזעצט, איך האָב כרשן דערהויבן צוליב גערעכטיקייט און אַלע זיינע וועגן וועל איך גלייך מאַכן; ער וועט אויפבויען מיין שטאָט און מיינע פאַרטריבענע וועט ער פריי לאָזן..."

אין אַלע נבואה־רעדעס פון ישעיה דעם צווייטן אַנטוויקלט זיך דער ווייטערדיקער לאָגישער אידעען־גאַנג. די יידישע נאַציע האָט אויס־געקויפט אירע זינד אין גלות און לויט גערעכטיקייט מוז זי שוין ענדלעך באַפרייט ווערן. דער פאַרמיטלער אין דעם דאָזיקן אַקט פון באַפריי־אונג איז כרש. אַ סך האָט געקאָנט וואונדערן דער אומשטאַנד, וואָס אַזאַ הייליקע מיסיע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן נישט אויף אַ יידן גופא, נאָר אויף אַ פרעמדן. נאָר דער נביא דערקלערט, אַז יהוה האָט צום באַפרייען זיין פאָלק בכיון אויסגעקליבן יענעם גרויסן קעמפער, וועלכער האָט איבערגעביטן די גורלות פון די מלכים און מלוכות. די אויבגע־ציטערטע וועלט זאָל זען, אַז דער זעלביקער גאָט, וועלכער האָט איבער־געגעבן די מעכטיקסטע מלוכות אין כרשס הענט, האָט דעם לעצטן גע־מאַכט אויך פאַר זיין שליח צו מאַכן אויפלעבן די קליינע יידישע נאַציע, אַז די שטאָלצע בבל פאַלט, כדי די יידישע געפאַנגענע זאָלן באַפרייט ווערן. דאָס וועט אַלעמען איבערצייגן, אַז דער גאָט פון יידן איז צוזאַ־מען דערמיט אויך דער פירער פון אַלע אַנדערע פעלקער. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? דערפאַר וואָס דער גאָט פון יידישן פאָלק איז נישט גע־

מאַכט דורך מענטשן־הענט, אַזוי ווי אַלע געטער, נאָר ער אליין איז דער שעפער פון הימל און ערד, ער איז דער מנהיג פון דער וועלט און מענטשן, וואָס דאָס קענען נאָר באַגרייפן אויסדערוויילטע מיט זייער מוח.

„מיט וועמען קאָנט איר גאָט פאַרגלייכן ? וואָס פאַר אַ בילד קאָנט איר פון אים באַטראַכטן ? מיינט איר דען אַז ער איז ענלעך צו דעם געץ, וועלכן עס האָט אַ מייסטער פון מעטאַל אויסגעגאָסן און וועלכן אַ גאָלד־שמיד האָט מיט גאָלד באַדעקט, מיט גאָלדענע קייטן צוגעשמידט ? איז אייך דען שוין לאַנג נישט צו־וויסן געגעבן געוואָרן ? איז אייך דען נאָך נישט קלאָר די וועלט־אויפבויאונג ? גאָט איז יענער, וועלכער זיצט אויף דעם קרייז פון דער ערד, קעגן וועמען אירע באַזיצער זיינען געגליכן צו פליגן, יענער, וועלכער האָט פאַרשפרייט דעם הימל, ווי אַ וועלבונג, וועלכער האָט אים פאַנאַנדערגעוואָרפן, ווי אַ געצעלט, פירשטן פאַר־וואַנדלט ער אין גאָרנישט און ערדישע פירער — אין כאַאָס״...

אַלזאָ, די אידעע פון וועלט־באַשאַפער ,די אידעע פון דער העכס־טער סובסטאַנץ, וואָס פירט אָן מיט דעם שיקזאַל פון דער מענטשהייט און דער באַגריף וועגן יהוה, דער ספּעציעלער באַשיצער פון ישראל — גיסן זיך צוזאַמען אין איין אידעע פון אַ וועלט־גאָט. דער נאַציאָנאַלער גאָט פון יידן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אוניווערסאַלן איינאונאיינציקן גאָט. נישטאָ קיין גאָט אויסער יהוה און ישראל איז זיין אויסדערוויילטער — דאָס איז די לאָזונג, וועלכע קלינגט אין אַלע רייד פון ישעיהו דעם צווייטן. „דער קנעכט פון גאָט״ — דאָס איז זיין באַליבטער עפּיטעט, מיט וועלכן ער רופט אָן גאַנץ אָפט דאָס פאָלק ישראל. דאָס איז דאָס פאָלק, וועלכעס איז באַשטימט געוואָרן צו פאַרקערפּערן אויף דער ערד דעם אידעאַל פון העכערן אמת; עס מוז אויסשטיין ליידן און באַליי־דיקונגען, מוז פאַרפאָלגט ווערן פון אַלע פעלקער, נאָר ענדלעך מוז עס דאָך גובר זיין, מוז עס דאָך זיגן אין דעם קאַמף פאַר געטלעכקייט; דאָס פאָלק ישראל וועט זיין „דאָס ליכט פון אַלע פעלקער״, דער פאָנען־טרעגער פון דעם אמת פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. די בריק צווישן דעם נאַ־ציאָנאַליזם און צווישן דעם אוניווערסאַליזם איז אַלזאָ פעסטגעשטעלט. דאָס יידנטום אַרבעט פאַר דעם נוצן פון דער גאַנצער מענטשהייט. עס באַהאַלט נישט עגאָאיסטיש זיינע גייסטיקע אוצרות, נאָר שענקט זיי אַלע נויטבאַדערפטיקע ,ווייל דאָס איז זיין היסטאָרישע מיסיע. דער גלות

פון בבל מוז מיטווירקן צום איבערגאַנג פון דער נאַציאָנאַלער רעליגיע ביז דער אַלוועלטלעכער: דאָס איז אַ לער־שול פאַר אַ מיסיאָנערן־פאָלק, וועלכער מוז פיל אויסשטיין, מוז פיל זיך צוזאַמענשטויסן, כדי צו דער־פילן ווי בעסער זיין שליחות.

פונדעסטוועגן בלייבט דער נביא נישט שטיין ביי דעם אידעאַל פון אַ ריין־גייסטיקן פאָלק. אים באַגייסטערט אויך די פערספעקטיווע פון דער פּאָליטישער אויפלעבונג פון יהודה אין דער נאָענטסטער צוקונפט. די דורך יסורים אויסגעלייטערטע נאַציע מוז זיך צוריקקערן אין איר לאַנד, צו דינען פאַר דער וועלט ווי אַ מוסטער פון גייסטיקער מעכטיקייט ביי פאַרהעלטנישמעסיק געפאַלענע פּאָליטישע באַדינגונגען. דער נביא איז מבטיח דעם באַפרייטן פאָלק נישט קיין קריגס־שטאַרקייט, נישט קיין הער־שאַפט איבער אַנדערע פעלקער דורך שווערד און געוואַלד, נאָר דאָס באַ־קעמפן די הערצער דורך דעם פאַרשפרייטן די אידייען פון אמת און גוטס. אין רעליגיעזן לעבן פון ישעיהו דעם צווייטן, אין קעגנזאַץ צו יחזקאלן, ווערט דער גרעסטער פּלאַץ אָפּגעגעבן נישט קיין אויסערלעכע מנהגים און טעמפּל־צערעמאָניאַלן, נאָר דער גייסטיקער פולקאָמענקייט. אין זייער שאַרפע אויסדרוקן טרעט ער אַרויס קעגן דעם אויסערלעכן רעליגיעזן תשובה־טון, אין דער פאָרעם פון פאַסטן און דאַוונען, וואָס איז נישט צוזאַמענגעבונדן מיט דער גייסטיקער אויפלעבונג פון דעם בעל־תשובה. אין דער פאַנטאַזיע פון ישעיהו דעם צווייטן וועגן דער באַנייטער יהודה, פאַרנעמט דער פון דאָס ניי אויפגעבויטער בית־המקדש נישט אַזאַ וויכ־טיקן אָרט, ווי אין דער נבואה פון יחזקאל. דער נעפלדיקער מיסטיציזם פון דעם לעצטן איז אויך פרעמד דעם נייעם נביא. אין די רעדעס פון ישעיהו דעם צווייטן הערשט הויפּטזעכלעך די ליכטיקע, לעבנסדאָרשטיקע שטימונג: אין זיי קלינגט דער דרייסטער, מונטערער אויפרוף צו טעטי־קייט, אָבער נישט צו פּאַסיווער אָפּוואַרטונג:

„דערוואַך, דערוואַך, קלייד זיך אָן אין דיין מעכטיקייט, ציון, ציר דיך אויס אין דיין פּראַכטפולער קליידונג, ירושלים, הייליקע שטאָט; עס וועט אין דיר נישט אַריינדרינגען מער קיין אומבאַשניטענער און קיין אומריינער. טרייסל אָפּ פון זיך דעם שטויב, שטיי אויף, מעכטיק זיך, ירושלים, צערייס די קייטן פון דיין האַלדז, געפאַנגענע ציונס טאָכטער".

„ציון זאָגט: עס האָט מיין גאָט מיך פאַרלאָזן, עס האָט מיין האַר מיך

פאַרגעסן !" — קאָן דען די מוטער איר זויג־קינד פאַרגעסן, קאָן זי זיך זיען אויף די פרוכט פון איר בויך נישט דערבאַרעמען ? ווען אַפילו אַזוינס זאָל קאָנען פּאַסירן, קאָן איך (גאָט) דיך אָבער נישט פאַרגעסן. אָט איילן שוין צו דיר דיינע קינדער און דיינע פאַרוויסטער ווייכן פון דיר. הייב אויף דיינע אויגן און קוק זיך ארום: זיי (דיינע קינדער) האָבן זיך פאַר־זאַמלט און זיינען צו דיר שוין געקומען. זיי וועלן אויפבויען דיינע חורבות און ענג וועט אין דיר זיין פאַר דעם גרויסן איבערפלוס פון דער באַפעל־קערונג". — ווי שיין אויף די בערג גייען אויף די פיס פונעם שליח, דער וואָס איז מבשר וועגן שלום, דער וואָס איז מודיע וועגן גליק, דער וואָס זאָגט אָן וועגן דערלייזונג, דער וואָס רעדט צו ציון: דיין גאָט באַנייט זיין מלוכה ! דיינע וועכטער האָבן אויפגעהויבן זייער שטים און זינגען צו־זאַמען, ווייל אויג־אין־אויג האָבן זיי דערזען, ווי גאָט קערט זיך אום צוריק קיין ציון !"...

דער איינדרוק פון ישעיהוס רייד איז געווען אומגעהייער. די פאַר־טריבענע געמיינדע האָט מיט אומגעדולד געהאָפט אויף איר גיכסטער באַ־פרייאונג, און ווייל דער נביא האָט צוזאַמענגעקניפּט די גאולה מיט דער מפלה פון בבל, האָבן די יידן געוואַרט אויף דעם רעזולטאַט פון דער מלחמה צווישן די פערסער און כאַלדעער פיל מער, ווי דער מלך נאַבאָנאַד (בלשאצר) און דאָס פאָלק פון בבל. די ענדע פון דער מלחמה האָט אָבער נישט געלאָזן לאַנג אויף זיך וואַרטן. נאָך איידער די בבלער האָבן באַ־וויזן זיך אַרומצוקוקן אויף זייער לאַגע, איז שוין כרש געשטאַנען ביי די טויערן פון דער הויפּטשטאָט מיט זיין גרויסער, מלחמה דאַרשטיקער אַר־מיי און נאָך האַלבער נאַכט האָט ער זיך אַריינגעריסן אין שטאָט, אין דער צייט, ווען די איינוואוינער האָבן זיך זאַרגלאָז לוסטיק געמאַכט אויף בעלער און טענץ. ווען דער טאָג איז אָנגעקומען, איז די שטאָט פול געווען מיט פיינט ,און יעדער ווידערשטאַנד איז געווען אומנוצלעך .אַזוי איז געפאַלן די זינדיקע בבל נאָך אַ צוויי־יאָריקער מלחמה (539־טן יאָר), ווי ס'איז פאָרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די יידישע נביאים. קיין באַזונדערע שטראָף אָדער באַליידיקונג האָט נישט באַגעגנט נישט דעם מלך, נישט דאָס פאָלק פון בבל. כרש איז געווען אַ באַרמהאַרציקער זיגער. דאָך איז אין יענעם טאָג געפאַלן די עקלהאַפטיקע געצנדינעריי. דער קולט פון די פערסער איז געווען פיל העכער פון דעם כאַלדעאישן. ביי די פערסער

זיינען נאָר געווען צוויי געטער — אהורמיז, דער גאָט פון גוטס, און אחרימון, דער גאָט פון שלעכטס — ביידע מער אָדער ווייניקער אַבסט־ראַקטע און זיי, די פּערסער, האָבן נישט געליטן קיין געצנדינעריי.

די מפּלה פון בבל האָט פולשטענדיק און אויף אייביק אויסגעהיילט די יידישע געמיינדע פון דער פריערדיקער געצנדינערישער קרענק. מיט די אייגענע אויגן האָט דאָס פאָלק געזען, ווי די געטער, פאַר וועלכע מען האָט נאָך נעכטן געקניט און זיך געבוקט, זיינען היינט אויסגעמישט געוואָרן מיט שטויב; ווי בל איז געפאַלן, ווי מרודך איז חרוב, דער חורבן פון בבל האָט אויף אַזאַ אופן פאַרענדיקט די אויפגאַבע פון די נביאים אין די פאַרגאַנגענע דורות. עס זיינען ווייך געוואָרן די הערצער פון ישראל. אַלע האָבן זיך געווענדט צו גאָט, סיי זינדיקע, סיי פאַרזונקענע אין הבלי־העולם. עס האָבן אַלע ארויסגעזען באשיינפּערלעך, ווי זיין הייליק וואָרט, וואָס ער האָט ארייגעגעבן אין מויל פון די נביאים, איז מקוים געוואָרן. די ענוים, וועלכע פלעגן פריער שטענדיק באווייגען ציון, האָבן אויפגע־הערט צו זיין פאַרהאַסט און פאַרפאַלגט; אין קעגנטייל, מען האָט זיי אָנגעהויבן צו אַכטן און די פאַרטריבענע קהלה האָט זיי געשטעלט אין איר שפּיץ. דערווייל האָט זיך כרש אויפגעזעצט אויפן טראָן אין דעם פּאַ־לאַץ פון בבל. ער האָט געוואָלט, מען זאָל אויף אים קוקן, ווי אויף דעם מלך פון בבל, ווי אויף אַ יורש פון די אַמאָליקע העלדישע בבלשע מלכים, און די יאָרן פון זיין מלוכה האָט ער אָנגעהייבן צו ציילן זינט ער האָט זיך אין בבל באַזעצט (538). אַלע דינער פון קעניגלעכן הויף, וועלכע האָבן פריער געציטערט און זיינען אויף די הענט געקראָכן פאַר נאַבאָנאַדן, זיי־נען געוואָרן די דינער פון כרש. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען סריסים פון דער יידישער קעניגלעכער פאַמיליע, מענטשן, וועלכע זיינען ערלעך און טריי געבליבן זייער פאָלק און זייער רעליגיע. אָט די דאָזיקע האָבן אָנגעהויבן זיך משתדל צו זיין פאַר כרשן (דערביי האָט מסתמא מיטגע־ווירקט זרובבל, דער אייניקל פון מלך יהויכין), אַז ער זאָל באַפרייען זייערע ברידער. קודם כל זיינען באַפרייט געוואָרן פון די טורמעס די יעניקע, וועלכע זיינען דורך נאַבאָנאַדן פאַרמשפּט געוואָרן פאַר זייער רעליגיעזער קנאה. וואָס ווייטער האָט מען ביי כרשן אַלץ מער געפועלט. ענדלעך האָט ער צופרידנגעשטעלט דעם הויפּט־באַגער פון די פאַרטריבענע יידן: ער האָט זיי דערלויבט זיך אומצוקערן אין זייער לאַנד און צוריקשטעלן זייער

בית־המקדש. מיט דעם נצחון איבער בבל זיינען ממילא אריבערגעגאַנגען אונטער כרשס רשות אַלע פעלקער און לענדער, וואָס נבוכדנאצר האָט אין דעם פריערדיקן דור איינגענומען, פון פּרת ביז מצרים. די יידן, ווידער, זיינען אין אַלע היגזיכטן געוואָרן אָפּהענגיק פון אים. וועלכע מאָטיוון די דרייסטע יידישע שתדלנים האָבן בכן געקאָנט אַרויסשטעלן פאַרן מעכטיקן קעמפער, ווען זיי האָבן געבעטן נישט נאָר פרייהייט פאַר זייער פאָלק, נאָר אָפילו פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט פאַר זייער לאַנד? און וואָס האָט כרשן געטריבן, צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן דרייסטן חלום? איז עס געווען בלויז אַ מאָמענטאַלע שטימונג? אָדער אפשר האָט אים איינער פון די נביאים — ווי צווישן יידישן פאָלק האָט זיך נאָכדעם דערציילט — מגלה געווען, אַז דאָס איז זיין באַשטימונג פון גאָט, די פאַרטריבענע יידי־שע געמיינדע צו באַפרייען און צוריקצושטעלן? איז אפשר כרשן געפעלן געוואָרן די יידישע אמונה, וועלכע איז אין גרונט אַביסל ענלעך צו דער פּערסישער און דערפאַר האָט ער זיך מיט אַזוי פיל חסד באַצויגן צו אירע נאָכפאָלגער? — ווי דאָס זאָל נישט האָבן געווען און וואָס דאָ זאָל נישט האָבן גערינט ווי אַ סיבה, בלייבט נאָך אַלץ אומפאַרשטענדלעך דאָס, וואָס כרש האָט גלייך, נאָך זיין איינגעמען בבל, צעשיקט דורך זיינע העראָלדן שריפטלעכע עדיקטן איבער זיין גאַנצער נייער מלוכה, אין וועלכע ער האָט שטרענג באַפוילן, אַז קיינער זאָל נישט וואַגן צו שטערן די יידן זיך אומצוקערן קיין ירושלים און אויפצובויען זייער בית־המקדש. ער האָט אויך דערלויבט די פאַרבליבענע אין גלות צו פאַרזאָרגן און שטיצן זייערע צוריקקערנדיקע ברידער מיט גאָלד און מיט זילבער, ווי אויך מיט בהמות. וועלכע זאָלן אריבערפירן אין פאַטערלאַנד פאַרשידענע משאות און ענד־לעך האָט ער באַפוילן זיין קאַנצלער מיטראָדאַטן, אָפּצוגעבן די צוריק־קערנדיקע די הייליקע כלים פון בית־המקדש, וועלכע נבוכדנאצר האָט פאַרנומען און אַוועקגעשטעלט אין דעם טעמפּל פון בל, ווי אַן אָנדענק פון זיין גרויסן נצחון.

ווי נאָר די דאָזיקע דערלויבעניש אויף אומצוקערן זיך אינעם לאַנד איז געגעבן געוואָרן, האָבן זיך באַלד געפונען מענטשן, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך, צו אָרגאַניזירן די זאַך און צו באַזייטיקן פאַרויס די שטערונגען און שוועריקייטן, וועלכע דער צוריקקער האָט געקאָנט באַגע־גענען אויפן וועג פון זיין רעאַליזירונג. אין דער שפּיץ פון דער ישוב־באַ־

וועגונג זיינען געשטאַנען צוויי גרויסע לייט, וועלכע זיינען געוואָרן דורכן פאָלק אנערקענט ווי אָנפירער, צוליב זייער גרויסן יחוס. דער ערשטער איז געווען זרובבל, דער אייניקל פונעם מלך יהויכין, אַ שפּראָצלינג פון דודס משפּחה; דער צווייטער איז געווען יהושע, דער זון פון באַרימטן כהן־גדול יהוצדק. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען נאָך צען מאַן, אַזוי אַז די צאָל פון די אלע ראשים האָט אויסגעמאַכט צוועלף, וואָרשיינלעך אַנט־קעגן די צוועלף שבטים. צו זרובבלן האָט זיך כרש באַצויגן מיט אַ באַ־זונדערער ליבשאַפט און אַכטונג. ער האָט אים באַשטימט ווי אַ פאָרטרע־טער פון דער געגנט, אין וועלכן עס וועלן זיך באַזעצן די צוריקקערנדיקע; זרובבל האָט דאָרטן געזאָלט זיין אַ מין רעגענט. אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס פאַר יהויכינס אייניקל געווען אַ שטאַפּל צום טראָן פון ירושלים.

ביי די דאָזיקע צוועלף אָנפירערס האָבן זיך פאַרשריבן די אַלע, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרלאָזן דעם גלות און זיך אומקערן אַהיים (העולים). די צאָל פון די לעצטע איז געווען פיל קלענער אין פאַרגלייך מיט די, וואָס זיינען אַמאָל אַרויס פון מצרים, דאָך איז עס געווען מער, ווי מען האָט געקאָנט דענקען: צוויי און פערציק טויזנט דריי הונדערט זעכציק נפשות, מאַנסלייט, פרויען און קינדער פון צוועלף יאָר אָן, זיינען פון בבל „אויפ־געגאַנגען" צוריק אין זייער אייגן הייליק פאָטערלאַנד. דער גרעסטער טייל פון די „עולים" זיינען געווען פון שבט יהודה און שבט בנימין, נאָך דעם פיר גרופּעס כהנים און אַ רעכטע צאָל לויים. ווייטער זיינען געווען צווישן די צוריקקערער מענטשן פון די אַנדערע שבטים, ווי אויך נישט ווייניק גרים, וואָס האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

אומגעהייער איז געווען די פרייד צווישן די, וואָס האָבן זיך גע־גרייט צו דער צוריקקערונג. זיי האָט ווי אַ זיסער חלום אויסגעזען די מעגלעכקייט פון דאָס ניי אָנצווזען דאָס אייגענע ליבע לאַנד, פון דאָס ניי צו באַפעלקערן עס, פון דאָס ניי דעם בית־המקדש אויפצובויען. די דאָזיקע געוואַלטיקע פּאַסירונג האָט פאַראינטערעסירט אַלע אַרומיקע פעלקער און זיי האָבן וועגן דעם גערעדט, ווי וועגן אַ נס, וואָס דער גאָט פון ישראל האָט געטון מיט זיין פאָלק. עס איז צווישן יידן געבליבן אַ געזאַנג, אין וועלכן עס דריקט זיך אויס די דערהויבענע שטימונג, וואָס האָט ארומגע־כאַפּט די דעמאָלטיקע „צוריקקערער":

„ווען גאָט האָט אונדז, געפאַנגענע פון ציון,
אין אונדזער היים צוריקגעקערט פון גלות,
דאַן זיינען מיר פונקט ווי פאַרחלומטע געווען —
אַן אומענדלעכע פרייד האָט אָנגעפולט דאַן אונדזער מויל,
און אונדזער צונג האָט דאַן אומאויפהערלעך געזונגען...
געוואונדערט האָבן זיך די פעלקער דאַן ארום:
„עס האָט גאָט גרויסעס מיט אָט די געטון !"
גאָט האָט מיט אונדז דאַן גרויסעס געטון —
אַן אומענדלעכע פרייד האָט אָנגעפולט דעריבער אונדזער האַרץ".

ווען דאָס פאָלק האָט זיך געגרייט, אויסצונוצן זיין פרייהייט און אומצוקערן זיך קיין ירושלים, האָט איין משורר אין אַ שיר געזאָגט, אַז יעדער מוז זיך פריער אויפפרואוון, צי האָט ער דעם דאָזיקן גענאָד פון גאָט פאַרדינט. נאָר גרויסע בעלי־זכות, וועלכע שטרעבן צו גאָט און זוכן זיין הייליקייט, זיינען ראוי צו פאַרזאַמלען זיך אין דער הייליקער שטאָט. ווער זשע אָבער האָט דאָס געקאָנט אונטערשידן צווישן די גוטע און די שלעכטע ?...

# קאַפּיטל צוויי

## עזרא און נחמיה
(537—342)

אין דעם זעלבן חודש, ווען די אבות (542—537) זיינען מיט אַכט אָדער ניין יאָרהונדערט צוריק אַרויס פון מצרים, האָבן די אוראייניקלעך נאָך אַ פופציק־יאָריקן גלות, פאַרלאָזן בבל, אומצוקערן זיך און פון דאָס ניי צו באַזעצן זיך אין דעם לאַנג פאַרלאָזענעם לאַנד, צו וועלכן זיי האָבן אַזוי הייס געשטרעבט.

אין אַ טרויעריקן צושטאַנד האָבן די צוריקקערנדיקע געפונען זייער הייס געליבטע יהודה. דער צענטער פון לאַנד, ירושלים און זיינע אומגעגנטן, איז געווען כמעט גאָר אָן מענטשן. אומעטום זיינען נאָך געווען טיף קענטיק די צייכנס פון חורבן, וואָס נבודנאצר האָט געמאַכט. אין דער פּראָווינץ האָבן געוואוינט פונאַנדערגעוואָרפן אָרימע יידישע דאָרפסלייט, וואָס דער באַזיגער האָט איבערגעלאָזן. זיי האָבן אָבער פאַרנומען נאָר אַ קליינע טייל פון דער טעריטאָריע אין יהודה. דאָס איבעריקע האָבן שוין געהאַט פאַרכאַפּט די ארומיגע האַלב־ווילדע שבטים, וועלכע האָבן אויסגענוצט די שוצלאָזיקייט פונעם לאַנד. די אַמאָליקע יידישע שונאים, די אדומער, האָבן פאַרכאַפּט די דרומדיקע געגנט פון יהודה, דעם בערגיקן נגב, און זיי האָבן נאָך געשטרעבט צו ווייטערדיקע פאַרכאַפּונגען. צו מערב־צו האָבן געוואוינט די אשדודער (אשדודים); די עמונער, ווייטער זיינען געקומען פון יענער זייט ירדן און אויך פאַרכאַפּט אַ געוויסע שטיק יידישע ערד. פון צפון־זייט, אין דער געוועזענער מלוכה פון ישראל, האָבן געוואוינט די שומרונער (שומרונים), וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אַ קליינעם אַסימילירטן טייל פון דער פריערדיקער ישראל־באַפעלקערונג און פון אַ גרויסער צאָל פון דער פרעמד אַנגעקומענע עלעמענטן. אַזאַ אויסגעמישטן כאַראַקטער האָט אויך געטראָגן די רעליגיע פון די שומרונער. זיי האָבן געהיט דעם אַלטן האַלב־יידישן קולט פון יהוה, וועלכער האָט אַמאָל געהערשט אין לאַנד, צוגעמישט צו אים פאַרשידענע מנהגים פון

די אָנגעקומענע געצנדינערישע שבטים. די שומרונער זיינען בכן געווען האַלבן יידן אי לויט זייער ראַסע, אי לויט זייער גלויבן.

אַזוי ווי זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע שכנים, זיינען די יידן געווען געצוואונגען אָנצואווענדן נישט ווייניק כוחות, כדי צו באַקומען פון דאָס ניי די אויבערמאַכט איבער דער פריערדיקער אייגענער טעריטאָריע און פון דאָס ניי אויפצושטעלן די צעשטערטע געזעלשאַפט־לעכע אָרדענונג. פון איין זייט איז זיי אויסגעקומען ארויסצושטופן די פרעמדע שבטים פון די אָפּגערויבטע יידישע געגנטן, און פון דער צווייטער זייט — אויפצובויען די פאַרנאַכלעסיקטע ירושלים און די ארומיקע שטעט. אָן דער הילף פון דער פּערסישער ממשלה האָבן זיי אין אָנהייב נישט גע־קאָנט זיך באַגיין. ווי ס'ווייזט אָבער אויס, איז די דאָזיקע הילף געווען נישט באַדייטנדיק. די נייע זיגער האָבן נאָך נישט באַוויזן אַריינצוברענגען אַ נייע אָרדענונג אי [דער פּאַלעסטינישער פּראָווינץ, און ס'איז אומבאַ־וואוסט, אין וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט זייער מיטווירקונג בנוגע צו דער רעסטאַווראַציע פון יהודה. פאַרשידענע היסטאָרישע דאָקומענטן זיינען פאַראַן וועגן דעם, ווי אַזוי די ערשטע צוריקגעקומענע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער אַלטער היים, און ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען ווייטער דער ענין פון שיבת־ציון. פאַר באַשטימט קאָן מען רעכענען נאָר דאָס ,אַז די ערשטע צוריקקערנדיקע האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים און אין די נאָענטסטע געגנטן ארום, און פאַרמירט אויף אַזאַ אופן אַ פעסטע און ענג־צוזאַמענגעבונדענע קאָלאָניע.

איינע פון די ערשטע זאָרגן פון די צוריקגעקומענע יידן, איז געווען צו באַנייען די רעליגיעזע גאָטעסדינסטן אין ירושלים. דאָס האָט געפּאָ־דערט דאָס אָנגעשטרענגטע רעליגיעזע געפיל פון פאָלק, וואָס האָט סימ־באָליש צוזאַמענגעבונדן די גרויסע געשעעניש פון זיין באַפרייאונג מיט דעם צוריקקער פון גאָט אין זיין הייליקער שטאָט און הייליקן בית־המקדש. ווען ס'איז אָנגעקומען דער זיבעטער חודש תשרי, ווען עס פאַלן אויס די גרויסע יידישע הארבסט־ימים־טובים, האָבן זיך אין ירושלים פאַר־זאַמלט גרויסע מאַסן פון אַלע ארומיקע אומגעגנטן. אויף דעם זעלביקן אָרט, וואו אַמאָל איז געשטאַנען דער מזבח אין שלמה המלכס בית־המקדש איז געוואָרן אויפגעשטעלט אַ נייער אַלטאַר און באַלד איז באַנייט געוואָרן

דער סדר פון קרבנות, וועלכער איז בטל געוואָרן צוזאַמען מיטן חורבן פון ירושלים.

גלייך נאָך דעם, ווי עס דערציילט די מסורה, האָבן זיך אָנגעהייבן די הכנות אויפצובויען אַ נייעם בית־המקדש פאַר גאָט אין ירושלים, אויף דעם אַלטן אָרט, אויפן באַרג מוריה. עס זיינען געשלאָסן געוואָרן קאָנט־ראַקטן מיט די פעניציער פון צור און צידון, צוצושטעלן צעדער־געהילץ פון לבנון פאַר באַלוינונג מיט געלט און מיט פּראָדוקטן. עס זיינען אויך געדונגען געוואָרן אַרבעטער אויסצוגראָבן און אָנצוהאַקן שטיינער פון די ארומיקע בערג. ווען די דאָזיגע צוגרייטונגען זיינען געענדיקט געוואָרן, איז מען צוגעטראָטן צום בנין פון דעם געטלעכן הויז; דאָס איז אויסגע־פאַלן אין דעם פרילינגס־חודש אייר, אויפן צווייטן יאָר נאָכדעם, ווי די געפאַנגענע האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער פאָטערלאַנד. די אָנפירער און די עלטסטע פון פאַרשידענע קהלות זיינען אָנגעקומען צו דער גרויסער הערלעכער פייערונג, ווען עס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער ערשטער שטיין צו דעם יסוד פונעם נייעם בית־המקדש. די כהנים זיינען פון דאָס ניי דערשינען אין זייערע הייליקע קליידער, די לויים פון אספס הויז האָבן געזונגען דאַנק־הימנען, וועלכע זיינען צו אונדז דערגאַנגען אין דער זאַמ־לונג פון תהלים, און ווייט, ווייט האָבן געהילכט די פרייד־אויסגעשרייען פון פאָלק. צווישן דעם דאָזיקן פייערנדיקן המון זיינען אָבער געשטאַנען די חשובע זקנים און האָבן הויך געוויינט: די דאָזיקע אַלטע לייט האָבן נאָך זוכה געווען מיט זייערע אייגענע אויגן צו זען דעם ערשטן בית־המקדש אין זיין פולער פּראַכט, און איצט, פאַרגלייכנדיק מיט אים דעם נייעם, אָרעם־געגרינדעטן בית־המקדש האָבן זיי נישט געקאָנט איינהאלטן זייערע טרערן. „און דאָס פאָלק — גיט־צו דער כראָניקער פון יענער צייט — האָט נישט געקאָנט אונטערשידן די פרייד־געשרייען פון דעם קלאָגע־דיקן יאָמער"...

די ווייטערדיקע אַרבעט ביי דער אויפשטעלונג פונעם בית־המקדש האָט אָבער זיך געמוזט באַלד אָפּשטעלן צוליב די „פיינט פון יהודה און בנימין". צו די דאָזיקע פיינט האָבן געהערט די ארומיקע שכנהשע שבטים, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט געוויסע טיילן פון דער יידישער טעריטאָריע און וועלכע האָבן דערפאַר נישט געוואָלט, אַז עס זאָל זיך פון דאָס ניי אויס־פאָרעמען אַ צענטער פון דעם יידישן פאָלק אין דעם יידישן לאַנד. אַ פיינט־

לעכע פּאָזיציע אין דער באַציאונג צו יידן האָבן פאַרנומען די האַלבע קרובים, די שומרונער. ווען זרובבל און די עלטסטע זיינען צוגעטראָטן צו בויען דעם בית־המקדש, האָבן די שלוחים פון די שומרונער זיי דערקלערט, אַז אויך די שומרונער, ווי דינער פון יהוה, ווען אַנטיילנעמען אין דעם בנין פון דעם ירושלימדיקן בית־המקדש. דער פאַרלאַנג פון די שומרונער האָט געשטאַמט נישט אַזוי פון זייער רעליגיעזער התלהבות, ווי פון גע־וויסע פּאָליטישע אויסזיכטן: זיי האָבן גערעכנט, אַז דער פאַרבאַנד מיט די יידן, צו וועלכע דער הערשער פון פּרס באַציט זיך מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט, וועט זיי קענען דינען ווי אַ מיטל, אויף צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער העכסטער מאַכט אין לאַנד. זרובבל און די עלטסטע האָבן אָבער באַשלאָסן אָפּצוּוואַרפן דעם פאַרשלאַג פון די שומרונער. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די פאַראייניקונג מיט די האַלב־געצנדינערישע שכנים וועט ווייטער ברענגען צו דער פאַרשפּרייטונג פון פאַרקרימטע רע־ליגיעזע באַגריפן און שלעכטע, פאַרדאָרבענע זיטן. דער דאָזיקער באַשלוס האָט אויפגערעגט די שומרונער, און זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַ פאַרבי־סענער שנאה, רודף צו זיין די יידישע געמיינדע און איר שטערן אין אַלע אירע אונטערנעמונגען מיט כוח, אָדער מיט רמאות. זיי האָבן אַפילו אויפ־געהעצט די פּערסישע באַאַמטע קעגן יידן און ווען די לעצטע האָבן זיך געווענדעט צו דער העכערער פּערסישער מאַכט מיט אָנקלאַגעס, האָבן די שומרונער זיך געמיט דורך שוחד און אַנדערע דרכים צו שטערן דעם דערפאָלג פון זייערע שתדלנותן. צוליב די דאָזיקע שטערונגען האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן די הייליקע אַרבעט פון בנין בית־המקדש, וועלכע האָט זיך אַזוי פייערלעך אָנגעהויבן — און אין אַ משך פון פופצן יאָר האָט זי זיך נישט געקאָנט באַנייען.

אין דער דאָזיקער קורצער צייט האָבן די יידן איבערגעטראָגן נאָך גרעסערע אומאַנגענעמלעכקייטן. כרש איז געשטאָרבן און אים האָט גע־ירשנט זיין זון קמביז. ווי נאָר ער איז ארויף אויפן טראָן, האָט דער נייער מלך זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ מלחמה, מיטן צוועק צו פאַרנעמען מצרים און כוש. די אָפּטיילונגען פון דער גרויסער פּערסישער אַרמיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך יהודה און איר איז אויסגעקומען צו פאַרזוכן דעם טעם פון די אַלע צרות, וואָס זיינען געווײנלעך פאַרבונדן מיט אַ מלחמה. די שכנהשע האַלב־ווילדע פעלקער האָבן באַאומרואיקט די יידן מיט זייע־

רע שטענדיקע אָנפאַלן און אַזוי ווי זיי האָבן זיך אויסגענוצט מיט דער קריגס־מהומה, האָבן זיי זיך דערלויבט אַלע מעגלעכע געוואַלט־טאַטן. אויף שטיצע פון דער פּערסישער מלוכה, איז נישט געווען צו האָפן, וואָרים, וואָס האָבן איר געקאָנט אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט אָנגיין די יידן ? ווען קאַמביז האָט זיך אומגעקערט פון דער באַרימטער מלחמה מיט מצרים און איז געשטאָרבן אויפן וועג אין סיריע, האָט איינער סמעדריז פאַר־כאַפּט דעם טראָן און די מלוכה־אָרדענונג אין דער גרויסער פּערסישער מאָנאַרכיע איז אײַנגאַנצן געשטערט געוואָרן. צו דער פּאָליטישער שוצלאָ־זיקייט פון יהודה, זיינען נאָך צוגעקומען פאַרשידענע עקאָנאָמישע אומ־גליקן. אייניקע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיך אין לאַנד געצויגן די אומגערע־טענישן אויף די פעלדער. די פּאַרדינסטן זיינען געווען שלעכטע, דער האַנדל האָט זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען, ווייל די קאַראַוואַנען־וועגן זיינען געווען נישט אומגעפערלעך צוליב די מלחמות און מהומות אין פּרס. די שטימונגביים פאָלק איז געווען אַ געדריקטע, דער טרויער פון גלות האָט זיך נאָך אַזוי ווי געצויגן. די נאַציאָנאַלע תעניתים, וועלכע זיינען איינגעפירט געוואָרען אין בבל, האָבן דאָ אויך נישט אויפגעהערט אָפּגעהיט צו ווערן.

עפּעס פרייער האָבן יידן אָפּגעאָטעמט בעת דער ממשלה פון דריוש גיסטאַספּ, וועלכער האָט פון דאָס ניי באַפעסטיקט די מלוכה־אָרדענונג אין פּרס און אין אירע פּראָווינצן. דער נייער מושל איז, ווי ס׳ווייזט אויס, געווען געניינגט צו יידן נישט ווייניקער פון כרשן, און האָט גאָרנישט גע־האַט דאַקעגן, אַז ירושלים זאָל פון דאָס ניי זיין אַ רעליגיעזער צענטער אין יהודה. אין אָנהויב פון דריושס ממשלה זיינען אין ירושלים אַרויסגע־טראָטן צוויי נביאים, חגי און זכריה, וועלכע האָבן געוועקט דאָס פאָלק, זיך צו נעמען פון דאָס ניי צום בויען דעם בית המקדש. זיי האָבן גע־שטרעבט איבערצוצייגן דאָס פאָלק, אַז זיין אָרעמקייט און זיין אומגליק־לעכע פּאָליטישע לאַגע קאָן נאָך נישט זיין ווי אַ פאַרענטפערונג קעגן דעם וואָס ,,דאָס געטלעכע הויז איז נאָך נישט געוואָרן אויפגעבויט; פאַר־קערט, די טרויעריקע לאַגע פון פאָלק איז בלויז אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס דאָס פאָלק איז צופיל גלייכגילטיק צו דער הייליקער אַרבעט. בשעת ער ווענדט זיך צו די אָנפירער, צו זרובבלען און יהושען, זאָגט דער נביא חגי:

,,דאָס פאָלק זאָגט, אַז ס׳איז נאָך די צייט נישט געקומען, גאָטס

הויז צו בויען. און אייך איז יאָ צייט צו זיצן באַקוועם אין אייערע וואוי־נונגען, ווען דאָס דאָזיקע הויז פון גאָט איז וויסט און פאַרלאָזן?... באַ־טראַכט אייערע וועגן. איר זייט צופיל און שניידט ווייניק. איר עסט נישט צו זאַט, איר טרינקט נישט צו באַפרידיקונג, איר קליידט זיך נישט צו וואַרעם, און דער וואָס אַרבעט, לאָזט זיין פאַרדינסט אין אַ לעכערדיקער קעשענע... פאַרוואָס איז עס אַזוי? דאָס איז דערפאַר, זאָגט גאָט, וואָס מיין הויז איז פאַרגעסן, ווען יעדער פון אייך לויפט אין זיין שטוב. דער־פאַר האַלט איין דער הימל דעם טוי, און די ערד — איר פרוכט. איך האָט גערופן די טריקעניש אויף די פעלדער, אויף די בערג, אויף די וויינ־גערטנער, אויף די איילבערט־ביימער און אויף אַלץ, וואָס עס ברענגט די ערד אַרויס. אויך אויף דעם מענטשן, אויך אויף די בהמות, אויך אויף יעדע האַנט־אַרבעט".

דאָס באַגייסטערטע וואָרט פון דעם נביא האָט געווירקט. זרובבל, יהושע און די אַנדערע עלטסטע פון פאָלק האָבן ווייטער פלייסיק זיך גע־נומען צום בויען דעם בית־המקדש. די אַרבעט האָט זיך באַנייט אין צווייטן יאָר פון דריושס ממשלה און האָט זיך געצויגן אַ יאָר פינף. אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער צייט, האָבן די אָנפירער פון פאָלק געמוזט אָנווענדן זייערע אַלע כוחות, כדי צו דערפירן ביזן סוף די אָנגעהויבענע זאַך און באַזייטיקן די פאַרשטייענדיקע מכשולים.

די מסורה דערציילט, אַז איין מאָל, אין דער צייט פון דער אַרבעט ביים בית־המקדש, איז קיין ירושלים אָנגעקומען מיט זיין סוויטע דער פערסישער פאַרטרעטער תתני, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט מיט דער פראָ־ווינץ „עבר הנהר" (סוריא) און ער האָט זיך געוואונדערט ווען ער האָט אָנגעקוקט די פראַכטפולע געביידע פון בית־המקדש. ער האָט געפרעגט די עלטסטע: ווער האָט זיי דערלויבט צו בויען דעם דאָזיקן בנין? און ער האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז אַזאַ דערלויבעניש האָבן די ערשטע צוריקגעקומענע קיין ירושלים באַקומען פון כרשן, און אַז דער בנין האָט זיך נאָך אָנגעהויבן פאַר דעם פערסישן פאַרטרעטער ששבצאר. אויסהערנ־דיק די דאָזיקע דערקלערונג, האָט תתני נישט אָפּגעשטעלט די אַרבעט, נאָר ער האָט באַלד וועגן דעם צעוויסן געגעבן דעם מלך דריוש. דער מלך האָט געהייסן נאָכזוכן אין די אַרכיוון און באַלד איז טאַקע געפונען גע־וואָרן אין דער מדישער שטאָט עקטאַבאַנאַ דעם מלך כרשס פאַרזאָג,

וועגן דעם בנין בית־המקדש אין ירושלים. דאַן האָט דער פּחה תתני באַ־קומען פון דריושן אַ באַפעל, נישט צו שטערן דאָס בויען פון בית־המקדש, נאָר פאַרקערט, נאָך מיט אַלע מעגלעכקייטן צו שטיצן די אַרבעט.

דער בנין פון בית־המקדש איז פאַרענדיקט געוואָרן אויפן זעקסטן יאָר פון דריושס ממשלה (516) אין דעם דריטן טאָג פון חודש אדר, ווען עס האָט זיך געענדיקט זיבעציק יאָר זינט עס איז חרוב געוואָרן דער ערשטער בית־המקדש. דעריבער ווערט אין די יידישע הייליקע ספרים גערעכנט, אַז דער גלות פון בבל האָט געדויערט זיבעציק יאָר. דער כהן יהושע און דער נשיא זרובבל האָבן איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע באַנייאונג פון בית־המקדש און באַלד נאָכדעם איז געפייערט געוואָרן דער חג הפסח, אין דער אָנוועזנהייט פון אַ זייער גרויסן המון, וועלכער איז זיך צונויפגעקומען פאַרן קיין ירושלים.

ביים יידישן פאָלק איז ווייטער געווען צו באַמערקן אַן אומגעוויינלעכע דערהויבענע שטימונג. די נביאים חגי און זכריה האָבן מיט זייערע רעדעס באַגייסטערט די ירושלים־לייט און האָבן אין זיי אַריינגעגעבן האָפענונגען אויף אַ ליכטיקער צוקונפט. חגי האָט געזאָגט, אַז דעם נייעם „צווייטן בית המקדש" שטייט פאָר אַזאַ גרויסער רום, וועלכן עס האָט נישט געהאַט אַפילו דער ערשטער בית־המקדש, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך דעם מלך שלמה, און האָט זיך אויסערלעך אויסגעצייכנט מיט אַ פיל גרעסערן פראַכט. דער נביא האָט אָנגערופן זרובבלן „דער אויסדערוויילטער פון גאָט" און האָט אים געהיימעניספול פאָרויסגעזאָגט זייער גרויסע עתידות. נאָך מער געהיימעניספול און מיט אַ מער פייער־לעך־משיחישן גייסט צייכענען זיך אויס די רעדעס פון נביא זכריה. די רעדעס טראָגן אין גרעסטן טייל אַ פאָרעם פון פּאָעטישע זעאונגען (וויזיעס), וועלכע דערמאָנען צייטנווייז די זעאונגען פון יחזקאל. אין איינער פון די דאָזיקע זעאונגען זאָגט דער מלאך אָן דעם נביא, אויף איבערצוגעבן דעם נשיא זרובבל, די דאָזיקע ווערטער פון גאָט, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן דער דעוויז פון דעם גאַנצן יידנטום, ווי אַ פאָלק פון גייסט: „נישט מיט קיין אַרמיי און נישט מיט קיין קראַפט, נאָר מיט מיין גייסט (וועסטו זיגן)!" דער נביא האָט געפּרעדיקט, אַז יהודה וועט זיך ראַטעווען נישט מיט מאַטעריעלע, נאָר מיט גייסטיקע כלי זין. ער שטעלט שטענדיק אין אַ ריי יהושע דעם כהן גדול, ווי אַ פאָרשטייער פון דעם

גייסטיקן לעבן, מיט זרובבל דעם נשיא, ווי אַ פֿאָרשטייער פֿונעם פּאָלי־טישן לעבן. פֿאַר דעם בליק פֿונעם נביא טראָגט זיך דאָס בילד פֿון דעם קינפֿטיקן קרויך־טרעגער פֿון דודס הויז, וועלכער געוועלטיקט איבער יהודה, צוזאַמען מיט דעם שפּראָצלינג פֿון די כהנים גדולים פֿון צדוקס הויז. זכריה זעט פֿאַר אין דער צוקונפֿט ציימן פֿון מנוחה און גליק פֿאַר דער באַפֿרייטער יהודה: אַזוי האָט געזאָגט: „איך האָב זיך ווידערגעקערט קיין ציון און זיך באַזעצט אין ירושלים; און ירושלים וועט אָנגערופֿן ווערן „די שטאָט פֿון אמת" און דער באַרג פֿון גאָט — „דער הייליקער באַרג". עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען אַלטע לייט און אַלטע פֿרויען וועלן זיצן אין די גאַסן פֿון ירושלים און יעדער וועט זיך מיטן האַנט אויפֿן שטעקן שטיצן צוליב דער טיפֿער עלטער. און פֿול וועלן זיין די גאַסן פֿון שטאָט מיט יינגלעך און מיידלעך, וועלכע וועלן זיך פֿריילעך שפּילן".

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿראַגע צווישן די כהנים וועגן דעם, צי מען דאַרף נאָך אַלץ אָפּהיטן די תעניתים, וועלכע זיינען מיט יאָרן צוריק אין גלות איינגעפֿירט געוואָרן צום אָנדענק פֿון חורבן ירושלים — האָט דער נביא געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען די דאָזיקע תעניתים וועלן זיך פֿאַרוואַנדלען אין ימים־טובים. דערביי האָט ער, אַזוי ווי די פֿריערדיקע נביאים, זיך געמיט קלאָר צו מאַכן דעם פֿאָלק, אַז נישט מיט דער אויסערלעכער פֿרומקייט קאָן מען זיך ראַטעווען, נאָר מיט גוטע מעשים און מיט אמת. „אָט וואָס איר זאָלט טון: רעדט נאָר אמת איינער צום צווייטן, גערעכטיקייט און פֿרידנס־געריכט זאָלט איר שאַפֿן אין אייע־רע שטעט; נישט פֿאַרטראַכט אין אייער האַרצן קיין שלעכטס איינער קעגן צווייטן, האַסט דאָס פֿאַלשע שווערן, ווייל דאָס אַלץ פֿאַרטראָג איך נישט — אַזוי זאָגט גאָט!"

דאָס אויפֿשטעלן פֿון דאָס ניי דעם רעליגיעזן צענטער אין ירושלים, האָט אויף אַ געוויסער צייט אויפֿגעהויבן דעם גייסט פֿון פֿאָלק, נאָר די ליכטיקע האָפֿענונגען פֿון די נביאים זענען נישט אַזוי גיך מקוים געוואָרן. די טעג פֿון פֿרייהייט און גליק זיינען אין יהודה נאָך נישט אָנגעקומען. ווי פֿריער איז זי נאָך געווען אַן אָרימע פּראָווינץ, וועלכע איז געווען אָפּהענגיק פֿון די פּערסישע פֿאַרטרעטער. דער שפּראָצלינג פֿון דודס בוים, זרובבל, דער אייניקל פֿון מלך יהויכין, האָט זיך נישט דער־וואָרט, צו טראָגן די קרוין אויף זיין קאָפּ. נאָך דעם, ווי דער בית־המקדש

איז אויפגעבויט געוואָרן, ווערט ער אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דעם יידישן האָריזאָנט, און אין די היסטאָרישע דאָקומענטן, וועלכע זיינען צו אונדז דערגאַנגען פון יענער צייט, ווערט זיין נאָמען מער נישט דער־מאָנט. אַ שפּעטערדיקע יידישע מסורה זאָגט, אַז זרובבל האָט זיך אומ־געקערט צוריק אין בבל און איז שוין דאָרט געבליבן. עס עקזיסטירט אַ מיינונג, וועלכע זעט אויס צו זיין ריכטיק, אַז די פּערסישע רעגירונג האָט מורא געהאַט דערפאַר, אַז זרובבל ווי איינער פון די זרע המלוכה, זאָל נישט נעמען פּרעטענדירן אויף דעם קעניגלעכן טראָן אין יהודה, און דערפאַר האָט זי אים דערווייטערט פון זיין פאָטערלאַנד. די הנהגה אי־בער דער יידישער קהלה אין ירושלים איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון כהן גדול יהושע בן יהוצדק, וועמען עס האָט נאָך זיין טויט געירשנט זיין זון יהויקים.

די ווייטערדיקע געשיכטע פון יהודה פאַר דער ממשלה פון דריוש און זיין טראָנפאָלגער קסערקס 1 (אחשורוש) בלייבט אינגאַנצן נישט באַוואוסט. אין ספר „עזרא” געפינט זיך נאָר אַן אומדייטלעכע באַמער־קונג, אַז אין אָנהייב פון אחשורושס ממשלה האָבן די יידישע פיינט געפּרוווט אָנריידן רשעות אויף יהודה פאַר דעם פּערסישן מלך. ביים פאָלק אָבער איז געבליבן אַ מסורה (מגילת אסתר) וועגן דעם, ווי אַזוי איינער פון זיינע שרים, המן בן המדתא, אַ צורר היהודים, האָט אָנגע־רעדט דעם מלך צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק אין אַלע פּראָווינצן פון זיין ברייטסטער מלוכה, און ווי אַזוי דער מלך האָט שוין געהאַט דערויף איינגעשטימט און האָט שוין אָפּילו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע אַלע סאַטראַפּן אין אַלע מדינות, אויסצוהרגענען אַלע יידן אין איין טאָג; נאָר דורך אַ נס זיינען יידן דאַן ניצול געוואָרן, מיט דער הילף פון דער שיינער יידישקע אסתר און דעם פרומען שר מרדכי. צוליב דער גרויסער ישועה ווערט יאָר־יערלעך ביי יידן געפייערט אין חודש אדר דער 14־טער טאָג, וועלכער ווערט אָנגערופן פורים, ווען לויט דער גזירה און לויט דעם גורל (פור) האָט געזאָלט אויסקומען די פאַרטילי־קונג פונעם יידישן פאָלק.

---

די ערשטע צוריקשטעלונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן דורך זרובבל און יהושע, איז געווען ענלעך צו דער ערשטער פאַראַקערונג פון

אַ פאַרלאָזענעם פעלד, וועלכע פאַרזיכערט נאָך נישט קיין גערעטעניש. דער אויפגעשטעלטער רעליגיעזער צענטער אין ירושלים איז נאָך נישט געווען גענוגנדיק אויף צו באַזייטיקן אַלע צרות, וועלכע האָבן זיך איבער־הויפּט גענומען פון דער אומשטאַנדהאַפטיקייט אין דעם געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן פון פאָלק. יהודה האָט זיך געניייטיקט אין אַ ברייי־טער און פעסטער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועלכע זאָל ארומנעמען אַלע ספערן פון פאָלקס־לעבן, די דאָזיקע אַרבעט האָט נאָך אָבער געוואַרט אויף אירע שעפער און אָרגאַניזירער. אין דער נאָענטסטער צייט פאַר דער רעסטאַווראַציע האָבן זיך אַזעלכע טעטיקע לייט נישט באַוויזן. יהודה איז געווען נאָר אַ רעליגיעזע געמיינדע, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די מיוחסדיקע פאַמיליעס, וואָס אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען דער כהן גדול. נאָך יהויקימן, יהושעס זון, האָט דעם דאָזיקן פאָסטן פאַר־נומען דאָס אייניקל פון דעם לעצטן, מיטן נאָמען אלישב (460). נאָענט צו דער אָליגאַרכישער (אָליגאַרכיע: ממשלה פון נישט פיל מיוחסים) הנהגה איז געשטאַנען די געלט־אַריסטאָקראַטיע. די עקאָנאָמישע אומ־גלייכקייט האָט זיך שוין דאַן דייטלעך אַרוסגעוויזן: קעגן אַ קליינעם הייפל רייכע לייט איז געשטאַנען אַ גרויסע, אָרעמע מאַסע. די רייכע האָבן זיך באַנוצט מיט זייער נאָענטקייט צו דער פאַרוואַלטונג אין לאַנד, כדי צו דריקן עקאָנאָמיש די אָרעמע קלאַסן. אין די יאָרן פון אומגערע־טעניש פלעגן די אָרעמע פאַרקויפן צו די רייכע אָדער פאַרזעצן ביי זיי זייערע פעלדער, זייערע וויינגערטנער, זייערע הייזער, אָפטמאָל אַפילו די קינדער, כדי צו באַקומען אַ פּראָצענטיקע הלוואה, אָדער תבואה צו דער־נערן זיך, אָדער געלט, צו באַצאָלן מס דעם פּערסישן פּחה.

דער ערשטער דור פון די פאַרטריבענע, וואָס זיינען נאָך פאַר כרשן אָנגעקומען צוריק אין ארץ ישראל, האָט זיך געהאלטן ווייט פון יענע, וועלכע זיינען גאָר אין אָנהייב פאַרבליבן אין לאַנד און האָבן אָנגעהערט איבערהויפּט צו די נידעריקערע קלאַסן; די ווייטערדיקע דורות אָבער האָבן זיך שוין מיט זיי אויסגעמישט דורך חתונות־פאַרבאַנדן און גע־מיינדע־אָרגאַניזאַציעס. די דאָזיקע צונויפגיסונג האָט געהאַט פאַר ביידע צדדים זייער וויכטיקע קאָנסעקווענצן. די פּאַלעסטינישע יידן זיינען גע־שטאַנען אין גייסטיקן זין פיל נידעריקער פאַר די אָנגעקומענע פון בבל, וועלכע זיינען שוין געלייטערט געוואָרן אין דעם פייער פון צרות; אין זיי־

ער גלויבן זיינען נאָך געבליבן פיל רעשטלעך פון די אַלטע האַלב־געצנ־דינערישע באַגריפן און מנהגים, וועלכע זיי האָבן, אפילו אין אַ שוואַכער פאָרם, געירשנט פון זייערע אורעלטערן. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט זיך די פון בבל צוריקגעקערטע — איינגעגעבן, אויפצוהייבן די דאָזיקע מאַסן אין אַ געוויסער מדרגה צו זיך און אָפּצורייניקן זייערע רעלי־גיעזע פאָרשטעלונגען וועגן גאָט און מענטש. דער פונדאַסניי אויפגעבוי־טער בית־המקדש איז געוואָרן דער צענטער פון גאָטעס־דינסט, און דער אַלטער במות־קולט האָט שוין מער נישט געקאָנט בײַשטיין קעגן אים. די פּילצאָליקע כהנים און לויים האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער הייליקער שטאָט אַרום בית־המקדש. דער געזעצלעכער קולט פון דער תורה און דער כהנים־שטאָט פון יחזקאל, האָבן אַרויסגעשטופּט די נישט־צוגעפּאַסטע פאָלקס־מנהגים. נישט לייכט איז אָנגעקומען דער יידישער געמיינדע אויסצוהאַלטן אָט דעם דאָזיקן בית־המקדש־קולט. זי האָט געמוזט צו־שטעלן בהמות פאַר די אַלטעגלעכע און יום־טובדיקע קרבנות און אויס־האַלטן אַ גרויסן שטאָט פון כהנים און לוים. דאָס האָט אויסגעמאַכט זייער אַ גרויסער אָפּצאָל, וואָס איז געווען בערך נישט נאָך די קרעפטן פון די אָרימע קלאַסן, וועלכע זיינען אויסער דעם געווען באַלעסטיקט נאָך מיט פיל אַנדערע מסים. די פאַרשידענע מתנות־כהונה און מתנות־לויה (תרומה, מעשר אדג״ל), פלעגן אָפט צוגעשטעלט ווערן אין אַ קאַרגער מאָס, און דאָס ווידער, האָט זיך זייער נישט גינסטיק אָפּגעשפּיגלט אויף דער לאַגע פון דעם גייסטלעכן שטאַנד.

מיט דער צייט האָבן זיך אין דער יידישער געמיינדע אַריינגעריסן אויך פרעמדע עלעמענטן. פיל געצנדינער פון די אַרומיקע קליינע פעל־קער זיינען אַריבערגעגאַנגען צו דער יידישער אמונה און אַזעלכע גרים זיינען אין זייערע רעכטן פאַרגליכן געוואָרן מיט די בירגער פון לאַנד. זיי האָבן געדינט ווי אַ פאַרבינדנדיקע קייט צווישן די יידן און די אַרומיקע שבטים; זיי האָבן אונטערגעהאַלטן די פאַמיליען־באַציאונגען און פלעגן זיך מתחתן זיין מיט זייערע פריערדיקע קרובים, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן ביי זייער געצנדינעריי. מיט זייערע ביישפּילן האָבן זיי שלעכט געווירקט אויך אויף די אמתע יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט דער געצנדינעריי און זיך משדך צו זיין מיט זייערע געצנ־דינערישע שכנים. אין יידישע פאַמיליעס האָט מען שוין געקענט באַגע־

געגנען פרויען פון די עמונער, אַשדודער און שומרונער. דאָס איז איבער־הויפּט געווען צו באַמערקן צווישן די יידישע אַריסטאָקראַטן און רייכע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאַרוואַלטונג פון פאָלק און האָבן דעריבער געהאַט די מעגלעכקייט צו דערנענטערן זיך מיט די יחסנישע און איינפלוסרייכע פאָרשטייער פון די שכנישע פעלקער. אַזעלכע געמישטע חתונות האָבן געשמעקט מיט אַ גרויסער געפאַר פאַר דער ריינקייט פון דער יידישער ראַסע און דער יידישער אמונה. דאָס יידנטום איז נאָך אַליין נישט געווען אַזוי פיל פעסט נאַציאָנאַל און גייסטיק, כדי אַריינצונעמען אין זיך פרעמדע עלעמענטן, און נישט אַרונטערפאַלן אין אַ געוויסן זין אונטער זייער ווירקונג. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך דאַן גענייטיקט אין אַ שטרענג נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט; ווייל אים איז פאָרגעשטאַנען די געפאַר, צעגאַנגען און צעגאָסן צו ווערן, ווי שניי אין וואַסער, צווישן אַנדערע פעלקער, און דעם יידנטום — פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ וועלכן ס׳איז פאָרעמלאָזן מאָנאָטעאיזם, אָן אַ שום באַזונדערן פּראַקטישן יסוד.

קעגן דער דאָזיקער געפאַר זיינען אַרויסגעטראָטן די בעסטע כוחות פון פאָלק. עס איז אַנטשטאַנען אַ נאַציאָנאַלע אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע, צו שיצן דאָס יידישע פאָלק פון דער שענדלעכער אַסימילאַציע. אומדייטלעכע אָפּקלאַנגען פון דעם דעמאָלטיקן קולטור־קאַמף זיינען צו אונדז דערגאַנגען אין נישט פיל רעדעס פון נביא מלאכי. דער נביא וואַרפט פאַר זיינע ברידער דאָס, וואָס זיי טרעטן איבער דעם פאַרזאָג פון הייליקייט, וואָס איז דעם יידישן פאָלק פון גאָט אָנגעבאָטן געוואָרן — די ריינקייט פון דער ראַסע און דער אמונה.

„יהודה האָט גאָט אָפּגענאַרט און אַ פאַרברעך איז באַגאַנגען געוואָרן צווישן ישראל און ירושלים; יהודה האָט פאַרשוועכט די הייליקייט פון גאָט דורך דעם, וואָס ער האָט ליב באַקומען און איז דער מאַן געוואָרן פון דער טאָכטער פון אַ פרעמדן גאָט". דער נביא פּראָטעסטירט קעגן געמישטע חתונות און איבערהויפּט שטראָפט ער די, וועלכע גטן זיך מיט זייערע יידישע ווייבער, כדי חתונה צו האָבן מיט אַנדערע פון פרעמדע פעלקער, קעגן געזעץ. „אַ זון ערט זיין פאָטער, אַ קנעכט ציטערט פאַר זיין האַר. בין איך אייך אַ פאָטער — זאָגט יהוה — טאָ וואו איז דאָס

ערע־געפיל צו מיר, בין איך אייך אַ האַר, וואו זשע איז די שרעק פאַר מיר?"

מלאכי שטראָפט באַזונדער שטרענג די כהנים און די נביאים, וועל־כע באַציִען זיך גלייכגילטיק צו זייערע בית־המקדשדיקע פליכטן, ווי אויך צו זייער ראָל ווי רעליגיע־לערער. אין קעגנזאַץ צו די אַמאָליקע נביאים, גיט ער אָפּ כמעט דעם העכסטן אָרט אין דער געזעלשאַפט די גייסטלעכע פון בית־המקדש. „די לעפּצן פון כהן מוזן היטן די וויסנשאַפט, ביי אים מוז מען לערע זוכן, ווייל ער איז דער געשיקטער פון גאָט". „איר אָבער — ווענדט ער זיך צו די גייסטלעכע פון זיין צייט — האָט זיך אָפּגע־נייגט פונעם געטלעכן וועג, פיל האָט איר פאַרפירט קעגן דעם געזעץ — און אָט פאַרוואָס איך האָב אייך געמאַכט פאַר די פאַרהאַסטע און דער־נידעריקסטע צווישן פאָלק". ווערטער אַליין זיינען אָבער נאָך ווייניק גע־ווען, אום אויסצוראָטן די בייזע פאַרברעכן אין יהודה. דאָ האָט מען גע־מוזט ענערגיש אַרויסטרעטן און קעמפן קעגן אַ גאַנצער ריי געפערלעכע שטרעמונגען. אין יהודה האָט זיך אָבער נישט געפונען, ווער עס זאָל ראוי זיין צו אַזאַ אויפגאַבע. דעם נייעם קעמפער פאַר דער יידישער אָריגינאַ־ליטעט, פאַר דער יידישער אָפּגעזונדערטקייט און פאַר דעם ריין יידישן גייסט האָט ווייטער געשאַפן דער גלות: פון צווישן די פאַרבליבענע יידן אין בבל איז ער אין זיין פאָטערלאַנד געקומען, פול מיט ענערגיע, מיט שטאַרקן ווילן, מיט געטלעכן גייסט. מיט מלאכין ווערט פאַרענדיקט דער פעריאָד פון נבואה ביים פאָלק ישראל, דער רוח־הקודש ווערט אָפּגעטון; דערפאַר אָבער הייבט זיך דאָן אָן אַ נייער פעריאָד פון „סופרים", פון גע־לערנטע עסקנים; פראַקטישע כלל־טוער, וועלכע אַרבעטן אָן אויפהער, אָן רו צו פאַרפולקאָמען דאָס געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע לעבן פון זייער פאָלק.

דער ראש פון דער נייער תקופה איז עזרא הכהן.

עזרא, וועלכער האָט געוואוינט אין בבל, האָט געשטאַמט פון כהנים־גדולים. זיין אור־אַלטער־פאָטער איז געווען דער באַרימטער כהן גדול חלקיהו, וועלכער האָט אין מלך יאשיהוס צייטן געפונען די ספר־תורה אין בית־המקדש און דורך דעם געבראַכט צו אַ גאַנצער איבערקע־רעניש אינעם גייסטיקן לעבן פון לאַנד; זיין זיידע איז געווען דער כהן גדול שריהו, וועלכן נבוכדנאצר האָט געלאָזט הרגענען אין דער צייט פון

חורבן, און די קינדער פון וועלכן עס האָבן אין גלות מיטגעבראַכט די הייליקע ספרים פון זייער פאָטערלאַנד. עזרא אַליין, וועלכן מ׳האָט אין די שפּעטערדיקע דורות פאַרגליכן מיט משה בן־עמרמען, איז געווען צווישן די פאַרטריבענע אין בבל באַרימט ווי אַ גרויסער געלערנטער, און האָט באַקומען דעם טיטול סופר. ער האָט טיף דערלערנט די יידישע רעליגיעזע ליטעראַטור און האָט זיך געמיט זי צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק אין קאָפּיעס, וואָס ער אַליין האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, צוגעגרייט. „עזרא — דערציילט די מסורה — האָט אָנגעברייט זיין האַרץ, אויסצופאָרשן גאָטס תורה און איר מקים צו זיין, ווי אויך צו לערנען דאָס פאָלק ישראל געזעצלעכקייט און אמת״. עזרא האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז די יידישע נאַציע וועט נאָר דאַן האָבן אַ קיום, ווען זי וועט זיך האלטן אין איר אינערלעכן לעבן נאָר ביי איר נאַציאָנאַלן גייסט. אין דער דאָזיקער ריכטונג האָט ער געווירקט צווישן די יידישע קהלות אין בבל און פּרס. ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון דער געמיינהייט, וואָס הערשט אין דער יידישער געמיינדע פון ירושלים, האָט ער אָנגענומען אַ באַשלוס, צו באַזעצן זיך דאָרט, מיט דעם צוועק אַרויסצורופן ביים פאָלק אַ שטרעבונג צו אַ גייסטיקער באַנייאונג. כדי צו באַוואָרענען זיך אַ גרעסערן דערפאָלג אין דער אַרבעט אין יהודה און כדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו רעפאָרמירן אַלע געביטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן, גייסטיקן און פאַמיליען־לעבן פון פאָלק אין דעם גייסט פון משהס לערע, האָט עזרא געמוזט באַזיצן אַ וועלכע נישט איז קראַפט און האָבן אַ פולמאַכט פון דער פּערסישער רעגירונג. אַזאַ מין באַפולמעכטיקונג איז אים געלונגען צו באַקומען פון דעם פּערסישן מלך ארתחשסא דעם ערשטן (465—425). עזראן איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו באַשטימען אין יהודה ריכטער און צו לערנען זיי, ווי צו משפּטן, לויט די געזעצן פון יודאַאיזם. אויסער דעם איז אים דערלויבט געוואָרן, צו קלייבן ביי יידן אין בבל געלט פאַר דעם בית־המקדש אָדער פאַר די פאַראָרימטע פאַמיליעס אין ירושלים, ווי אויך מיטצונעמען מיט זיך קיין יהודה יענע גלויבנס־ברידער, וועלכע ווילן פאַרלאָזן דעם גלות. אַזעלכע „צוריקקערנדיקע״ האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַרום אַנדערטהאַלבן טויזנט מאַן, מאַנסלייט; צו זיי זיינען נאָך צוגעשטאַנען אַ גרופּע לוים און כהנים. ווי אַ פאַרזאַמלונגס־פּונקט פאַר דעם דאָזיקן קאַראַוואַן האָט געדינט אַ פּלאַץ אויף דעם ברעג פונעם טייך

אהבה. דאָרט האָט עזרא פאַרזאָגט די פאַרזאַמלטע צו פאַסטן און צו בעטן גאָט וועגן אַ גליקלעכן וועג, ווייל אים איז אומאַנגענעם געווען צו פאָדערן ביי ארתחשסתאן אַ חיל־שמירה פאַר די „צוריקקערנדיקע״. אין אַ געוויסער מאָס האָט געקענט עזראן און זיין חברה באַשיצן דאָס, וואָס ער האָט מיט זיך געפירט קעניגלעכע בריוו צו דעם פּחה פון „עבר הנהר״ (סוריא און מעסאָפּאָטאַמיע), וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל און איז געווען מיט איר פאַרבונדן אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט. די מסורה לייגט נאָך צו, אַז עזרא האָט געפירט זייער רייכע געשאַנקען פון פּערסישן מלך און פון די „בני־הגולה״ קיין ירושלים פאַרן בית־המקדש. אין צוועלפטן טאָג פון חודש ניסן האָט זיך עזרא געלאָזן אין וועג אין דער שפּיץ פון זיין סוויטע, און דעם ערשטן טאָג אין חודש אב איז די גאַנצע פּאַרטיע אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון יהודה. נאָך אַ דרייטאָגיקער רו, האָט עזרא איבערגעגעבן די מתנות אין בית־המקדש און די פּערסישע באַאַמטע האָט ער געוויזן דעם באַפעל פון ארתהשסתאן וועגן דעם, אַז אין יהודה מוז איינגעפירט ווערן אַ נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, און וועגן דעם, וואָס פאַר אַ ראָלע עס ווערט אים, עזראַן, אָנגעצייכנט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער רעפאָרם־באַוועגונג.

אין ירושלים גופא האָט זיך געפונען אַ געוויסער טייל הייסע פּאַט־ריאָטן, וועלכע האָבן זיך באַצויגן זייער פיינטלעך צו דער אַסימילאַציע און, ווי נאָר ס׳איז אָנגעקומען פון בבל דער נייער רעפאָרמאַטאָר, זיינען זיי באַלד צו אים צוגעשטאַנען. פון די דאָזיקע איינפאַרשטענדיקע האָט זיך עזרא דערוואוסט פיל ערגערע זאַכן, ווי ער האָט זיך געקענט פאָר־שטעלן. ער האָט זיך אויך גיך איבערצייגט, אַז די אָפּשוואַכונג פון דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט אין פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער גע־זעלשאַפט נעמט אָן וואָס ווייטער אַלץ מער געפערלעכע פאָרמען, און אַז די הויפּט־אורזאַך דערפון זיינען די געמישטע חתונות. אָן אויפגערעגטער פון אַלץ, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, האָט עזרא זיין פאַרביטערט האַרץ אויסגעגאָסן עפנטלעך אין אַ תפילה אין בית־המקדש אין דער צייט פון דער פאַרנאַכטיקער עבודה. דאָס פאָלק איז גערירט געוואָרן פון דעם ערנסטן צער און פון די הייסע טרערן פון דעם געלערנטן מאַן. אַ פאָר־שטייער פון דער פּאַטריאָטישער פּאַרטיי האָט זיך געווענדט צו עזראַן מיט די ווייטערדיקע ווערטער: „מיר זיינען טאַקע שולדיק קעגן גאָט דער־

פֿאַר וואָס מיר האָבן גענומען פרעמדע ווייבער; נאָר מיר האָבן נאָך אַ האָפענונג: לאָמיר זיך דאָ פאַר גאָט פאַרפליכטן אַוועקצולאָזן אונדזערע אַלע אַזעלכע ווייבער פון פרעמדע פעלקער און די קינדער, וואָס זיי האָבן אונדז געבוירן, לויט דעם געבאָט פון גאָט און פון די, וועלכע גייען אין זיינע וועגן. זאָל פון איצט אָן געהיט ווערן די געזעצלעכקייט! שטיי זשע אויף פון דער ערד, ווייל אויף דיר ליגט דער חוב דאָס דורכצופירן און מיר וועלן זיך מיט דיר פאַראייניקן און דיר העלפן אין דיין אַרבעט. שטאַרק דיך און ווירק!" — עזרא האָט געפאָלגט דער דאָזיקער אויפֿפאָדערונג און דאָ אויפן אָרט האָט ער פון אַלעמען אַ שבועה גענומען, אַז זיי וועלן גיין אין די וועגן פון דעם נאַציאָנאַל־יידישן גייסט און פון דעם יידישן גלויבן.

באַלד האָט ער צוזאַמענגערופן אין ירושלים אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון אַלע אָרטיקע און אַרומיקע איינוואוינער. די פאַרזאַמלונג איז אויסגעקומען אין דעם 20־טן טאָג פון חודש כסליו, אויף דעם פּלאַץ פאַרן בית־המקדש. עס האָט געגאָסן אַ גרויסער רעגן און די פאַרזאַמלטע — ווי ס׳דריקט זיך אויס דער כראָניקער — האָבן געציטערט פון קעלט און פון אויפרעגונג. עזרא האָט זיי דערקלערט זיין פאָדערונג — אַוועקצולאָזן די פרעמדע פרויען און אין אַלגעמיין זיך אָפּצושיידן פון די פרעמדע פעלקער. דאָס פאָלק האָט הויך אויסגעדריקט זיין איינשטימיקייט, נאָר פון זיין זייט האָט עס געפאָדערט, אַז ס׳זאָלן געגרינדעט ווערן באַזונדערע ראַטן פון עלטסטע און ריכטער, צו באַטראַכטן די פאַרשידענע מיספאַרשטענדענישן, וואָס וועלן אויסוואַקסן אויף דעם באָדן פון די פאַמיליען־צעשיידונגען. באַלד האָט זיך אין ירושלים געשאַפן, אונטער דער אָנפירונג פון עזרא הסופר, אַ ראַט, וועלכער פלעגט אויספאָרשן אַלע פאַלן פון געמישטע חתונות און מיטהעלפן זיי צו צערייסן. דאַן זיינען אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן רשימות פון די פאַמיליעס, וואו עס האָבן זיך געפונען פרויען פון פרעמדע פעלקער, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פיל פון די גרויסע מיוחסדיקע משפחות, אפילו פון די כהנים, זיינען געווען באַשמוצט מיט דער דאָזיקער זינד. עזראס מי איז מן הסתם נישט געווען אומזיסט. די פרעמדע פרויען זיינען דערווייטערט געוואָרן פון פיל יידישע פאַמיליעס. דאָס איז געווען אַ שטרענג מיטל, מיט וועלכן ס׳איז פאַרבונדן געווען די פונאַנדעררייסונג פון הונדערטער שטאַרקסטע

פאַמיליען־פאַרבאַנדן און פערזענלעכע נייגונגען; דער דאָזיקער שווערער קרבן איז אָבער געווען נייטיק, צו באַפעסטיקן דעם פאָלקס־אָרגאַניזם. די פרעמדע עלעמענטן האָבן געמוזט דערווייטערט ווערן פונעם יידנטום, ווייל זיי האָבן געטראָגן אין זיך אַ געפאַר פאַר דער ריינקייט פון די יידי־שע רעליגיעזע באַגריפן.

די דאָזיקע פאַטריאָטישע באַוועגונג אין יהודה קעגן די געמישטע חתונה־פאַרבינדונגען און בכלל קעגן די צו־נאָענטע פאַרבינדונגען מיט די פרעמדע פעלקער האָט אָבער ביי די אַרומיקע שכנים אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג. די פרעמדע פרויען, וועלכע זיינען דערווייטערט גע־וואָרן פון יהודה און וועלכע האָבן געמוזט זיך אומקערן אין זייערע לענ־דער, האָבן אויפגעוועקט ביי זייערע פריינט און נאָענטע געפילן פון נקמה פאַר דער אָנגעטוענער באַליידיקונג. צו דער זעלבער צייט זיינען אין דער סורישער פּראָווינץ, צו וועלכער עס האָט אויך אָנגעהערט פּאַ־לעסטינע, פאָרגעקומען גרויסע פּאָליטישע מהומות. דער פּחה פון סוריא האָט מורד געווען קעגן ארתחשסתא און אין אַ משך פון אייניקע יאָר האָט ער מלחמה געהאַלטן קעגן אים, כדי אָפּצורייסן זיין פּראָווינץ פון פּערסיע. מיט די דאָזיקע מהומות האָבן זיך באַנוצט די שבטים, וועלכע זיינען געווען פיינטלעך צו יידן. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין ירושלים, וועלכע איז דאַן געווען נאָך אומבאַפעסטיקט פון דרויסן, האָבן צעבראָכן די איבערגעבליבענע טיילן פון דער אַלטער שטאָט־מויער און אונטערגע־צונדן די שטאָט־מויערן. די עמונער, די אשדודער, די שומרונער האָבן באַ־קומען אַ פרייען צוטריט צו דער הויפּטשטאָט און האָבן דאָרט געבאַלע־באַטעוועט, ווי ביי זיך אין דער היים.

דאָס האָט זייער געקרענקט די פּאַטריאָטן פון ירושלים, וועלכע זיינען געווען עזראס אָנהענגער. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז צו דער אינערלעכער אָפּגעזונדערטקייט פון פאָלק איז נייטיק אים אויך אויסער־לעך אָפּצוזונדערן, אַז ירושלים מוז ווערן אַ פאַרפעסטיקטע, געשלאָסענע שטאָט, וואו עס זאָלן זיך נישט קענען לייכט אַריינגרייסן קיין רויבע־רישע שונאים, מען מוז אַרומבויען די הויפּטשטאָט מיט פעסטע ווענט — דאָס איז פון דאַן אָן געוואָרן די הייסטע שטרעבונג פון די יידישע פּאַט־ריאָטן. זייער הויפּטמאַן עזרא, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו רעפאָרמירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, אינעם גייסט פון דער יידישער לערע און

דעם יידישן פֿאָלקס־געפֿיל, האָט זיך געגייטיקט אין אַ מיטהעלפֿער, וועל־
כער זאָל באַזיצן פּאָליטישע און צייטנווייז אויך דיפּלאָמאַטישע פֿעאי־
קייטן און זאָל קענען באַפֿעסטיקן די אויסערלעכע פּאָזיציע פֿון דעם יידי־
שן פֿאָלק צווישן די אַרומיקע שבטים. אַזאַ פּערזאָן איז ווידער דערשינען
אין גלות, דאָס איז געווען נחמיה בן־חכליה, וועלכער האָט פֿאַרנומען דעם
פּאָסטן פֿון שר־המשקים אין דעם קעניגלעכן הויף אין פּערסיע פֿאַרן מלך
ארתחשסתא דעם ערשטן אין דער הויפּטשטאָט שושן.

פֿון זיין ברודער חנני, וועלכער איז, נאָך די נייע אומגליקן, וואָס
האָבן זיך געשאָטן אויף ירושלים, געקומען פֿון יהודה קיין פּרס, האָט
זיך נחמיה דערוואוסט אין וואָס פֿאַר אַ פֿינצטערער לאַגע עס געפֿינט
זיך זיין פֿאָלק און זיין פֿאָטערלאַנד. נחמיה, דער באַענטסטער און גע־
ליבטסטער שר פֿון מלך פּרס, איז שרעקלעך גערירט געוואָרן פֿון די
טרויעריקע ידיעות. נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן פּלאַץ, וואָס ער האָט
פֿאַרנומען אין גלות, האָט דאָך אין זיין האַרצן געברענט די הייליקע ליבע
און די אומענדלעכע בענקשאַפֿט צו דער הייליקער שטאָט, צום בית־
המקדש, צו זיינע ברידער, און די שרעקלעכע ידיעה האָט אין אים גע־
וועקט אַ ביטערן טרויער. פֿונדעסטוועגן איז נחמיה נישט אָפּהענטיק גע־
בליבן. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ענערגיע,
אומגעוויינלעכע פֿעאיקייטן און אומגעוויינלעכער שטאַנדהאַפֿטיקייט. ביים
הויף האָט ער זיך אויסגעלערנט די קונסט פֿון פֿאַרוואַלטן, די קונסט פֿון
הערשן איבער מענטשן מיט דער הילף פֿון אומבויגזאַמען ווילן, און אויס־
נוצן אַלערליי געשעענישן. ער האָט פֿעסט באַשלאָסן, פֿערזענלעך צו גיין
קיין ירושלים און מאַכן אַן ענדע צו דער טרויעריקער לאַגע. זיין הויכער
פּאָסטן האָט אים אָבער נישט דערלויבט מיטאַמאָל צו פֿאַרלאָזן פּרס.
דאָס האָט אים זייער געקרענקט. זיינע שווערע אינערלעכע ליידן האָבן
זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין אויסערלעכן אויסזען: זיין געזיכט איז בלייך
געוואָרן און די אויגן — אויסגעלאָשן, און ווען ער האָט איינמאָל, ווי שר
המשקים דערלאַנגט דעם קיניג און דער קיניגן דעם כוס, האָט זיין אויס־
געמאַטערטער בליק פֿאַרוואונדערט ארתחשסתאן. „פֿאַרוואָס זעסטו אויס
אַזוי שלעכט? — האָט דער קעניג געפֿרעגט — דו ביסט, דאַכט זיך, נישט
קראַנק?!" — „ווי אַזוי זאָל איך אויסזען גוט — האָט נחמיה געענטפֿערט
— ווען די שטאָט, אין וועלכער עס געפֿינען זיך די קברים פֿון מיינע אור־

עלטערן, איז רואינירט און אירע טויערן זיינען פאַרברענט". — דאַן האָט נחמיה אַרויסגעזאָגט פאַרן מלך זיין הייסטן פאַרלאַנג, אומצוקערן זיך אין זיין פאַרוויסטן פאָטערלאַנד, כדי מיטצוהעלפן די אַרבעט פון זיין באַנייאונג. ארתחשסתא איז געווען אויף אַזוי פיל גנעדיק, אַז ער האָט אים אַלץ דערלויבט: אונטערצונעמען זיין רייזע קיין ירושלים אָפּצובויען אי־רע ווענט, און פונדאָסניי צו ברענגען אין אָרדענונג די צעררודערטע גע־מיינדע. ער האָט אים געגעבן בריוו צו זיינע באַאַמטע מיט אַ באַפעל, אים נישט צו מאַכן קיינע שטערונגען אויפן וועג און פאַרזאָרגן מיט בוי־מאַ־טעריאַל. ער האָט אים געגעבן אַ מחנה פון פוסגייער און רייטער און האָט אים באַשטימט ווי פאַרטרעטער פון יהודה. נאָר איין באַדינג האָט ארתחשסתא געשטעלט נחמיהן: ער זאָל דאָך נישט זייער לאַנג פאַרבלייבן אין ירושלים און אין אַ געוויסער צייט אַרום זיך צוריקקערן אין הויף.

מיט נחמיהס אָנקומען קיין ירושלים הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון יידישע קהלות אין יהודה. אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע קרובים, באַדינטע און וואָך האָט נחמיה פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט שושן און אַזוי ווי ער האָט דורכגערייזט דורך דער געווע־זענער אפרים־מלוכה, האָט נחמיה געמוזט ווייזן דעם פּחה דעם קעניג־לעכן באַפעל, און די אָנפירער פון די יידישע שונאים, די שומרונער סנבלט און טוביה, האָבן זיך באַלד דערוואוסט דעם צוועק פון נחמיהס רייזע, און זיי האָבן באַלד דערפילט, אַז ס'הייבט זיך אָן פאַר זיי אַ צייט פון אַ נייעם קאַמף. זיי איז איבערהויפּט נישט געווען אנגענעם דאָס, וואָס אַ ייד ווערט באַשטימט פאַר אַ רעגירונגס־פאַרטרעטער, און דערצו אַ ייד, וועלכער האָט בדעה ענערגיש צו באַשיצן זיינע פאַרפאָלגטע ברידער.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים, האָט נחמיה זיך אין ערגעץ נישט געוויזן. ער האָט פריער געוואָלט גוט אויסשטודירן דעם באָדן פון זיין טעטיקייטס און די מענטשן, מיט וועלכע ער וועט איצט מוזן קומען אין געוויסע באַציאונגען. דערווייל האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט פראַכטפולער הערלעכקייט; אַזוי ווי ער האָט געהאַט ריזיקע רייכטימער, האָט ער געלעבט ווי אַ פירשט. דעם צוועק פון זיין אָנקומען האָט ער צו־ערשט געהאַלטן אויף אַזוי ווייט בסוד, אַז אפילו די יידישע מאַגנאַטן האָבן אויך וועגן דעם גאָרנישט געוואוסט: ער האָט זיי נישט זייער אָנ־געטרויט. איינמאָל איז ער אַרויסגעפאָרן ביינאַכט הינטערן שטאָט צו באַ־

טראַכטן די צעבראָכענע שטאָט־מויערן, כדי אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיי אויפצושטעלן. שפּעטער האָט ער פאַררופן די הויפּלייט פון די בתי־אָבות (אָפּשטאַמונגען), און זיי מגלה געווען, צו זייער גרויסער באַ־וואונדערונג, אַז נישט נאָר ער איז באַפולמעכטיקט אויפצובויען די צע־בראָכענע שטאָט־ווענט, נאָר אויך אַריינצוברענגען אָרדענונג אין דעם גאַנצן לאַנד. צום לעצט האָט ער אויך צוגעגעבן, אַז ער וויל מאַכן אַ סוף צו דער שאַנדע און דעם אומגליק פון דער יידישער קהלה אין איר פאַ־טערלאַנד. אַלע האָבן אים אויסגעדריקט זייער גרייטקייט, אָנצוואווענדן זייערע אַלע כוחות פאַר דער אלגעמיינער זאַך. אַפילו די, וועלכע האָבן זיך געחברט מיט די אַרומיקע שכנותדיקע פעלקער און זיינען געווען מיט זיי אין גוטע באַציאונגען, האָבן אַרויסגעוויזן זייער צופרידנקייט. אָבער דאָך איז אומגעוויינלעך שווער געווען דורכצופירן די אויפגאַבע, וואָס נחמיה האָט אויף זיך גענומען. ער האָט געמוזט ברענגען אין אָרדענונג די פולשטענדיק רואינירטע געמיינדע, וואָס אירע מיטגלידער האָבן זיך דאָך נישט געקענט באַשליסן, זיך קעגנצושטעלן דער געפאַר, צוליב זייער מו־רא, צוליב זייער שוואַכקייט, צוליב זייער אייגנליבע, אָדער צוליב פאַר־שידענע אַנדערע פאָראורטיילן. די ערשטע זאָרג זיינע איז געווען צו פאַר־פעסטיקן ירושלים, ווייל אָן דעם וועט אומנוצלעך זיין יעדע אונטערנע־מונג, יעדע רעפאָרם.

מיט דער אַרבעט פון באַפעסטיקונג האָט אָנגעפירט נחמיה אַליין; פאַרשידענע גרופּעס האָט ער באַשטימט ווי אויפזעער. דערווייל איז אָבער די זאַך נישט אַזוי לייכט פאַרויסגעגאַנגען. ווייטער האָבן די שומ־רונים מיט סנבלט און טוביה אין דער שפּיץ געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי לאָזן אָנטיילנעמען אין דער אויפבויאונג פון דער הייליקער שטאָט, נאָר נחמיה האָט זיי אויך, ווי זיינע פאָרגייערס אָפּגעשטויסן. „קיין שום טייל, קיינע שום פאַרדינסטן, קיין שום אָנדענק דאַרפט איר נישט האָבן אין ירושלים". דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן שטערן דעם פאַרטרעטער אין זיין אַר־בעט אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל יענער האָט אַרויסגעוויזן אומגעוויינלע־כע פלייסיקייט, צו דערפירן ביזן סוף די אָנגעהויבענע זאַך. אין אָנהויב האָבן זיי זיך באַנוצט מיט רמאות... זיי האָבן געפּרואווט אָנריידן, ווען מען האָט געדאַרפט, אַז נחמיה טראַגט זיך מיטן געדאַנק, אָפּצורייסן יהודה פון פּרס און דענקט אַליין צו ווערן דער יידישער מלך. שפּעטער

האָבן זיי געמיינט אַריינצוברענגען די יידישע אַרבעטער אין פאַרצווייפ־לונג דורך דעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעלאָכט פון זייער בנין און גערעדט, אַז אפילו אַ פוקס וועט די גאַנצע וואַנט קענען איינוואַרפן, אַזוי שלעכט איז עס געמאַכט. ווען אָבער די מויער איז שוין אויפגעבויט געווען ביז העלפט, האָבן זיי זיך צונויפגערעדט מיט די איבעריקע פיינטלעכע שבטים, צו מאַכן אַ געהיימען אָנפאַל אויף די אַרבעטער, אום פונדאַסניי צו צעברעכן דאָס אויפגעשטעלטע.

נחמיה איז אָבער געווען געגנוג מונטער און וואַך. ווי וועכטער האָט ער אַוועקגעשטעלט ביים מויער אַ טייל פון זיינע מענטשן אונטער דער השגחה פון יידישע פירער; די אַרבעטער זיינען געווען באַוואָפנט מיט גע־ווער, און די משאות־טרעגער האָבן אין איין האַנט געהאַלטן די שווערד און אין דער צווייטער — דאָס מאַטעריאַל. כדי אונטערצואיילן די אַר־בעט, האָט נחמיה פאַראָרדנט, אַז עס זאָל געאַרבעט ווערן פון זון־אויפ־גאַנג ביז וואַנען די שטערן באַווייזן זיך; אַ טייל פון די אַרבעטער האָבן ביינאַכט געמוזט וואַך זיין און היטן, אַז קיינער זאָל אין שטאָט נישט אַריינדרינגען פון דער פרעמד. די באַוואָפנטע פלעגן זיך לאַנג נישט אויסטון. נחמיה אַליין פלעגט זיך שטענדיק געפינען אויף דעם פלאַץ פון דער אַרבעט, האָט זיך באַוויזן דאָ און דאָרטן אין דער באַגלייטונג פון אַ טראָמפּעטיסט. סנבלט און זיינע חברים זיינען דאַן געפאַלן אויף אַנדערע מיטלען, ווי צו שטערן נחמיהן אין דער אַרבעט. זיי האָבן געוואָלט אין דעם יידישן לאַגער גופא אַרונטערררייסן דעם צוטרוי צו נחמיהן און שאַפן קעגן אים שונאים צווישן זיינע אייגענע ברידער. פאַר געלט האָבן זיי געפונען אין יהודה גופא פאַררעטער. די הויפּטלייט פון יענע משפחות, וועלכע זיינען פון פריער געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט די שונאים פון ירושלים האָבן דורך בריוו זיך פאַרבונדן מיט טוביהן, סנבלטס חבר. דאָך האָבן אָט די אַלע שטערונגען נישט געקענט אָפּטויטן אין נחמיהן זיין ריזיקע ענערגיע: ער האָט פאַרענדיקט די אָנגעהויבע־נע אַרבעט מיט אַן אומגעווייגלעכער פלייסיקייט און מיט זיין געלאַסנ־קייט און אויסגעהאַלטנקייט האָט ער פאַרוואונדערט אפילו זיינע אייגענע פיינט.

צו דער אייגענער צייט, וואָס נחמיה האָט געפירט דעם קאַמף מיט די אויסערלעכע שונאים, איז אים אויך אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך

מיט די אינערלעכע שונאים פון פאָלק. געוויסע מיוחסדיקע משפחות, וועלכע האָבן געשפּילט אין לאַנד אַ צווייטיקע ראָל, האָבן, ווי אויבן איז דערמאָנט, האָבן געדינט אין דער שטיל דעם שונא, און אים אונ־טערגעשטיצט אין די פאַרשידענע בלבולים קעגן נחמיהן. אויסער דעם האָבן זיי אויפן העכסטן אכזריותדיקן אופן געדריקט זייערע אָרימע ברי־דער. ווען די אָרימע פלעגן לייען ביי די רייכע געלט פאַרן ערד־צינדז, צו באַצאָלן דעם פּערסישן הערשער אָדער ברויט אין אומגערעטעניש־יאָרן, צו שפּייזן זייערע משפחות און פלעגן דערביי פאַר אַ משכן נעמען זייערע פעלדער, ווייגגערטנער, איילבירט־ביימער, הייזער אָדער אפילו קינ־דער, — פלעגן די מלוים (קרעדיטאָרן) פאַרהאַלטן די ערד פון בעל־חוב, ווען ער פלעגט צום טערמין נישט באַצאָלן, און זיינע זין און זיינע טעכטער פלעגן זיי פאַרקויפן אין קנעכטשאַפט. ווען די קלאגעס פון די, וואָס פלעגן ליידן פון דער דאָזיקער אכזריות, האָבן אָנגעהויבן אַלץ אָפ־טער און אָפטער זיך צו דערטראָגן צו נחמיהס אויערן, האָט ער באַשלאָסן צו פאָדערן אַ דערקלערונג פון די האַרטהאַרציקע עשירים. ער האָט גע־לאָזן צוזאַמענרופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג און געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער אכזריות, וואָס איז אַזוי פאַרשפּרייט דורך דעם יידישן געזעץ. „מיר, אין פּרס, — האָט ער אין זיין רעדע געזאָגט — קויפן שטענדיק אויס אונדזערע אָרימע ברידער, וועל־כע איר פאַרקויפט צו די געצנדינער; אויף אַזאַ אופן, פאַרקויפט זיי לכתחלה צו אונדז". די באַדייטונג פון נחמיה איז געווען אַזוי גרויס, זיין שטים איז געווען אַזוי וויכטיק און צוזאַמען מיט דעם זיינען די רייכע און די ווירקונגספולע געווען אַזוי אויפמערקזאַם צו די געזעצן פון דער תורה, אַז זיי האָבן באַלד צוגעזאָגט נישט נאָר פריי צולאָזן די קינדער פון זייע־רע בעלי־חובות, נאָר אויך אומצוקערן זיי זייערע פעלדער, און זייערע גערטנער און זייערע הייזער, אפילו זיי אין גאַנצן מוחל זיין די חובות. נחמיה האָט זיך באַנוצט מיט דער גינסטיקער שטימונג און ער האָט זיך געאיילט צו נעמען ביי די רייכע אַ שבועה, אַז זיי וועלן פּינקטלעך דער־פילן זייער צוזאָג.

דאָס איז געווען אַ באַדייטנדיקער נצחון, וואָס איז אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן דורך נחמיהן אינעם נאָמען פון געזעץ איבער דער אייגננוציקייט פון די רייכע. דער יידישער פאַרטרעטער אַליין האָט דער ערשטער געוויזן

דעםביישפּיל פון גרויסמוטיקייט. ער האָט נישט נאָר זיך אָפּגעזאָגט פון זיין געהאַלט, נאָר ער האָט נאָך אַליין געליגן אָרימע לייט געלט און ברויט און אין אַ גזיט האָט ער זיי מוחל געווען די חובות; אויף אים קוקנדיק זיינען זיך זיינע קרובים און זיינע דינער אויך באַגאַנגען מיט די אומפאַרמעגלעכע קלאַסן אַזוי באַרמהאַרציק און גרויסמוטיק.

מיט דער הילף פון אַזאַ הנהגה איז נחמיהן געלונגען גובר צו זיין אַלע שוועריקייטן פון זיין וועג און פונדאַסניי צו שאַפן אַ נאָרמאַלן גאַנג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער געמיינדע. דאָס פאָלק האָט זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער מיט התפעלות, מיט דרך־ארץ, מיט הכנעה און מיטן גוטן ווילן אָדער אפילו מיט בייזן אים נאָכגעטון. — די שטער־רונגען האָבן אָבער נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט. ווען די ווענט פון דער שטאָט־מויער זיינען שוין געווען פאַרטיק און די טויערן אויפגעשטעלט, האָט זיך געלאָזט פילן אַ מאַנגל אין לויים — די שטענדיקע שומרים אויפזעער פון בית־המקדש. זיי האָבן זיך צעזייט איבער דער פּראָווינץ, ווייל זינט די לעצטע מהומות אין דער הויפּטשטאָט האָט דאָס פאָלק אויפגעהערט צו ברענגען זייער מעשר (דעם צענטל פון די תבואה) און זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו דערנערן. דערצו איז אויך די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָט געווען צו קליין אויף צו קענען איר פאַרטיידיקן אין אַן אומגליקס־פאַל. מען האָט אַלזאָ געמוזט באַפעלקערן ירושלים און באַזאָרגן דעם בית־המקדש מיט באַדינערס.

נחמיה האָט צעשיקט אויפרופן צו אַלע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט ירושלים נאָך די אָנפאַלן פון די שומרונער און די עמונער, און אויך צו די, וואָס האָבן לכתחלה זיך באַזעצט אין דער פּראָווינץ, אַז זיי זאָלן זיך באַזעצן אין דער הויפּטשטאָט. אַ סך פון יענע, וואָס האָבן אַרויסגע־שטאַמט פון גרויסע יחוסדיקע משפחות, האָבן מיטן גוטן ווילן דערצו איינגעשטימט. נאָר אַזוי ווי די צאָל פון די פרייוויליקע האָט דאָך נישט געקלעקט אויף צו באַפעלקערן גאַנץ ירושלים, איז באַשטימט געוואָרן אַריבערצופירן אַהין אַ צענטל טייל פון די דאָרפסלייט. נחמיה האָט אָבער נישט אַלעמען געפונען פאַר פאַסנדיק אויף צו באַזעצן זיך אין דער הויפּט־שטאָט און וויינִיקער פון אַלץ האָט ער, פאַרשטייט זיך, געוואָלט איינ־וויליקן אויף דעם, אַז אין ירושלים זאָלן וואוינען די געבוירענע פון די געמישטע חתונות. צוליב דעם האָט ער געפאָדערט פון אַלע, וואָס האָבן

געוואָלט זיך באַזעצן אין דער הויפּטשטאָט, אַז זיי זאָלן דערווייזן דעם יחוס פון זייער אָפּשטאַמונג. דערביי איז נחמיה זיך באַגאַנגען גאַנץ שטרענג. דריי משפּחות פון 642 מיטגלידער זיינען געוואָרן אַרויסגעזעצט פון ירושלים, דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געקענט דערווייזן, אַז אין זייערע אָדערן פליסט ריין יידיש בלוט; אַזוי אויך האָט ער אָפּגענומען דעם גייסטלעכן טיטול פון דריי כהנים־פאַמיליעס, וועלכע האָבן נישט געקענט דייטלעך באַווייזן, אַז זיי שטאַמען פון אהרן הכהן. צוליב דער פאַרטיידיקונג פון בית־המקדש, כדי אים אָפּצוהיטן פון אַן אָנפאַל דורך די דערוויטערטע און געפּסלטע משפּחות, האָט ער פון צפון־זייט אויסגע־בויט אַ פעסטונג מיטן נאָמען בירות, וועלכע האָט צולעצט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אינעם לעבן פון דער הויפּטשטאָט.

אויף אַזאַ אופן האָט נחמיה באַפעסטיקט ירושלים און איר פאַר־זאָרגט מיט אַ ריין יידישער באַפעלקערונג; ער האָט דער געמיינדע גע־געבן אַ צענטער, און דעם פאָלק — אַ קערפּער, וועלכער איז פעאיק גע־ווען צו פאַרטיידיקן זיך; נאָר דאָס אַליין איז נאָך נישט גענוג געווען; מען האָט נאָך געדאַרפט אין דעם קערפּער אַריינבלאָזן אַ נשמה, מען האָט געדאַרפט אַ טראַכט טון וועגן איינפירן אין גאַנצן לאַנד געזעצלעכקייט און ערלעכקייט. דערצו איז שוין נייטיק געווען די הילף פון די געלערנ־טע און הייליקע ספרים. דאַן איז פונדאָסניי אַרויסגעטראָטן עזרא, וועל־כער איז פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס נחמיה האָט געמאַכט אין לאַנד אָרדענונג, געשטאַנען אין אַ שאָטן. אין דעם ערשטן טאָג פון דעם זי־בעטן מאָנאַט, דאָס הייסט, אום ראש השנה, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאַמלט אין ירושלים אויף אַ ברייטן פּלאַץ פאַרן בית־המקדש. דאָ זיינען געווען אויפגעשטעלט הויכע שטאַפּלען, אויף וועלכע עזרא האָט געזאָלט ארויפגיין און לייענען די ספר־תורה פאַרן עולם. מען האָט זיך געמיט צו שאַפן אַ פייערלעכע שטימונג. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ פּילצאָליקע; דאָ האָבן זיך געפונען נישט בלויז מענער, נאָר אויך פרויען און קינדער. ווען עזרא האָט נאָר פונאַנדערגעוויקלט די תורה האָבן אַלע אַנוועזנדיקע זיך אויפגעהויבן, און אויסגעדריקט מיט דעם זייער הכנעה פאַר דעם הייליקסטן ספר. און אַז ער האָט אַרויסגעזאָגט אַ תפלה, איי־דער ער האָט געלעזן די ערשטע זייטן, האָט דאָס פאָלק מיט אַ דונער אויסגעשריגן „אָמן". דאַן האָט עזרא מיט אַ הילכיקער שטים אָנגעפאַנ־

גען צו לייענען די תורה און די פאַרזאַמלטע האָבן זיך צוגעהערט מיט אַן אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט. די, וועלכע זיינען נישט געווען אומשטאַנד צו באַגרייפן דעם אינהאַלט, איבערהויפּט, די פרויען און דאָרפסלייט, האָבן די לויים אַלץ געגוי דערקלערט, וואָס עזרא האָט פון גאָטס בוך געלייענט. די לייענונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עזרא איז צוגעקומען צו דער שטעל אין דער הייליקער תורה, וואו עס ווערן געשילדערט די גרויסע אומגליקן, וואָס וועלן מיטן פאָלק געשען, ווען עס וועט פון גאָטס־וועג אָפּטרעטן. ביים פאָלק האָט זיך דערוואַכט דאָס באַוואוסטזיין פון זיין זינדיקייט, און עס איז געוואָרן געפאַלן ביי זיך. אַ ביטערער יאָמער האָט אויסגעבראָכן ביי די צוהערער. נחמיה, עזרא און די לויים האָבן געמוזט באַרואיקן און טרייסטן די באַטריבטע צוהע־רער. נאָר נאָך דעם, ווען זיי זיינען אַביסל צו זיך געקומען, איז הערלעך געפייערט געוואָרן דער דאָזיקער טאָג, און דער עולם האָט זיך געפרייט מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען די תורה און באַגריפן. דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס פאָלק איינגעשלאָסן אין זיין האַרצן דאָס בוך פון דער געטלעכער געזעצלעכקייט. די מהפכה אין דעם יידישן באַוואוסטזיין, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין גלות, איז איצט פאַרענדיקט געוואָרן. די סופרים האָבן פאַרענדיקט דאָס, וואָס עס האָבן אָנגעפאַנגען זייערע פאָר־גייער — די נביאים.

דאָס פאָלק איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דער תורה, וועלכער עס האָט פריער אַזוי ווייניק געאַכט, אַז עס האָט זי געוואָלט הערן און הערן אָן אויפהער. די זעלביקע לייט, וואָס זייערע עלטערן האָבן פריער געוויזן אַזאַ ווידערשטאַנד די נביאים, פלעגן טאָג טעגלעך קומען צו עז־ראַן און בעטן ער זאָל ווייטער לייענען די תורה פאַרן פאָלק, און אים לערנען די מצוות פון גאָט. עזרא האָט פאַרגעלייענט די שטעלע וועגן די ימים־טובים, וועלכע דאַרפן געפייערט ווערן אין זיבעטן מאָנאט, אין תשרי. דאַן האָבן די אָנפירערס צעשיקט שלוחים איבער גאַנץ יהודה, מודיע צו זיין דער באַפעלקערונג, אַז אַלע זאָלן אָנגרייטן בלעטער און צווייגן פון איילבירט־ביימער און פון טייטל־ביימער און פאַלמען־ביימער כדי צו בויען סוכות. דאָס פאָלק האָט מיט אַ פריילעכער פלייסיקייט זיך גענומען פאַר דער אַרבעט און האָט דעם יום־טוב פאַרבראַכט אין אַזאַ ליכטיקער שטימונג, ווי קיינמאָל נישט ביז איצט. אין דעם פאַרלויף פון

די אַלע אַכט יום־טוב־טעג זיינען פאַרן פאָלק אין בית־המקדש טעגלעך געלייענט געוואָרן פרשיות און קאַפּיטלען פון דער הייליקער תורה. פון דאַן אָן איז דאָס לייענען געוואָרן אַ טייל פונעם גאָטעס־דינסט אין בית־המקדש.

די דאָזיקע אויפגעהויבענע שטימונג האָבן אויסגענוצט עזרא און נחמיה, כדי צו דערוועקן די יידן אין גאַנצן זיך אָפּצושיידן פון די פרעמדע פרויען, אויף וויפל אַזוינע געמישטע פאַמיליען־פאַרבינדונגען האָבן זיך נאָך אין לאַנד געפונען. צוליב דעם טאָג איז באַשטימט געוואָרן אַ תע־נית און עס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג. אַלע זיי־נען געקומען אין בית־המקדש אין טרויער־קליידער, באַשאָטן מיט אַש. דאַן האָבן די לויים זיך מתודה געווען אין דעם נאָמען פון גאַנצן פאָלק פאַר זיינע זינד. עזרא האָט פאָרגעלייענט און דערקלערט די פרשה אין דער תורה, וואו עס ווערן פאַרבאָטן חתונות מיט קינדער פון פרעמדע פעלקער, און וואו עס ווערט דייטלעך אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַלע געפאַר דערפון קען אַרויסקומען. באַלד האָבן די יידן, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט פרעמדע ווייבער, זיך צעשיידט מיט זיי און אַלע האָבן זיך פייערלעך אַנטזאַגט פון צו האָבן ווייטער וועלכן ס׳איז פאַמיליען־פאַר־קער מיט די שומרונער. און ווידער האָבן די אָנפירער פאַרשטאַנען אויס־צונוצן די הייסע מינוט: זיי האָבן פון דער פאַרזאַמלונג אַרויסבאַקומען אַ פייערלעכע שבועה, צו היטן די געזעצן פון דער תורה און מער זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון יענע זינד, צוליב וועלכע דאָס לאַנד איז וויסט, דער בית־המקדש צעשטערט און דאָס פאָלק געוואָרן פאַרטריבן. די גע־מיינדע האָט ווייטער געדאַרפט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער תורה, וואָס משה האָט געגעבן ישראלן פון גאָט. אַפילו די פרויען און די קינדער האָבן געשוואוירן צו היטן גאָטס געבאָטן. איבערהויפּט האָבן די איניציאַטאָרן פון דער פאַרזאַמלונג, עזרא און נחמיה, אונטער־געשטראָכן אַ סך מאָל דעם איסור אָפּצוגעבן יידישע טעכטער פאַר מע־נער פון פרעמדע פעלקער און נעמען פון זיי פרויען פאַר די זין; די פראַ־גע איז געווען אַ ברענענדיקע און עזרא און נחמיה האָבן געמוזט איינ־מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַן ענדע מיט דער זאַך. ווייטער איז געשטעלט געוואָרן די פאָדערונג, שטרענג אָפּצוהיטן שבת און יום־טוב; נישט בלויז אין די דאָזיקע טעג נישט טון קיינע מלאכות, נאָר אפילו נישט קויפן און

נישט פאַרקויפן, נישט ביי קיין יידן און נישט ביי קיין פרעמדן. דאָן איז אויך באַשטימט געוואָרן צו מאַכן יעדן זיבעטן יאָר שמיטה פאַר די פעלדער, זיי זאָלן נישט געאַקערט און נישט געזייט ווערן; אין דעם זעלביקן יאָר מוזן אויך געשאָנקען ווערן אַלע חובות, וואָס זיינען ביז דער צייט נישט אויפגעמאָנט געוואָרן, און עס מוזן אומגעקערט ווערן אַלע משכנות. אויף די הוצאות פון בית־המקדש מוז יעדער ייד שענקען אַ האַלבן שקל יערלעך און אין אַ געוויסן טערמין צושטעלן האָלץ פאַרן מזבח. ווייטער מוז יעדעס יאָר געבראַכט ווערן די ערשטע פרוכט (בכורים) פון די ביימער און פון די פעלדער אין בית־המקדש, פאַר די כהנים און די לוויים — דאָס, וואָס זיי קומט לויטן געזעץ — די תרומות און מעשרות.

דער אינהאַלט פון די אַלע פליכטן איז פאַרשריבן געוואָרן אויף אַ באַזונדערער מגילה און די הויפּטלייט פון אַלע משפחות האָבן זיך געדאַרפט אונטערחתמענען מיט זייערע נעמען. דער ערשטער האָט זיך אונטערגעחתמעט נחמיה און צוזאַמען זיינען געווען ביז 85 אונטערשריפטן פון די אָנגעזעענסטע לייט פון פאָלק. עס איז אָבער נייטיק געווען צו האָבן די חתימות פון אַלע 120 פאָלקס־פאַרטרעטער און זיי האָט מען צונויפגעזאַמלט דורך דעם, וואָס מען האָט צו זיי אין זייערע הייזער די מגילה צוגעשיקט און זיי האָבן זיך אונטער איר געחתמעט.

פיל, אומגעהויער פיל האָט אויפגעטון נחמיה אין אַזאַ קורצער צייט! ער האָט נישט בלויז אויפגעבויט די צעפאַלענע געמיינדע און איר באַפעסטיקט בנוגע צו אויסערלעכע שונאים דורך דער פאַרשטאַרקטער הויפּטשטאָט, נאָר ער האָט פאַראייניקט דאָס פאָלק מיט זיין תורה!

נחמיה האָט מיט אַ כיון זיך באַנוצט מיט דעם סיסטעם פון גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, ווייל ער האָט געשטרעבט אַלץ מער צו פאַרטיפן דעם איינדרוק אויף די אָנוועזנדע. אַזוי האָט ער אַ צווייטן מאָל פאַררופן דאָס פאָלק צו הייליקן די שטאָט־ווענט, וועלכע זיינען אויפגעבויט געוואָרן אַ דאַנק זיין מי. דאָ האָבן זיך אויך, ווי ביי דער ערשטער תורה־לייענונג, געפונען פרויען און קינדער; אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, אַז די דאָזיקע פייערונג זאָל אַרויסרופן אַ פריילעכע שטימונג, האָט נחמיה אַרויסגערופן אין ירושלים די לוים־משוררים, זיי זאָלן לוסטיק מאַכן די הערצער מיט דער הילף פון זינגען און שפּילן. ער האָט איינגעטיילט דעם עולם אין צוויי גרויסע גרופּעס, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנ־

געגן אַרום דער וואַנט אין קעגנזייטיקע ריכטונגען און האָבן זיך געמוזט צוזאַמענטרעפן אין בית־המקדש. פאַר יעדן טייל איז געגאַנגען אַ כאָר פון משוררים, וואָס האָבן געזונגען לויב־ און דאַנק־געזאַנגען; נעבן די משור־רים זיינען געגאַנגען צו אַכט לויים, וועלכע האָבן דאָס געזאַנג באַגלייט מיט שפּילן אויף די האַרפעס און אַנדערע אינסטרומענטן. הינטערן כאָר איז געגאַנגען עזרא, הינטער דעם צווייטן — נחמיה — דיביידע גע־מיינדע־פאַרוואַלטער. יעדער טייל האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַ גלייכע העלפט פון פאַרזאַמלטן פאָלק: פּירשטן, פרויען און קינדער. אויף אַזאַ אופן, איז איין טייל אַרומגעגאַנגען אַרום דער שטאָט־וואַנט פון מערב, דרום־ און מזרח־זייט, און דער צווייטער וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון זעלביקן פונקט, איז אַרומגעגאַנגען אַרום די מערב־צפון און מזרח־זייטן פון שטאָט. ווייט, ווייט האָבן געהילכט די קלאַנגען פון די טראָמפּייטן, פון די האַרפעס און די געזאַנגען פון די לויים; עס האָט זיי באַגריסט דער אָפּקלאַנג פון די אַרומיקע הויכע בערג און די הערצער זיינען איבערפולט געווען מיט פייערלעכקייט און פרייד. נאָך די טרויער־טעג איז אָנגעקומען די אַלגעמיינע שמחה.

נחמיה האָט אויך געווענדעט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף דעם נאָר־מאַלן גאַנג פון דער הנהגה אין בית־המקדש. כדי עס זאָל זיך מער נישט איבעררייסן דאָס קרבנות־דינסט, האָט מען געמוזט פאַרזאָרגן די כהנים און לויים מיט אַ זיכערער מאַטעריעלער שטיצע. די ערד־באַזיצער האָבן זיך געוויינלעך פאַרפליכטעט אָפּצוגעבן פּינקטלעך תרומה פאַר די ערשטע און מעשר פאַר די צווייטע; דאָס האָט אָבער נחמיהן נאָך נישט געקאָנט צופרידנשטעלן. מען האָט געדאַרפט אַ שטענדיקע השגחה דערויף. לויט זיין אָרדענונג פלעגן די לויים אין דער צייט פון שניט דאַרפן ארומרייזן איבערן לאַנד, צונויפקלייבן די תרומות און די מעשרות און ברענגען עס קיין ירושלים. כדי די צעטיילונג דערנאָך זאָל אויסקומען ערלעך און קיי־נער זאָל נישט זיין באַעוולהט און אָפּגענאַרט, האָט נחמיה געלאָזט בויען גרויסע שפּייכלערס פאַר די צונויפגעזאַמלטע תבואות און פרוכטן. פון די דאָזיקע שפּייכלערס האָט געמוזט יעדן כהן און יעדן לוי אַרויסגעגעבן ווערן זיין חלק; דערויף האָבן געמוזט אויפזען באַזונדערע באַאַמטע. ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געווען, האָט זיך נחמיה געזאָרגט פאַר דעם, אַז די ליידיקע ירושלים זאָל ווערן באַפעלקערט; צוזאַמען דערמיט אָבער האָט ער געזען

צו פאַרזאָרגן די באַפעלקערונג מיט וואוינונגען. די אָרימע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע מיטלען צו בויען זיך הייזער, האָט נחמיה פון זיין אייגענעם פאַרמעגן דערויף געגעבן געלט; און בכלל האָט ער אָן אויפ־הער זיך געזאָרגט פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע. אויף אַזאַ אופן האָט ער אויסגעבויט כמעט אַ נייע שטאָט, וואָס איר פליכט און באַשטימונג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז זי זאָל שטרענג אָפּהיטן די געבאָטן פון געזעצ־לעכקייט. צוועלף יאָר האָט ער פאַרוואַלטעט מיט יהודה, ווי אַ פאַרטרע־טער פון דער פערסישער הערשאַפט (432—444). דאַן איז געקומען דער טערמין, ווען ער האָט זיך געמוזט אומקערן צום הויף פון מלך ארתחשסתא. ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין פאָטערלאַנד אין טיפער האָפענונג, אַז דער בנין, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט, וועט לאַנג בלייבן אומבאַרירט פון אויסנווייניק און ביי זיין פעסטער אָרדענונג אויך אינעווייניק.

די אַרבעט פון דעם שטערבלעכן מענטשן איז אָבער קיין מאָל נישט באַוואָרנט. נחמיה האָט קוים נאָר באַוויזן אָפּצופאָרן און אין יהודה האָט זיך שוין באַוויזן אַ פאַרדאָרבענע שטרעמונג, וואָס אין איר שפּיץ איז גע־שטאַנען דער כהן גדול אלישיב.. אין ווידערשפּרוך צום באַשלוס פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג, האָבן אייניקע פון דאָס ביי געשלאָסן אחדות מיט די שומרונער און מיט די געבוירענע פון די געמישטע חתונות. צו פאַרזי־כערן דעם בונד מיט זיי האָט איינער פון כהן־גדולס פאַמיליע, מיטן נאָמען מנשה, פאַרשדכנט זיך מיט סנבלטס טאָכטער. דער ביישפּיל פון כהן־גדולס הויז האָבן באַלד נאָכגעטון פיל אַנדערע, וועלכע זיינען אין האַרצן נאָך פריער נישט געווען צופרידן מיט דעם שטרענגן באַשלוס פון עזרא און נחמיה. טוביה, דער צווייטער פיינט נחמיהס, האָט זיך אינגאַנצן באַזעצט אין ירושלים. אין דער פאָדערשטער עזרה פון בית־המקדש איז אים אָפּ־געגעבן געוואָרן אַ גרויסע, געררוימע וואוינונג.

די דאָזיקע פלוצלינגע איבערקערעניש האָט אַרויסגערופן אין לאַנד אַ גרויסע מהומה; היינט איז אָפן דערלויבט געווען דאָס, וואָס נעכטן איז אַזוי שטרענג פאַרווערט געוואָרן. דאָס פאָלק איז אָבער אַזוי אויפגערעגט געווען קעגן כהן גדול און זיינע אָנהענגער, אַז עס האָט אים אַרויסגעוויזן אָן עפנטלעכע שנאה. די ערד־באַזיצער האָבן אויפגעהערט צו ברענגען תרומות און מעשרות. אויף אַזאַ אופן האָבן אויך געליטן אומשולדיקע. די לויים האָבן פאַרלוירן זייער חיונה און ליידנדיק גרויס דחקות, האָבן זיי

געמוזט פאַרלאָזן דעם בית־המקדש ,ווי אויך די הויפּטשטאָט. עס האָבן אויך אויסגעפעלט נדבות אויף קרבנות, און גאָטס מזבח איז געוואָרן פאַר־געסן, און גאָטס הויז איז געוואָרן ליידיק. פיל ערגער דערפון איז נאָך געווען די שפּאַלטונג, וואָס די אויבנדערמאָנטע איבערקערעניש האָט גע־שאַפן אין דער יידישער געזעלשאַפט. אין יעדן הויז זיינען אַריינגעדרונגען קריגערייען און מחלוקתן. די עלטערן און די קינדער האָבן זיך צעטיילט אין זייערע אנשויאונגען און זייערע באַציאונגען צו די געשעענישן אין לאַנד. טיף פרומע, וועלכע האָבן זייערע איבערצייגונגען געהיט אומבאַ־רירטערהייט, האָבן זיך פאַראייניקט צווישן זיך און האָבן געזוכט מיטלען, ווי צו באַזייטיקן די טרויעריקע דערשיינונגען. זייערע בליקן האָבן זיך געווענדעט צו נחמיהן, וועלכער האָט זיך געפונען אין הויף פון ארתחשסתא. וואָלט ער פון דאָס ניי געקומען אין ירושלים, וואָלט ער זיכער מיט אַ מאָל אַ סוף געמאַכט צו דעם אומדערטרעגלעכן אומרעכט און פון דאָס ניי אַריינ־געבראַכט פרידן און אייניקייט אין דער הויפּטשטאָט, און פון דאָס ניי אויסגעהיילט די געמיינדע!

די גאָטספאַרכטיקע האָבן לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן אויף זייער גייסטיקן גואל. נחמיה, וואָס איז געזעסן אין קעניגלעכן הויף, ווייט פון זיינע ברידער, האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זיין פאָטערלאַנד. זיין גוף איז געווען אין פּרס, אָבער זיין נשמה האָט געשוועבט אין ירושלים. און ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, וועגן דעם, וואָס אין דער הייליקער שטאָט קומט פאָר, האָט ער באַלד פון דאָס ניי געבעטן דערלויבעניש ביי זיין הערשער זיך אומצוקערן אין יהודה. דער מלך פון פּרס האָט נישט אָפּ־געזאָגט זיין ליבלינג אין זיין ביטע, און ווי נאָר נחמיה איז אָנגעקומען אין ירושלים (צווישן 430—423), האָט ער גלייך אָנגעהויבן אַרבעטן. זיינע אָנהענגער האָבן אים פאַרגליכן צו אַ שמעלץ־פייער, צו אַ ריייניקונגס־פייער און ער האָט באמת אָפּגערייניקט די געמיינדע פון די געפערלעכע עלע־מענטן. די ערשטע זאַך האָט ער אַרויסגעטריבן טוביהן דעם עמונער פון זיין פּלאַץ, וואָס ער האָט פאַרנומען אין דעם הויף פון בית־המקדש, און זיין באַשיצער און מחותן, דעם כהן גדול אלישיב, האָט ער דערווייטערט פון זיין פּאָסטן. נאָכדעם האָט ער צוזאַמענגערופן די פאָלקס־מנהיגים און זיי געמאַכט דערפאַר שטאַרקע פאָרוואַרפן, וואָס צוליב זייער נאכלעסיקייט האָבן די לויים געמוזט פאַרלאָזן דעם בית־המקדש, ווייל זיי האָבן נישט

געזאָרגט וועגן דער פּינקטלעכקייט פון דעם מעשר־אויפמאָנען. אַן אויפ־רוף פון נחמיהן איז געווען גענוג, כּדי די ערד־באַזיצער זאָלן מקיים זיין זייער חוב פאַר די לוויים און די לעצטע האָבן זיך אומגעקערט קיין ירוש־לים. נאָר פאַר דער וויכטיקסטער אויפגאַבע האָט נחמיה גערעכנט דאָס פונאַנדערשיידן די שידוכים מיט די קינדער פון די פרעמדע פעלקער.

דאָס האָט אים געבראַכט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די מיוחסים פון לאַנד. מנשה, דער קרוב פונעם כּהן גדול האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט זיך צעשיידן מיט זיין פרוי ניקסה, די טאָכטער פון סנבלט. נחמיה איז געווען אַזוי פעסט ביי זיך, אַז ער האָט באַשלאָסן אים ארויסצוטרייבן פון לאַנד. עס זיינען פון יהודה דערווייטערט געוואָרן אויך אַנדערע כּהנים און לוויים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זיך איינלעבן מיט די שטרענגע סדרים, וואָס נחמיה האָט פון דאָס ניי איינגעפירט אין יהודה. ווען די אָרדענונג אין דער הויפּטשטאָט איז געוואָרן צוריקגעשטעלט אין דעם גייסט פון דער תורה, האָט זיך נחמיה אַוועקגעלאָזן אין דער פּראָווינץ, כּדי אויך דאָרטן אויסצואוואָרצלען דאָס שלעכטס. אין די ערטער, וואו די יידן האָבן גע־לעבט אין נאָענטער שכנות מיט די פרעמדע שבטים, מיט די אשדודער, מיט די עמונער, מואבער און שומרונער, האָבן די געמישטע שידוכים גע־בראַכט צו אַזאַ רעזולטאַט, אַז זייערע געבוירענע קינדער האָבן טיילווייז גערעדט אויף דער שפּראַך פון זייערע פרעמדע מוטערס און די הייליקע שפּראַך פון זייער פאָלק איז זיי געווען גאַנץ פרעמד. די דאָזיקע ווייטקייט פון דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן, האָט נאָך מער אויפגערעגט נחמיהן און דערוועקט אין אים זיין גאַנצע ענערגיע. ער האָט שטרענג פאַרגעוואָרפן די עלטערן, זיי געשאָלטן און געשטראָפט. און אַדאַנק זיין ענערגישער טע־טיקייט איז אים געלונגען צו דערגרייכן זיין ציל.

ווען ער האָט ארומגערייזט איבער דער פּראָווינץ האָט נחמיה באַ־מערקט, אַז שבת ווערט אָפּגעהיט זייער נאכלעסיק. די דאָרפסלייט פלעגן אום שבת קוועטשן די ווייַנטרויבן אין קעלטער, אָנלאָדן זייערע אייזלען מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן און פירן זיי אין שטאָט. ווען די פּויערים האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק, האָט נחמיה פאַר זיי געהאלטן אַ רעדע און זיי דערקלערט ,אַז זיי זינדיקן פאַר גאָט מיט אַזעלכע מעשים. זיי האָבן געפאָלגט. מיט מער ענערגיע איז ער ארויסגעטראָטן ביי אַ צווייטן צופאַל. די פעניציער סוחרים פון צור האָבן זיך געהאט אַ מנהג, צו ברענגען צו

פירן אום שבת פיש און אַנדערע סחורות און פאַרקויפן זיי אין ירושלים. נחמיה האָט געלאָזן פאַרשליסן די טויערן פון שטאָט און זיי נישט עפענען דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג אַזוי, אַז זיי האָבן אין שטאָט נישט געקענט אריינקומען. ער האָט געבראַכט דערצו, אַז דער שבת איז אָפּגעהיט געוואָרן אין לאַנד מיט דער העכסטער שטרענגקייט. די ווייטערדיקע טעטיקייט פון נחמיה האָט זיך איבערהויפּט אויסגעדריקט אין דעם: אַלץ מער צו באַפעסטיקן די אָפּשייד־וואַנט צווישן דעם יידישן פאָלק פון די פרעמדע פעלקער, כדי עס זאָל שוין קיין מאָל נישט מעגלעך זיין איר דורכצוברעכן. אַלץ, וואָס נחמיה האָט אויפגעטון, האָט ער פאַרשריבן אין אַ באַזונדערן ספר, וואָס טראָגט זיין נאָמען (נחמיה). ווען ער באַטראַכט די פאַרשידענע שטרענגע מיטלען, וואָס ער האָט אָנגענומען ביים דורכפירן זיינע נייע אָרדענונג אין לאַנד, דערקלערט ער עס שטענדיק דערמיט, וואָס דאָס איז געווען צו יענער צייט אומבאַדינגט נייטיק, כדי צו ראַטעווען דאָס פאָלק און דאָס לאַנד פון אויסמישונג מיט די אַרומיקע שבטים. יעדעס מאָל גיט ער צו: „זאָל דאָס מיר מיין גאָט צו גוטן געדענקען, וואָס איך האָב געטון פאַר מיין פאָלק!" דער נאָמען פון נחמיה איז אויף אייביק געבליבן פאַרהייליקט ביים יידישן פאָלק. אים און עזראן, די שעפער פון די העכסטע, גייסטיקע שטרעמונגען, שרייבט דאָס פאָלק צו אַ סך גוטע איינפירונגען אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

# קאַפּיטל דריי

## די סופרים

די פּיינטשאַפט. וואָס קוועלט ארויס פון ליבע, איז שטאַרקער און ליידנשאַפטלעכער פון דעם צאָרן, וואָס שפּראַצט ארויס פון דער אומ־פאַרשטענדלעכער פאַרהאַסונג, פון קנאה אָדער פון איינפאַכער נקמה. סנבלט מיט די איבעריקע שומרונים און זייערע חברים האָבן מיט זייערע אַלע כוחות זיך געמיט צו דערשלאָגן דערצו, אַז זיי זאָלן ווערן אָנגענומען אין דער יידישער געמיינדע, בלויז אויס ליבע צו דעם גאָט, וועלכער איז הייליק געוועזן אין ירושלים און צו וועלכן זיי האָבן זיך שוין געהאט צו־געוואוינט מיטן גאַנצן האַרצן. די ליידנשאַפטלעכקייט פון סנבלטס פּיינט־שאַפט צו נחמיהן האָט זיך אייגנטלעך גענומען פון ליבע; ער האָט גע־וואָלט איבער געוואָלט זיך צוזאַמענגיסן מיט זיינע פּיינט. אַזוי ווי ער איז געוואָרן אָפּגעשטויסן אַזוי פיל מאָל, האָט די דאָזיקע ליידנשאַפטלעכע ליבע זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פייערדיקער שנאה. סנבלט האָט געמיינט, אַז אַדאַנק זיין מתחתן זיין זיך מיט דעם כהן גדול, האָט ער שוין דער־גרייכט זיין ציל. נאָר גיך איז אים אויסגעקומען זיך צו אַנטוישן, ווען זיין איידעם מנשה איז פאַר די דאָזיקע זינד ארויסגעטריבן געוואָרן פון לאַנד. דאָס האָט שוין איבערגעפּולט די מאָס. מיט זיין איינגעבוירענער ביטערקייט האָט ער אויסגעקלערט אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך אונטערצוגראָבן אונטער דער יידישער געמיינדע דורך אירע אייגענע מיטגלידער. ער וועט פאַר דעם דאָזיקן גאָט אויסבויען אַ בית־המקדש, וועלכער וועט קאָנקורירן מיט דעם ירושלימדיקן, ווועט ער דען נישט קענען אָפּנעמען ביי אים די בכורה ? האָט ער דאָך, סנבלט הייסט עס, כהנים פון אַהרנס קינדער, וועלכע וועלן קענען אויספירן די עבודה אין בית־המקדש לויט די געזעצן פון דער תורה. זיין איידעם מנשה, וועלכער שטאַמט פון יהודה, וועט באַקומען דעם טיטל כהן גדול און די איבעריקע ארויסגעטריבענע כהנים פון יהודה, וועלן פול מאַכן דעם קאָמפּלעט פון בית־המקדש באַדינטע. אַלץ האָט, ווי ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, געזאָלט זיין זייער גינסטיק פאַר זיין נייעם פּלאַן. אויף אַזאַ

אופן האָט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן זיין שטרעבונג צו באַהעפטן זיך מיטן גאָט פון ישראל און ס'האָט געקענט באַפרידיקט ווערן זיין פאַר־לאַנג צו שטעלן זיך אין דער שפיץ פון דער געמיינדע.

סנבלט האָט נישט אָפּגעלייגט זיין אידייע אויף לאַנג. אויף דעם שפיץ פון באַרג גריזים, נעבן דער שטאָט שכם, אין דער געגנט, וועלכע קען זיך ווירקלעך רעכענען ווי אַ צענטער פון ארץ ישראל, האָט ער אויס־געבויט אַ בית־המקדש, מסתמא, נאָכן טויט פון ארתחשסתא (420). דער אויסוואַל פון דעם פּלאַץ איז אָנגעוויזן געוואָרן דורך די כהנים, די גע־לערנטע אין דער תורה, וועלכע זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך נחמיהן פון לאַנד. פון דעם דאָזיקן באַרג האָט אַמאָל, לויט דער אָנווייזונג פון משה רבנו, יהושע געבענטשט די, וואָס וועלן היטן גאָטס געבאָט. איבע־ריקנס, די שומרונים האָבן געגעבן דערצו אַן אַנדער פּירוש. זיי האָבן גערעכנט און רעכענען ביז היינטיקן טאָג דעם דאָזיקן באַרג גריזים ווי אַ „באַרג פון גליק". אַפילו די דערבייאיקע שטאָט שכם איז ביי זיי אָנגערופן געוואָרן „בענטשונג" (מאַבראַכטאַ). סנבלט, אָדער די כהנים פון בית־המקדש אויפן באַרג גריזים, האָבן זיך געמיט צו באַווייזן, אַז די שומרונער שטאַמען נישט פון דער אויסגעמישטער באַפעלקערונג, וואָס סנחריב האָט אַמאָל אַהער געבראַכט אנשטאָט די פאַרטריבענע ישראלים, נאָר פאַר־קערט — זיי שטאַמען פון די אמתע בני אפרים, וואָס זיינען אין לאַנד פאַרבליבן נאָך דעם חורבן פון שומרון. אויף יעדן פאַל האָבן זיך טאַקע צווישן זיי געקענט געפינען אייניקע ישראל־פאַמיליעס פון אַמאָל, וועלכע האָבן זיך נאָך דער מפּלה פון דער צען־שבטימדיקער מלוכה אויפגעהאלטן אין שכם. דאָך האָט זייער שפּראַך אַרויסגעוויזן זייער געמישטע אָפּשטאַ־מונג. דאָס איז געווען אַ ווילדער מישמאַש, עפּעס אַן אויסמישונג פון אַראַ־מיש, אַביסיניש, כאַלדעאיש און אַנדערע עלעמענטן, וואָס ס'איז אומעגלעך געווען צו באַשטימען זייער אָפּשטאַמונג.

דערווייל איז אָבער דערגרייכט געוואָרען דאָס הויפּט־ציל. די שומ־רונער האָבן געהאט אַ בית־המקדש, אַרום וועלכן זיי האָבן געקענט זיך קאָנצענטרירן. זיי האָבן געהאט כהנים פון אהרנס הויזגעזינט, מיט דרייס־טיקייט האָבן זיי זייער באַרג גריזים אַנטקעגנגעשטעלט דעם הייליקן באַרג מוריה, זיי האָבן דערוויזן אויף דעם גרונט פון דער תורה, אַז גאָט אַליין האָט אויסדערווײלט דעם דאָזיקן באַרג, ווי דעם איינציקן אָרט פאַר

קרבנות ברענגען און זיי האָבן מיט שטאָלץ זיך גערופן ישראלים. סנבלט און זיינע אָנהענגער האָבן געשטרעבט דערצו, צו צוציען צו זיך וואָס מער אמתע יידן. יענע יידן, וועלכע פלעגן זיך באַזעצן צווישן זיי, פלעגן זיי, די שומרונער, אָפּגעבן פּאַרטיקע הייזער און פעלדער און געשטיצט זיי מאַ־טעריעל. די יידן, וואָס זיינען עפּעס באַגאַנגען אַ פאַרברעכן אין יהודה און האָבן מורא געהאַט פאַר אַ שטראָף, פלעגן דעריבער אַנטלויפן צו די שומרונער, וואו זיי פלעגן אָנגענומען ווערן ווי טייערע געסט. פון אַזעלכע עלעמענטן האָט זיך אויסגעבילדעט די נייע האַלב־יידישע געזעלשאַפט, אָדער סעקטע שומרונער אין דער געגנט פון שומרון, וואו אַלס צענטער האָט געדינט אָדער די שטאָט, וואָס האָט איר נאָמען געשאָנקען דער געגנט, אָדער די שטאָט שכם. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער סעקטע האָבן פאָרמירט אַ רואיקע, נאָר שטאַרקע געמיינדע, וואָס האָט זיך מיט הוילע וואונדער דערהאַלטן ביז היינטיקן טאָג, נישט קוקנדיק אויף איר קליינקייט און אויף דער אומבאַדייטנדיקער צאָל פון אירע מיטגלידער. דער קיום פון דער דאָזיקער סעקטע איז אייגנטלעך דער נצחון פון דעם יידישן גלויבן און דער העכסטער באַווייז פון זיין גרויסקייט און לעבנס־פעאיקייט. פאַרוואָס האָט אַזאַ מישמאַש פון פאַרשידענע שבטים, ווי די שומרונים, געקענט זיך פאַראייביקן דורך דער דאָזיקער רעליגיע, אויס־קלייבן איר פאַר זייער וועג־פירערן און, נישט קוקנדיק אויף אַלע צרות און אומגליקן, וואָס זיי האָבן געמוזט דעריבער אויסשטיין, זיך קיין מאָל מיט איר נישט געשיידט. די שומרונער, פּונקט אַזוי ווי די יידן, האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן און האַלטן זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג ביי דער תורה, וואָס די ארויסגעטריבענע כהנים פון יהודה האָבן מיט זיך צו זיי געבראַכט ואן אירע געבאָטן שטעלן פאַר מיט זיך די פאָרמען פון זייער רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. טראָץ אָבער די דאָזיקע אַלגעמיינע גרונט־שטריכן, האָט דאָס יידישע פאָלק גאָרנישט פאַרדינט פון דעם דאָזיקן צו־קומעניש, וואָס האָט כלומרשט געטיילט זיך מיט אים זיין אמונה. די דאָזיקע ערשטע יידישע סעקטע האָט געבראַכט יידן נישט ווייניקער ליידן, וויפיל די אַנדערע סעקטעס, וואָס האָבן פון איר אין די שפּעטערדיקע דורות אַרויסגעשפּראָצט. די שומרונער האָבן נישט נאָר זיך פאַרהאַלטן מיט אַ שטאַרקער שנאה צו דעם יידישן פאָלק, נאָר זיי האָבן אַפילו געפּרואווט פיל מאָל זיך אונטערצוגראָבן אונטער אים. עס האָט זיך זיי געוואָלט

אליין בלייבן ווי די אפשטאמונג פון ישראל. זיי האבן געלייקנט אין דער הייליקייט פון ירושלים און איר בית־המקדש און זיי פלעגן ארויסשטעלן דאס, וואס איז געשאפן געווארן דורכן יידישן פאלק, ווי א פאלשע נאכ־קרימונג פון דעם אמתן אלטן ישראלטום. און נישט געקוקט אויף דעם, וואס זיי פלעגן שטענדיק זיך צוקוקן צו דעם, וואס עס קומט פאר ביי זייערע שונאים, כדי איינצופירן ביי זיך אלץ, וואס דארטן ווערט איינ־געפירט, וואלטן זיי דאך מיט פארגעניגן פארניכטעט זייער אייגענעם אי־דעאל, ווען דאס וואלט נאר געווען אין זייער רשות. פון דער יידישער זייט איז די פיינטשאפט צו זיי אויך געווען נישט קלענער. די יידן פלעגן די שומרונער אנרופן „די פארשאלטענע כותים". די שנאה צווישן ירושלים און שומרון האט ווידער אויפגעלעבט, אזוי ווי אין די צייטן פון דער אפרים־מלוכה. זי האט שוין מער נישט געטראגן קיין פאליטישן כאראק־טער; איר אינהאלט האט זיך באזירט אויף אן אינערלעכן, רעליגיעזן באדן, און דעריבער איז זי געווען פיל ליידנשאפטלעכער.

די אנטשטייאונג פון דער שומרונישער סעקטע האט געהאט זייער א גרויסע ווירקונג אויף דער גייסטיקער אנטוויקלונג פון דעם יידישן פאלק. אזוי ווי עס האט זיך געפונען אין א נאענטער שכנות און צוזא־מענגעשטויסן זיך שטענדיק מיט דער דאזיקער סעקטע און אויסגעהערט שטענדיק מיינונגען, וועלכע זיינען פאר זיי געווען העכסט שעדלעך, האבן די ישראלים אלץ שטייפער זיך פארבונדן מיט אנאנדער. די שומרונער האבן מיטגעווירקט צו פארטיפן ביי די יידן זייער זעלבסט־באוואוסטזיין, וועלכן זיי האבן געשעפט הויפטזעכלעך פון דער הייליקער תורה. די תורה איז געווארן ביי זיי נישט נאר די באזע פון דער רעליגיע, נאר דער פונ־דאמענט פון זייער נאציאנאל וועזן. אזוי ווי עס איז אין די צייטן פון נביאים גרויס געווען ביים פאלק די גלייכגילטיקייט צו דעם דאזיקן „ספר המצוות והחוקים"; אזוי איז אין דער עפאכע נאך עזרא און נחמיה גרויס געווארן די פארערונג זיינע. דאס פאלק האט אויף דער תורה גענומען קוקן, ווי אויף א קוואל פון אומענדלעכער געטלעכער חכמה. די יידישע פאעזיע צו יענער צייט האט איהר דערהויבן און באזונגען מיט הימלשע לויב־לידער און געטלעכער התפעלות. עס פארשטייט זיך, אז די תורה האט דערום געמוזט ווערן דער יסוד פון געזעצלעכקייט אין דער קליינער מלוכה פון יהודה, ביי יעדן אומשטאנד פלעגט געפארשט ווערן אין דעם

„בוך פון גאָט״, אויב ס׳איז באַגאַנגען געוואָרן על פי דין. צו יענער צייט איז איינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן אין דעם יידישן לאַנד דער מנהג פון קנעכטשאַפט. אַז אַ ייד האָט געוואָלט זיך פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט, האָט ער נישט געהאט ווער ער זאָל אים קויפן. דאָס יידישע פאָלק איז דורכ־געדרונגען געוואָרן מיטן באַוואוסטזיין פון זיין הייליקייט און העכסטער געטלעכער באַשטימונג. יעדער ייד איז אַ קנעכט פון גאָט („כי לי בני ישראל עבדים״), און קען נישט זיין ווי אַ קנעכט פון אַ „בשר ודם״. דער הויפט־פרינציפּ פון דעם דערמאָנטן מנהג, לויט וועלכן מען האָט געקענט אַ מענטשן פאַרזעצן אָדער פאַרקויפן, דער פרינציפּ, וואָס האָט דאַן עק־זיסטירט ביי אַלע פעלקער, איז אין יהודה אין גאַנצן אויסגעמעקט גע־וואָרן דורך דעם, וואָס יעדער חוב האָט געמוזט בטל ווערן אינעם יאָר פון שמיטה. די פערזאָן פון יעדן מענטשן איז דורך דעם דערהויבן געוואָרן, געהייליקט געוואָרן, איר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט איז אומבאַ־דינגט באַשטעטיקט געוואָרן. די דאָזיקע באַציאונג צו יעדן יידן בכלל האָט ממילא געמוזט וועקן אין האַרצן רחמנות צו יעדן אומגליקלעכן מיטגליד פון פאָלק. געבן נדבות איז פאַררעכנט געוואָרן ווי איינע פון די גרעסטע מצוות. אין יעדער שטאָט זיינען געווען אויסגעקליבן באַזונדערע ממונים, אָנצופירן מיט די געזעלשאַפטלעכע צדקה־ענינים. די פריערדיקע געוואַלטן פון די נביאים וועגן דער אכזריות, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד אין דער באַציאונג צו די אָרימע און הילפלאָזע, האָבן איצט אין יהודה מער נישט געהאט קיין אָרט.

די אויפפירונג פון געריכט איז אין יהודה געווען די פולקאָמסטע; די פאַרשידענע מיספאַרשטענדענישן צווישן אנאנדער פלעגן געלייזט ווערן מיט אַזאַ ריינהאַרציקער ערלעכקייט, אַז די אינסטיטוציע האָט דאַן גע־קענט דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. פולשטענ־דיקע גלייכקייט פאַרן געזעץ איז פאַר יעדן געווען אַזוי קלאָר, אַז דאָס איז גאָר געווען איבעריק אונטערצושטרייכן. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן פאָרקומען געריכט־זיצונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך, אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, צוליב די ספקות, וואָס האָבן געקענט אָפטמאָל אַרויס־וואַקסן אין פאַרשידענע פראַגן, וועלכע ווערן נישט דירעקט באַצייכנט אין דעם ספר־החוקים, האָט געדאַרפט געגרינדעט ווערן אַ העכסט צענטראַל־געריכט, וואָס זאָל אין אַזעלכע צווייפלהאַפטע צופאַלן באַשטימען דעם דין

לויט דעם אַלגעמיינעם גייסט פון דער תורה. די לייט, וועלכע זיינען גע־שטאַנען אין דער שפּיץ פון דער געמיינדע, נאָך עזרא און נחמיה, האָבן געשאַפן דעם דאָזיקן „העכסטן געריכט; ער איז באַשטאַנען פון אַ מאַן זיבעציק, וועלכע זיינען געווען די „עלטסטע" אין זייערע משפחות און געאַכטעט אינעם גאַנצן לאַנד. די דאָזיקע אייגנאַרטיקע אינסטיטוציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין יהודה ביז דעם צווייטן חורבן און וועלכע איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, אָפּצוהיטן די געזעצלעכקייט, האָט זיך אייגנטלעך אויסגעבילדעט פון די שטענדיקע פאָלקס־פאַרזאַמ־לונגען, וואָס נחמיה האָט איינגעאָרדנט; זי האָט באַשלאָסן אַלע וויכטיקע רעליגיעזע, געריכטלעכע און זיטלעכע פראַגן. די פערסער האָבן זיך, ווי ס'ווייזט אויס, פאַרהאַלטן צום „העכסטן געריכט" מיט ערע און סימ־פּאַטיע און האָבן אים געגעבן דאָס רעכט, צו פאַרוואַלטן מיט דער גע־מיינדע, דערום האָט עס געהאַט אויך אַ געוויסע פּאָליטישע באַדייטונג. דאָס דאָזיקע געריכט („סנהדריה גדולה" אָדער „בית דין") איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אַ פאָרזיצער מיטן טיטל „אב־בית־דין" און „ראש הסנהדרין"; די אַנדערע מיטגלידער זיינען צווישן פאָלק אָנגערופן געוואָרן „סופרים", די געלערטע. דער סנהדרין האָט גלייך מיט זיין אַנט־שטייאונג אָנגעהייבן צו ווירקן אינעם גייסט פון עזרא און נחמיה; אַריינ־צוברענגען אין יידישן לעבן און אין די יידישע געוואוינהייטן גערעכטי־קייט און יידישקייט. ער האָט אַרויסגערופן אַ ווירקלעכע איבערקערעניש אין לאַנד; און אַלע ענדערונגען, וואָס מען האָט שפּעטער, אין אַ יאָר צוויי הונדערט ארום, געקענט באַגעגענען אין דער יידישער געמיינדע, זיינען געשאַפן געוואָרן בלויז נאָר מיט זיין הילף. די בייע איינריכטונגען, וועלכע די מסורה איז מיחס צו עזראן, זיינען אייגנטלעך אויך זיין שאַ־פונג. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם גרונט פאַר דעם בנין, וועלכער עקזיס־טירט שוין ביי יידן טויזנטער יאָרן. פריער פון אַלץ האָט ער איינגעפירט רעגלמעסיקע פעריאָדישע פאָרלייענונגען פון דער תורה פאַרן פאָלק. יעדן שבת און יעדן יום־טוב האָט געמוזט געלייענט ווערן אַ געוויסער טייל פון דער תורה פאַר דער פאַרזאַמלטער געמיינדע. נאכער זענען אויך אין די וואָכעדיקע טעג איינגעפירט געוואָרן אַזעלכע פאָרלייענונגען, מאַנטיק און דאָנערשטיק, ווען די דאָרפסלייט פאַרזאַמלען זיך אין שטאָט צוליב די געריכט־זיצונגען. דאָס האָט געזאָלט אַלץ טיפער צוזאַמענבינדן דאָס

פאָלק מיט דער תורה. דער טעקסט פון דעם געטלעכן בוך איז אָבער געווען נישט פאַר אַלעמען לייכט צום לייענען. ביז יענער צייט פלעגן די הייליקע ספרים געשריבן ווערן מיט דער פעניציִשער שריפט,, וועלכער איז צוליב זיין שווערקייט באקאנט געווען נאָר פאַר די געלערטע. פאַר די יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין פּרס, איז נאָך דער דאָזיקער שריפט געווען פיל שווערער און אומפאַרשטענדלעכער און דערום איז די תורה געווען פאַר זיי נאָך מער פרעמד, נאָך מער נישט צוגענגלעך.

אויף אַזאַ אַרט האָט זיך אויסגעבילדעט אַ נייע באַדערפעניש, צו פאַרבייטן די אַלטע פעניציִשע בוכשטאַבן מיט נייע, וועלכע זיינען שוין דאַן באַנוצט געוואָרן ביי די פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט ארום די טייכן חדקל און פרת. דער דאָזיקער נייער קאנטיקער שריפט (רבוע), וואָס איז שוין פון לאַנג אַריין אינעם אַלטעגלעכן געברויך ביי די פּאַלעסטינישע און איבערהויפּט ביי די פערסישע יידן, איז איינגעפירט געוואָרן פאַר דער תורה און פאַר די „נביאים", ווי אויך פאַר די אַנדערע הייליקע ספרים און האָט באַקומען דעם נאָמען אשור־שריפט (כתב אשורי), ווייל ער איז צוערשט דערפונדן געוואָרן אין די אשורישע פּראָווינצן. די שומרונער, אין קעגנטייל, אויס שנאה צו יידן, האָבן אָפּגעהיט בלויז פאַר דער תורה און פאַר די אַנדערע הייליקע ספרים דעם אַלטן פאַרפלאָנטערטן פעניציִער כתב, הגם אין אַלטעגלעכן לעבן האָבן זיי אויך שוין לאַנג זיך נישט באַנוצט מיט אים, זיי פלעגן מאַכן יידן פאַרוואָרפן, אַז זיי באַגיין אַ פאַרברעכן דערמיט, וואָס זיי האָבן געביטן דעם כתב פון משה און די נביאים, און נאָך ביז היינטיקן טאָג איז ביי די שומרונער די ספר־תורה געשריבן מיט דעם אַלטן כתב, וועלכער איז פרעמד אַפילו זייערע אייגענע גייסט־לעכע.

ווען ס'איז איינגעפירט געוואָרן דער נייער שריפט און די תורה איז געוואָרן באמת אַ פאָלקס־בוך, וואָס יעדער האָט אים געקענט לייכט ליי־נען און פאַרשטיין, האָבן די סופרים איינגעאָרדנט אַ נייעם אנשטאַלט: שולן פאַר דער יוגנט. דאָרטן האָט מען יונגע יידישע קינדער געלערנט די יסודות פון דער רעליגיע, פון געזעצלעכקייט און איינגעפלאַנצט אין זיי אַ באַזונדער ליבשאַפט צו דעם אַלעמען. די גייסטיקע פירערס פון פאָלק אָדער, ווי זיי זיינען אָנגערופן געוואָרן: די „אנשי כנסת הגדולה", האָבן געפאָדערט פון די קומענדיקע דורות זיי זאָלן שאַפן „וואָס מער געלערנטע

יונגעלייט (העמידו תלמידים הרבה); פאַרשטייט זיך, אַז זיי אַליין האָבן זיך געמיט דורכצופירן אין לעבן דאָס, וואָס עס האָט געהאַט אין זייערע אויגן אַזאַ גרויסע נאַציאָנאַלע באַדייטונג. אַזאַ שול פאַר דער יוגנט איז געגרינדעט געוואָרן אין ירושלים. די לערער זיינען געווען די זעלביקע „סופרים״ אָדער „חכמים״; די שילער האָבן זיך אָנגערופן „תלמידי חכמים״. די טעטיקייט פון די דאָזיקע חכמים איז געווען אַ טאָפּלטע: פון איין זייט האָבן זיי זיך פאַרנומען דערמיט, וואָס זיי האָבן דערקלערט און אויסגעטייטשט די תורה; פון דער צווייטער זייט האָבן זיי זיך געמיט איינצופירן אין לעבן די פאַרשריפטן פון דאָזיקן הייליקן ספר, דורך דער ווירקונג אויף די תלמידים. זייערע דערקלערונגען צו דער תורה האָבן באַקומען דעם נאָמען „מדרש״. דאָס איז געשאַפן געוואָרן נישט לויט דעם פרייען ווילן, נאָר לויט געוויסן כללים, וועלכע פיל פון זיי האָבן געהאַט בקבלה פון די פריערדיקע דורות ביז די זקנים, יהושע און משה. די שולן און די „סנהדריה גדולה ״האָבן געאַרבעט צוזאַמען אין איין און דער זעלביקער ריכטונג און האָבן דערגאַנצט איינע די צווייטע.

די העכסטע גייסטיקע איינריכטונג, די „סנהדריה גדולה״ האָט זיך באַנוגנט מיט די קאָמענטאַרן (פירושים) צו דער תורה, און מיט דעם, וואָס זי האָט אירע געזעצן דורכגעפירט אין לעבן; זי האָט אויך אַרויסגעגעבן זעלבסטשטענדיקע דינים, צו רעגולירן און פאַרפעסטיקן די רעליגיעז־מאָראַלישע טעטיקייט ביים פאָלק. אַן אַלטער שפריכוואָרט פון יענער צייט זאָגט אָן לדורות: „מאַכט אַן אָפּצאַמונג פאַר דער תורה״ (עשו סיג לתורה). אין די דאָזיקע ווערטער דריקט זיך אויס דער כאַראַקטער פון דער ריכטונג,ביי וועלכער ס׳האָט זיך געהאלטן די דעמאָלטיקע געזעצגעבונג: עס מוזן פאַרווערט ווערן געוויסע דערלויבטע זאַכן, וועלכע גרענעצן זיך זייער נאָענט מיט אומדערלויבטע און קענען בכן ווערן פאַרביטן איינע מיט די אַנדערע. די דאָזיקע שטרעבונג צו פאַרהיטן פאַראויס פון אַן עבירה, די דאָזיקע אָפּצאַמונג, האָט אין יענער צייט געהאַט אַ געוויסן גרונט. די פאָלקס־מאַסן, וועלכע זיינען געווען אומאַנטוויקלט, האָבן גדאַרפט אויף אַזאַ אופן זיך צוגעוואוינען, צו פאָלגן די געזעצן און צו דערפילן זייערע פליכטן. אַדאַנק דער דאָזיקער אויפגאַבע, אָפּצוהאלטן דאָס פאָלק פון אַ זינד, זיינען געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע רייע דינים, וועלכע געהערן צו דעם זור פון די „סופרים״ („דברי סופרים״). די קאַטעגאָריעס פון קרובה־

שאַפט, צ״ב, מיט וועלכע עס איז לויט דעם דין פון דער תורה (מדין תורה) פאַרווערט געוואָרן צו הייראַטן, איז פיל פאַרברייטערט געוואָרן מדיני סופרים (עריות). מיט אַ באַזונדער זאָרגפעלטיקייט זיינען פאַרהיט געוואָרן די עבירות קעגן אומשולד. אַ מאַנספאַרשוין האָט זיך נישט געטאָרט געפינען איינער אַליין מיט אַ פרעמדער פרוי אין אַ פאַרבאָרגענעם אָרט (יחוד). קעגן דער לייכטזיניקייט, מיט וועלכער די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרהאלטן צום שבת אין נחמיהס צייטן, איז געשאַפן געוואָרן אַ האַרבע שטרענגקייט פון שבת־פאַרהייליקונג. צו פאַרהיטן די מעגלעכקייט פון חלול שבת און חלול יום־טוב איז איינגעפירט געוואָרן פאַר אַ חוב, צו פאַרענדיקן אַלע וואָכעדיקע אַרבעטן ערב שבת און יום־טוב נאָך אַ צייט פאַר זון־אונטערגאַנג.

לויט דעם גייסט פון די סופרים, האָבן די הייליקע שבתדיקע און יום־טובדיקע טעג געדאַרפט אַרויסרופן אין האַרצן פון יעדן יידן אַ פייער־לעכע געטלעכע שטימונג, און ברענגען צום פאַרגעסן די אַלטעגלעכע איג־טערעסן און וואָכעדיקע ליידן. פרייַלעכקייט און באַגייסטערונג האָבן געדאַרפט באַלעבן די יידישע נשמה. צו דעם צוועק האָט יעדער ייד געמוזט ביים אָנקומען און ביים אַוועקגיין פון שבת אויסטרינקען אַ כוס וויין. ביים אָנקומען דערמאָנען, מיט אַ תפלה אויף די ליפּן, די הייליקייט פון טאָג (קדוש); ביים אויסגיין — כדי דער טאָג זאָל מאַכן אַן איינדרוק אויך אויף דער נייער וואָך (הבדלה). אַדאַנק די דאָזיקע און נאָך פיל דינים, וועלכע זיינען ביים פאָלק נישט פאַרשטיינערט געוואָרן, האָט דער שבת אָנגענומען מיט דער צייט זייער אַ שיינעם און דערהויבענעם כאַראַקטער. די זעלביקע הייליקייט האָבן אויך באַקומען די פאַרשידענע ימים־טובים אַדאַנק די באַזונדערע תקנות פון די סופרים.

אַ גרויסן תקון האָבן זיי, די סופרים, אויך געשאַפן בנוגע צו דעם גאָטעסדינסט. די נביאים נאָך, זיינען אויך שוין אַ סך מאָל שאַרף אַרויס־געטראָטן קעגן די קרבנות, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טרוקע־נעם צערעמאָניאַל און האָבן גאָרנישט געווירקט צו אויפהייבן דעם מענטשלעכן גייסט. די סופרים האָבן מתקן געווען, אַז צוזאַמען מיט די קרבנות זאָלן איינגעפירט ווערן רעגלמעסיקע תפלות, צו וואָס די יידן האָבן זיך נאָך אין דעם פאַריקן גלות צוגעוואוינט. מען האָט געמוזט מתפלל זיין דריי מאָל טעגלעך: מיט זון־אויפגאַנג, (שחרית), מיט זון־

אונטערגאַנג (ערבית) און נאָכן האַלבן טאָג (מנחה). די תפלות זיינען פאָרגעקומען בצבור נישט נאָר אין בית־המקדש, נאָר אויך אין פאַרשי־דענע שטעלן, ווי אין ירושלים אַזוי אויך אין דער פּראָווינץ, אין ספּע־ציעלע הייזער, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען „בית הכנסת". די סופרים האָבן נישט בלויז איינגעפירט די אָרדענונג פון דאַוונען, נאָר זיי האָבן אַפילו געשאַפן די הויפּט־תפלות פון דאַוונען (סדור), וועלכע זיינען ביים יידישן פאָלק איבערגעגאַנגען דערנאָך פון דור צו דור. אין די תפלות ווערט, אין אַ גרויסאַרטיקער הערלעכער פאָרעם, איבערהויפּט געלויבט די גרויסקייט פון דעם איינציקן, ענדלאָזן גאָט, דעם באַשעפער פון דער וועלט, דעם פאָטער פון יידישן פאָלק; אין זיי ווערט געבעטן פון גאָט ליבע, גענאָד און באַרמהאַרציקייט צו ישראל, צו דער וועלט, צו אַלע באַשעפענישן. אַ גרויסן אָרט פאַרנעמט די תפלה וועגן דער תורה, אַז זי זאָל אַריינדרינגען אין די הערצער און אָנפילן זיי מיט הייליקייט, מיט גוטסקייט און פאַרשטענדיקייט.

די תפלות פון שבתים און ימים־טובים האָבן זיך כמעט ווי נישט אונטערגעשיידט פון די תפלות פון דער וואָך. עס איז בלויז צוגעקומען אַ תפלה, וועלכע האָט אונטערגעשטראָכן די הייליקייט פון טאָג. דער צערע־מאָניאַל פון דאַוונען אין די יום־טובדיקע און שבתדיקע טעג האָט זיך אָבער אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס דאַן פלעגט זייער פיל געלייענט ווערן פון דער תורה (קריאת התורה). דערצו נאָך פלעגן צוגעגעבן ווערן געקליבענע שטעלן פון די נביאים, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות אָדער צום טאָג אָדער צו דעם געלייענטן פון דער תורה (הפטרה). אַרויסגערופן אין אַ געוויסן זין דעם מנהג פון דער הפטרה האָט דער אַנטאַגאָניזם צווישן די יידן און די שומרונער. די לעצטע, וועלכע האָבן געלייקנט אין ירושלים און אין דעם דאָרטיקן בית־המקדש, האָבן אינגאַנצן אָפּגעשטויסן די נבי־אים, וועלכע באַטאָנען שטענדיק דאָס „געטלעכע הויז" און די „געטלעכע שטאָט" פון יהודה. אויף אַזאַ אופן האָט פון דאָס ניי אָפּגעהילכט דאָס וואָרט פון די נביאים, וועלכע האָבן ביים לעבן געהאַט פאַר זיך ווייניק צוהערערס און נאָכפאָלגערס. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט געקלונגען אין יעדן בית הכנסת און ביסלעכווייז האָט עס אַריינגעטראָגן אַ דערהויבענע באַגייסטערונג אין די הערצער פון פאָלק. דאַן האָט זיך געלאָזט פילן אַ גייטיקייט צונויפצוזאַמלען די רעדעס פון די נביאים, ברענגען זיי אין אַ

פולשטענדיקער אָרדענונג אאז״ו. דערמיט האָבן זיך, ווי ס׳ווייזט אויס, אויך באַשעפטיקט די סופרים. אין דער דאָזיקער זאַמלונג זיינען אַריינגע־גאַנגען די פיר היסטאָרישע ספרים: יהושע, שופטים, שמואל, מלכים (נביאים ראשונים). דריי גרויסע ספרים פון די נביאים: ישעיהו, ירמיה, יחזקאל; צוועלף קלענערע נבואה־ספרים: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה, מלאכי (נביאים אחרונים). די אַלע צונויפגעזאַמלטע ספרים האָבן באַקומען דעם טיטל „הייליקע שריפ־טן״ און הגם זיי זיינען נישט אַזוי הייליק ווי די תורה גופא, דאָך פאַר־נעמען זיי נאָך איר דעם ערשטן פּלאַץ.

אין דער עפּאָכע פון די כנסת הגדולה זיינען בכן פעסטגעשטעלט געוואָרן צוויי אופנים פון גאָטעסדינסט: קרבנות און תפלה. דאָס ערשטע פלעגט פאָרקומען נאָך אין בית־המקדש, דאָס צווייטע איבערן גאַנצן לאַנד. ווייל גאַנץ יהודה איז באַדעקט געוואָרן מיט בתי כנסיות. די ביידע פאָר־מען פון עבודה (גאָטעסדינסט) האָבן געבילדעט איין איינהייט, דער־גאַנצט איינע די צווייטע און אָפּגעלערנט זיך איינס פון צווייטן. די תפלה איז אָפּהענגיק געווען פון די קרבנות אין באַציאונג צו דער צייט. אין דער זעלביקער צייט ווען די כהנים פלעגן אין בית המקדש צוטרעטן צו די קרבנות, פלעגט דער צבור אין בית הכנסת זיך פאַרזאַמלען צו תפלה. אום שבת און יום־טוב, ווען עס פלעגן געבראַכט ווערן פיר קרבנות, פלעגט צו די דריי טעגלעכע תפלות צוגעגעבן ווערן אַ פערטע — מוסף. דער סדר פון קרבנות האָט זיך אויך נישט געקענט באַגיין אָן דעם לע־בעדיקן וואָרט און עס זיינען דערביי איינגעפירט געוואָרן ווי אַ חוב די לויב־געזאַנגען פון די לויים.

דער ענין פון עבודה און קרבנות האָט געהאַט אין זיך אַ מערקוויר־דיקן מאָמענט. דאָס איז דער באַשטאַנד פון „ריינלעכקייט״ און „אומ־ריינלעכקייט״ (דיני טומאה וטהרה). די געזעצן פון דער תורה געבן דערויף גאַנץ דייטלעכע כללים. דער אומריינער טאָר נישט מקריב זיין קיין קרבנות, טאָר נישט אַריינקומען אין בית־המקדש; איבערהויפּט טאָר ער נישט עסן דאָס, וואָס ס׳איז פאַרהייליקט געוואָרן דורכן דין. עס שיידן זיך אונטער פאַרשידענע מדרגות פון טומאה; יעדע מדרגה האָט זיך איר באַזונדערן דין אין באַציאונג צו קדושה. דאָס געזעץ ווייזט אויך אָן די מיטלען, דורך וועלכע דאָס אומריינע קען געריי‌ניקט ווערן. באַזונד־

דערע כללים זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר די, וואָס זיינען אומריין גע־וואָרן צוליבן אָנרירן זיך אָן אַ טויטן קערפּער (טמא מת). פּריש קוואַל־וואַסער שפּילט אין דעם ענין פון אָפּרייניקן זיך פון טומאה זייער אַ וויכ־טיקע ראָלע.

אין דער דאָזיקער צווייטער הונדערט יאָריקער עפּאָכע האָט זיך די גאַנצע טעטיקייט פון דער יידישער געמיינדע אויסגעדריקט אין איר אי־נערלעכער גייסטיקער פאַרפּולקאָמונג. אינעם וואָכעדיקן לעבן האָט דער ייד זיך באַשעפטיקט בלויז מיט רואיקער, פרידלעכער אַרבעט. מיט מלחמה־אָנגעלעגנהייטן האָט ער זיך נישט אינטערעסירט אפילו אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס איז נייטיק געווען צו פאַרטיידיקן די אייגענע גרע־ניצן פון די שכנישע אָנפאַלן. אין דער ווירקלעכקייט איז מקוים געוואָרן דאָס, וואָס עס האָט פאָרויסגעזאָגט דער נביא יחזקאל, וואָס האָט געשיל־דערט דעם קינפטיקן צושטאַנד פון דער יידישער מלוכה נאָך דעם, ווי דאָס פאָלק וועט זיך אומקערן פון גלות אין זיין פאָטערלאַנד. אַ מלוכה פון גייסט, וועלכע וועט נישט וויסן פון קריג און פיינטשאַפט — אַזוי האָט אויסגעזען דאָס בילד פון דער צוקונפטיקער יידישער געמיינדע אין דער פאָרשטעלונג פונעם נביא. אין דער תקופה פון די סופרים האָט דאָס בילד אָנגעהויבן צו ווערן פאַרקערפּערט. די יידן האָבן קיין אָנטייל נישט גענומען אין די מלחמות, וואָס זיינען צו יענער צייט פאָרגעקומען נעבן זייערע גרעניצן. פאַר ארתחשתא דעם 2־טן און ארתחשתא דעם 3־טן האָבן די אומצופרידענע עגיפּטער געפּרואווט פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון פּרס און ווערן פונדאַסניי זעלבסטשטענדיק. אָפט זיינען לעבן די יידישע ברעגעס פון מיטללענדישן ים פאַרבייגעגאַנגען די פּרסישע חיי־לות קיין מצרים, אָדער די מצרימדיקע חילות קיין פעניציע, ווי אויך די געדונגענע גריכישע אַרמייען, וועלכע פלעגן העלפן מלחמה־האַלטן אַמאָל דעם צד, אַמאָל יענעם צד פון די קריגס־לייט, פלעגן פאַרבייגיין אַהין און צוריק, און פון זייערע הויכע בערג האָבן די יידן געקאָנט באַאָבאַכטן דאָס קריגס־טעאַטער. נאָך אַלעמען אָבער האָבן זיי פונדעסטוועגן פאָרט נישט שטענדיק געקאָנט בלייבן פּאַסיווע צושויערס בנוגע צו די קריגס־געשעענישן, וואָרום אויב זיי זיינען נישט געווען מחויב צוצושטעלן קיין מענטשן פאַר דער פּערסישער אַרמיי, האָבן זיי דאָך אויף זיך געהאַט אַנ־דערע מלחמה־פליכטן, ווי צוצושטעלן פּראָדוקטן אאז"וו. די באַציאונ־

גען פון דער פּערסישער רעגירונג צו זיי אין יענער צייט איז פיל ערגער געוואָרן. צוליב דער השפעה פון גריכנלאַנד, מיט וועלכער פּרס איז דאַן געקומען אין נאָענטסטן פאַרקער, זיינען די פּרסער גענייגט געוואָרן צו דער ווילדער געצנדינערײַ און זיי האָבן ביי זיך אין לאַנד איינגעפירט דעם קולט פון פיל גריכישע געטער. איבערהויפּט איז דאָרט זייער פּאָפּו־לער געוואָרן די געטין פון גראָבע קערפּערלעכע פּאַרגעניגנס — אַפּראָ־דיטאַ, צו וועלכער עס האָבן געדינט די אויסגעלאַסענע פּרסער, צו איר זיך געבוקט און קרבנות געבראַכט. צוליב די גרויסע נצחונות זייערע, איז דאָס לאַנד אומגעהויער רייך געוואָרן און די באַפעלקערונג האָט זיך אי־בערגעגעבן איינגאַנצן צו פאַרשידענע ווילדע תאוות, וואָס נאָר די געטין אַפּראָדיטאַ האָט עס געקענט באַגריסן. ווען זיי האָבן אָנגענומען דעם קולט פון דער דאָזיקער תאוה־געטין האָבן זיי איר אַ נאָמען געגעבן אַנאַ־איטאַ און צוגערעכנט צו זייערע אייגענע געטער. ארתחשתא דער דריטער האָט איר סאַנקציאָנירט קעניגלעך, אַליין האָט ער צו איר זיך געבוקט און פאַרזאָגט אויסצושטעלן אירע סטאַטועס אומעטום אין זיין גרויסער מאָנאַרכיע — אין בבל, אין שושן און אין עקבאַטאַן, אין די דריי הויפּט־שטעט זיינע, שפּעטער אין דמשק, אין סאַרדעס און אין אַלע איבעריקע שטעט פון פּרס און מדי. אויף אַזאַ אופן האָט דער ריין פּרסישער קולט באַקומען אַ טאָפּלטן קלאַפּ: עס זיינען אַריינגעפירט געוואָרן פרעמדע גע־טער אין לאַנד און דאָס ווילד־מגושמדיקע־געצנדינסט, פון וואָס פּרס איז שטענדיק ריין געווען, האָט זיך דאָרטן געמאַכט אַ פעסטן נעסט. אַ דאַנק דער רעליגיעזער איבערקערעניש אין פּרס, איז פונאַנדערגעריסן געוואָרן דער איינציקער גייסטיקער פאַדים, וואָס האָט די פּרסער פאַרבונדן מיטן יידנטום, — די פאַרהאַסונג צו דער געצנדינערײַ. אין פּרס האָט מען אויפגעהערט צו אַכטן דעם גייסטיקן, אַבסטראַקטן יידישן גאָט. ווי עס זעט אויס, האָט ארתחשתא, וואָס האָט געצוואונגען זיינע אַלע אונטער־טעניקע פעלקער אָנצונעמען דעם קולט פון דער תאוה־געטין, אויך גע־פּרוואווט דאָס זעלבע צו טון אין יהודה; די מסורה דערציילט, אַז די יידן האָבן דאַן איבערגעטראָגן פאַרשידענע באַליידיקונגען פון די פּרסישע פאַרטרעטער; אַז די דאָזיקע פאַרטרעטער האָבן זיי גענייט צו פאַרלאָזן דעם גאָט פון זייערע עלטערן; די יידן האָבן אָבער בעסער אויסגעליטן

אַלע מיני יסורים, אפילו זיך געלאָזן הרגענען דורך שווערע ענוים, און נישט בוגד געווען אין זייערע איבערצייגונגען און אין זייער אמונה.

ס'איז פאַראַן אַ ידיעה, אַז ארתחשסתא אחוס האָט אין דער צייט פון דער מלחמה מיט מצרים (361—360) פאַריאָגט פיל יהודים פון זייער לאַנד און האָט זיי באַזעצט אין אירקאַניע אויפן קאַספּישן ים.

אין ירושלים גופא האָבן די יידן געליטן פיל צרות פון איינעם פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אומגעהויער גיך וואַקסן און מאַכט באַקומעןביים פּרסישן הויף, צוליב דעם כאַאָס און אומאָרדענונג, וואָס האָט געהערשט אין דער פּרסישער אימפּעריע און אין דעם פּרסישן רעגירונגס־מעכאַניזם צו יענער צייט. דאָס איז געווען דער סרים בחוזס, וועלכער האָט פאַר ארתחשסתא דעם 3־טן באַקומען אַ גרויסע קראַפט אוןווירקונג. זיין מעכטיקייט איז צום סוף געוואָרן אַזוי גרויס, אַז אַרתחשס־תא און זיין גאַנצע משפּחה זיינען אין גאַנצן אויסגעראָטן געוואָרן און ער, בחוזס, האָט פאַרכאַפּט דעם טראָן. פריער אָבער, איידער ער האָט נאָך באַקומען די מלוכה, האָט ער אויסגענוצט זיין גינסטיקע לאַגע אין דער אַרמייִ, וועלכע האָט זיך געפונען אין סוריא און פעניציע, כדי אָנ־צוזאַמלען אַ סך עשירות. מיט דעם דאָזיקן מאַן האָט זיך דאַן געחברט דער זון פון כהן־גדול, וועלכער האָט געהאָפט, אַז דורך שוחד, וועט אים דער פּרסישער שר העלפן צו באַקומען די כהונה־גדולה און צו באַזייטיקן זיין עלטערן ברודער. יהוחנן, וועלכן דער טיטול האָט געהערט לויט דער אָרדענונג פון ירושה. דער לעצטער האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט פון זיין ברודערס שטרעבונגען; ער איז צוליב דעם זייער אויפגערעגט גע־וואָרן און האָט געהרגעט אין בית־המקדש גופא זיין ברודער יהושע, דעם ליבלינג פון בחוזס. דער דאָזיקער אומשטאַנד איז געווען אַ טרויעריקער צייכן פאַר דער צוקונפט. וואָרום דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, וואָס האָט פּאַסירט אין ירושלים, האָט דער סריס באַפוילן אין דער הויפּטשטאָט פון יהודה, נישט נוקם צו זיין זיך פאַר זיין פריינט, נאָר, ווי אַ שטראָף, אַרויסצופּרעסן פון דער באַפעלקערונג וואָס מער געלט. דאָס פאָלק האָט געמוזט פאַר יעדן טעגלעכן קרבן־תמיד צאָלן אַ געוויסן אויסקויף־געלט, וואָס האָט געמוזט יעדן פרימאָרגן איינגעצאָלט ווערן פאָרויס.

די יידן האָבן געמוזט אין די דאָזיקע פינצטערע צייטן פונדאָסניי קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ. אין אַלגעמיין זיינען אין דעם משך פון די

דאָזיקע צוויי יאָרהונדערטער אין דעם יידישן לאַנד פאַרגעקומען זייער ווייניק ליכטיקע מאָמענטן: אַ ווײַלע האָט פאַר דעם יידישן פאָלק אַ לייכט געגעבן די זון פון גליק פאַר דריוש דעם ערשטן, וועלכער האָט זיך צו זיי זייער פריינטלעך פאַרהאַלטן; נאָכהער איז אויך גיך פאַרשוואונדן געוואָרן די לעבהאַפטע תקופה פון נחמיהן און עזראן. דערנאָך הערשט שוין אין לאַנד אין גאַנצן אַ נידערגעשלאָגענע שטימונג. עס שטאַרקט זיך די אָרימקייט, די הילפלאָזיקע לאַגע רופט אַרויס אַ ביטערן רחמנות. דאָס פאָלק האָט זיך ווי פאַרלוירן, די געזיכטער פון זיינע זין האָבן אויס־געדריקט דעם ביטערן פאַרצווייפלונגס־אויסרוף: „מאין יבוא עזרי?״ — „פון וואַנען וועט די הילף אָנקומען?״. די געדריקטע שטימונג פון דער דאָזיקער צייט האָט געהאַט איר ווירקונג אויף די שאַפונגען פון יענע צוויי יאָרהונדערטער. אין דער צייט פון גלות האָבן געהאַלטן דאָס לעבע־דיקע אומגליק צוזאַמען מיט דער ליידנשאַפטלעכער שטרעבונג צו פריי־הייט, דעם פאָלקס־גייסט שטענדיק אין אַן אָנגעשטרענגטן צושטאַנד און אַ דאַנק דעם איז געשאַפן געוואָרן די וואונדערלעכע אויפבליאונג פון נביאות און פּאָעזיע. ווען אָבער די אויפרעגונג האָט זיך איינגעשטילט, און די האָפענונגען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווירקלעכקייט, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויך די גייסטיק־פּאָעטישע וויזיע. אויסגעשעפּט איז געוואָרן דער שאַפנדיקער גייסט פון די משוררים, די בעלי־תהלים, וועלכע איבערחזרן זיך אומענדלעך און באַנוצן זיך אָפט מיט די מוס־טערן פון די פריערדיקע דורות. די פאַרצייכענונג פון די היסטאָרישע פאַ־סירונגען איז אין גאַנצן פאַרלאָזן געוואָרן. אפילו די עטלעכע מעמוארן, וועגן יענער תקופה, וואָס זיינען געבליבן פון עזרא און נחמיה, זיינען אויך ווייניק באַאַרבעט בנוגע צו דער אויסערלעכער ליטעראַרישער פאָ־רעם.

אַ נייע עפּאָכע אין דעם יידישן לעבן הייבט זיך אָן צוזאַמען מיט דער ענדע פון צווייטן יאָרהונדערט נאָכן גלות בבל. דאָס פאָלק האָט גע־מוזט פונדאָסניי אָנווענדן אַלע זיינע כוחות, אָנשטרענגען דעם גאַנצן געניוס, כדי צו ראַטעווען זיין זעלבסטשטענדיקייט. די דאָזיקע עפּאָכע איז אָנגעקומען, אַ דאַנק דער ווירקונג פון העלעניזם. דאָס גריכישע פאָלק און דער גריכישער גייסט האָבן פאַראורזאַכט אַ באַדייטנדיקע איבערקע־רעניש אין דעם אָרט דענקען, אין דער מאָראַל און אין די אַלגעמיינע

לעבנס־פֿאָרמען פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיי האָבן אויף פיל שטאָפ־לען העכער אויפגעהויבן יענע פעלקער, וועלכע זיינען געווען פעאיק צו אַנטוויקלען זיך. די פֿאַרברייטערונג פון דעם גריכישן גייסט איז אָבער אין איירֿאָפּע און אין אזיע אָנגעקומען נישט דירעקט פון גריכנלאַנד, נאָר דורך די מוקדונער (מאַקעדאָניע), וועלכע האָבן אפילו געשטאַמט פון דעם זעלביקן מקור, וואָס די גריכן, נאָר וועלכע זיינען שוין דאָך געווען אויס־געמישט אויך מיט פרעמדע פעלקער. מוקדוניא, וועלכע האָט אין איר צייט איבערֿאַשט די גאַנצע וועלט מיט אירע נצחונות, האָט אויך אויפגע־מונטערט דעם יידישן פֿאָלק פון זיין מוטלאָזיקייט און דרימל.

# קאַפּיטל פיר

## ארץ־ישראל אונטער דער הערשאַפט פון די מוקדונער

.(175—332)

אלכסנדר דער גרויסער, דער מלך פון מאַקעדאָניע, וועלכן אַ יידי־שער נביא האָט פאַרגליכן מיט אַ לעמפּערט, וואָס איז באַגאַבט מיט אָד־לער־פליגלען, צוליב זיינע וואונדערלעך־געשווינדע נצחונות, האָט גע־געבן אַ טויט־קלאַפּ דער פּרסישער מאָנאַרכיע. קליין־אַזיע, סיריע, פּע־ניציע, זיינען געלעגן פאַר זיינע פיס, פיל מלוכות און לענדער האָבן אים מיטן גוטן ווילן זיך אונטערגעגעבן. צור, נאָך אַ זיבן־חדשימדיקער, און עזה, נאָך אַ צוויי־חדשימדיקער באַלאַגערונג, זיינען איינגענומען געוואָרן און פאַר זייער שטאָלץ האָט זיי באַגעגנט אַ ביטערער שיקזאַל. וואָס איז געשען מיט דער קליינער שוואַכער יהודה פאַר דער צייט פון דעם גרויסן קעמפער, פאַר וועמען עס האָט געמוזט בייגן דעם קאָפּ אפילו דאָס לאַנד פון די פּרעהס? די היסטאָרישע מקורותריידן וועגן דעם אין דער פאָרם פון לעגענדעס און גיבן אַלזאָ נישט קיין דייטלעכן באַגריף פון די גע־שעענישן אין יענעם אַלמענטשלעך־וויכטיקן מאָמענט. עס איז שווערלעך צו גלויבן, אַז די יידן זאָלן זיך האָבן אָפּגעזאָגט צו אנערקענען מיטן גוטן ווילן די הערשאַפט פון אלכסנדר צוליב דעם, ווייל זיי זיינען געווען פאַר־בונדן מיט אַ שבועה געטריי צו זיין פּרס. ערשטנס, איז אין ערגעץ נישט דערמאָנט, אַז די יידן זאָלן ווען ס'איז האָבן געגעבן אַזאַ שבועה. צוויי־טנס, האָבן די שלעכטע באַציאונגען פון די פּרסער צו זיי אין די לעצטע יאָרן נישט געדאַרפט זיי לאָזן לאַנג צווייפלען. עס געפינט זיך אַ מסורה, אַז אַלכסנדר איז שוין געהאַט אָנגעקומען נאָענט צו יהודה, און די צערע־מאָניע פון די גייסטלעכע, וואָס ער האָט באַגעגנט, האָט אים געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל זיך מיט חסד באַגיין מיטן יידישן פאָלק. דער כהן־גדול אין זיין הייליקער קליידונג, דערציילט די לעגענדע, מיט אַ גרויסער צאָל כהנים און לויים איז אים אַרויס אַנטקעגן; די דאָזיקע פייערלעכע

פּראַצעסיע האָט געמאַכט אויף דעם יונגן מלך אַזאַ געוואַלדיקן איינדרוק, אַז ער האָט הייס באַגריסט די פּראַצעסיע. זיין צאָרן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גענאַד און זיין סוויטע האָט ער דערקלערט, אַז נאָך אין מאַקעדאָניע, אין חלום, האָט ער געזען דאָס געשטאַלט פון דעם דאָזיקן הייליקן מאַן, פון דעם כהן־גדול, אין דער באַגלייטונג פון דער זעלביקער מאַסע כהנים און לויים, און דער כהן־גדול האָט אים אין חלום פאָראויסגעזאָגט, אַז ער וועט אומעטום אָפּהאַלטן גרויסע נצחונות. דער ערשטער צוזאַמענשטויס פון די ביידע וועלטן, פון דעם יודאַאיזם מיט דעם העלעניזם, איז אויף אַזאַ אופן פאַרגעקומען אויפן פרידלעכן שטייגער. יהודה איז פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ טייל פון דער געגנט, וועלכע האָט זיך געפונען צווישן די בערג תבור און לבנון, פון צפון־זייט, און מצרים — פון דרום זייט, און האָט באַקומען דעם נאָמען צעלאסוריא. דער מוקדונישער פאַרטרעטער פון דער דאָזיקער ריזיקער פּראָווינץ, וואָס האָט זיך מיט אַ געוויסער צייט פריער געטיילט אויף אַזוי פיל גרויסע און מעכטיקע מלוכות, האָט זיך באַזעצט אין שומרון, וועלכע איז געווען, ווי ס׳ווייזט אויס אַ זייער באַפעסטיקטע שטאָט. אויסער דעם האָט זי פאַרנומען דעם צענטער אין דער פּראָווינץ און איז געווען אַרומגערינגלט מיט זייער גוטע פעלדער. דער ערשטער פאַרטרעטער איז דאָ געווען אַנדרומכוס.

ס׳איז שווער צו זאָגן, פאַרוואָס זיינען די שומרונער נישט געווען צופרידן מיט דעם דאָזיקן כבוד? האָט זיי אפשר פאַרדראָסן דאָס, וואָס אלכסנדר האָט די יידן, זייערע פיינטלעכע שכנים און קרובים אַרויסגעוויזן מער אַכטונג ווי זיי? אַ פאַקט אָבער איז, אַז זייער אויפרעגונג איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן, גאַרנישט געטראַכט וועגן די קאָנסעקווענצן, געכאַפּט אַנדרומכוסען און פאַרברענט אין פייער (331). ווען אלכסנדר האָט זיך דערוואוסט פון דער דאָזיקער אומזיניקער רציחה, האָט זיין ווילדער צאָרן גאָר נישט געהאַט קיין גרעניץ. גאַנץ מצרים ליגט אונטערגעוואָרפן אונטער זיינע פיס, און אַזאַ קליין פאָלק וועט וואַגן אים צו טון דערווידער?! פון מצרים, וואו ער האָט דאַן פאַרענדיקט זיין זיג, איז ער גיך אַנגעקומען קיין שומרון, זיך נוקם צו זיין אָן די מערדער. ער האָט זיי שרעקלעך געפייניקט, נאָכהער האָט ער באַשטימט אַ נייעם פאַרטרעטער מיטן נאָמען מעמנאָן; אויסער דעם האָט ער באַזעצט אין שומרון אַ באַדייטנדיקע צאָל מוקדונער. נאָר דאַן האָבן

זיך די שומרונער באַרואיקט. און אַזוי ווי אלכסנדר האָט געוואוסט, ווי שטאַרק ס'איז די שנאה פון די שומרונער צו די יידן, האָט ער נאָך מער חסדים געטון מיט די לעצטע, כדי צו ווייזן אויף אַזאַ אופן זיין אומצו־פרידנקייט מיט די ערשטע. אייניקע גרעניץ־שטעט צווישן שומרון און יהודה, וועלכע האָבן שטענדיק אַרויסגערופן מחלוקת צווישן דיביידע שכנישע לענדער, האָט אלכסנדר לחלוטין אָפּגעגעבן יהודה; אויסער דעם האָט ער דאָס גאַנצע לאַנד באַפרייט פון מס (צינזן) פאַר יעדן שמיטה־יאָר. די דאָזיקע גנעדיקע באַציאונגען פון הערשער צו זייערע שונאים האָט אויפגעבראַכט די שומרונער. יעדעס פריש ווינטל האָט מיט זיך גע־בראַכט אַ נייעם ברען־מאַטעריאַל.

דערווייל אָבער, כל זמן אלכסנדר האָט געלעבט, זיינען די שומ־רונער געווען געצוואונגען צו באַהאַלטן זייערע געפילן. דער מלך פון מוק־דון האָט נישט געליטן, אַז ווער ס'איז פון זיינע אונטערטעניקע פעלקער זאָל זיך עפּעס דערלויבן צו טון אָן זיין וויסן. זיינע ראַשיקע און גליקלע־כע נצחונות, וועלכע האָבן אים צוגעבראַכט אַזש ביז קאַווקאַז, האָבן גע־האַלטן אַלע פעלקער, ווי אין קייטן, און האָבן איינגעשמידט יעדע זעלבסטשטענדיקע באַוועגונג. פון גריכנלאַנד ביז הודו און פון כוש (אַבי־סיניע) ביזן קאַספּישן ים, אין די אַלע לענדער, וועלכע ער האָט איינגענו־מען און וועלכע האָבן אים געטריי געדינט, האָט געהערשט פולשטענדי־קער פרידן. אלכסנדר איז געווען דער ערשטער הערשער, וועלכער איז געווען טאָלעראַנט אין באַציאונג צו דער אָריגינאַליטעט פון פרעמדע פעלקער, ער האָט דאָס געהאַלטן ווי אַן אומבאַדינגטן פּרינציפּ אין דער פּאָליטיק. ער האָט אויך געאַכט די פאַרשידנקייטן פון די פרעמדע רעלי־גיעס און פון די קולט־פאָרמען. אין מצרים האָט ער אַרויסגעוויזן זיין פאַרגעטערונג צו אַפּיסען און אמאָנען (דעם גאָט פון דער זון), אין בבל האָט ער אַרויסגעוויזן זיינע ערע־געפילן פאַר בל און נבו. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו ענדיקן זיינע גראַנדיעזע פּלענער וועגן איין גרוי־סער וועלט־מלוכה, וועלכע זאָל פאַראייניקן אַלע פעלקער און פאַרוואַנד־לען אין ברידער פון איין אַלוועלטלעכער מאָנאַרכיע, איז דער גרויסער קריגס־זשעני געשטאָרבן, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין יורש; אין מאַקעדאָניע האָט זיך נישט געפונען קיין צווייטער, וועלכער זאָל קענען פאַרבייטן דעם גרויסן אלכסנדר און פאַרזעצן זיינע ריזיקע פּלענער. אַ

ווילדע הילפסלאָזיקייט און צעטומלעניש האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די פעלקער פון אַלע לענדער אין דער וועלט, ווי אויך צווישן דער מיליאַניקער אַרמיי אַלכסנדרס, פּונקט ווי ווען אין די נאַטור־געזעצן וואָלט פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש, וואָס צווינגט צו צווייפלען אין דעם ווייטערדיקן רעגלמעסיקן גאַנג פון טאָג און נאַכט. אלכסנדר האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע צאָל קריגס־אָנפירער, וואָס זייער קריגס־קונסט און זייערע קריגס־פעאיקייטן זיינען שוין געווען גענוג אויסגעפּרוּווט אויף פיל שלאַכטפעלדער אַזוי, אַז זיי זיינען געווען אומשטאַנד אונטערצוהאַלטן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון דער מאַקעדאָניע־מלוכה, ווען צווישן זיי וואָלט געהערשט אחדות. זיי האָבן אָבער געירשנט פון די גריכן — הגם אין זייערע אָדערן האָט געפלאָסן אויך בלוט פון אַנדערע פעלקער — דעם גייסט פון אומאָפּהענגיקייט און זעלבסטשטענדיקייט, די שטרעבונג צו שטעלן די אייגענע פּערזענלעכקייט העכער פאַר דעם גליק פון דער מלוכה; זיי האָבן אויך, ווי די גריכן, געקוקט אויף דער מאַכט, ווי אויף אַ מיטל, צו באַקומען וואָס מער תענוגים און רייכקייט, מיט איין וואָרט, זיי האָבן זיך אָפּגעלערנט פון די העלענער אַלץ, וואָס אין יענע איז געווען שלעכטס און אוממאָראַלישעס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויף דער גאַנצער ברייט פון דער מאַקעדאָנישער מאָנאַרכיע בלוטיקע מלחמות. די זאַך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ס'איז פונאַנדערגעפאַלן די מלוכה פון מאַקעדאָניע און די פאַרטרעטער פון אירע פאַרשיידענע פּראָווינצן האָבן זי צווישן זיך פונאַנדערגעטיילט. תלמי דער ערשטער (פּטאלאמעאוס דער ערשטער), וועלכער האָט באַקומען אויף זיין חלק מצרים, האָט דורכן שווערד באַקומען אויך צעלאסוריע און יהודה. ווען אויף זיין פאָדערונג זיך אונטערצוגעבן, האָבן די איינוואוינער פון ירושלים זיך אָפּגעזאָגט אים צו פאָלגן, איז ער פּלוצלינג אָנגעפאַלן אויף דער הויפּטשטאָט, שבת, ווען די יידן האָבן נישט געוואַגט זיך נעמען פאַרן געווער צוליב דער הייליקייט פון טאָג. ער האָט זיך מיט זיין חיל אַריינגעריסן אין שטאָט און האָט פאַרטריבן פיל פון דער באַפעלקערונג אין געפענגעניש קיין מצרים. שומרון, וועלכע האָט אויך אין אָנפאַנג אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד קעגן דעם באַזיגער, האָט אויך געהאט דעם זעלביקן גורל.

יהודה און די שומרונער האָבן אין דער ווירקלעכקייט געקענט

לעבן גאַנץ גליקלעך, ווען זיי וואָלטן אויף לאַנג געבליבן אונטער דער הערשאַפט פון תלמי. ער איז געווען בכלל זייער אַ הומאַנישער קריגס־העלד און האָט געוואוסט צו שוינען פרעמדע מעלות; ער האָט קיינמאָל נישט געטון זיינע שונאים מער שאָדן, ווי דאָס איז נויטיק געווען צו זיין נצחון. אים האָט נאָך אָבער געפעלט דאָס פולקאָמע רעכט אויף צעלאָ־סיריע און ארץ־ישראל. דער מוקדונישער גענעראַל אַנטיגאָנעס מיט זיין זון דימיטריאָס האָבן מלחמה געהאַלטן מיט תלמין און געהאַט אַ גרויסע מפלה (312). אין דער מלחמה האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט דער פעלד־מאַרשאַל סעלעווקוס, דער גרינדער פון דער סיריש־גריכישער סע־לעווקידישער דינאַסטיע, און פון דעם נצחון האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע (די דאָזיקע עפּאָכע איז אין משך פון פיל הונ־דערטער יאָרן געווען אָנגענומען אויך ביי יידן, באַזונדער אין אָפיציעלע דאָקומענטן, פאַרוואָס עס האָט געהייסן „מנין שטרות").

פאַר תלמי דעם צווייטן האָט זיך באַנייט די מלחמה. איצט איז תלמי אָפּגעטראָטן פון סיריע און פאַרוויסט די פעסטונגען עכו, יפו, עזה, שומרון, ירושלים, כדי דער שונא זאָל זיך אין זיי נישט באַפעסטיקן. לסוף אָבער האָט ער אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן נצחון איבערן שונא, מיט דער הילף פון נאָך דריי באַרימטע מוקדונישע קריגס־אָנפירער: סעלעוו־קוס, קאסאנדי און ליזימאך. (301). די דאָזיקע פיר העלדן האָבן פונדאָס־ניי צעטיילט צווישן זיך די מוקדונישע מאָנאַרכיע. תלמי האָט באַקומען גאַנץ מצרים און אַלע אירע אומגעגנטן צוזאַמען מיט יהודה, און ביי סע־לעווקוסן איז געבליבן כמעט גאַנץ אַזיע, סיריע, צוזאַמען מיט פרס, ביזן טייך הודו. אויף אַזאַ אופן זיינען די יידן פון יהודה אָפּהענגיק געוואָרן פון תלמין און זיינע יורשים, און די יידן פון פרס און בבל — פון סע־לעווקוסן און זיינע יורשים.

אגב האָט זיך די לאַגע פון די יידן אין יהודה פון דער דאָזיקער פאָליטישער איבערקערעניש אויסערלעך נישט קיין סך געענדערט. די זעלביקע צינדזן, וועלכע פלעגן אין לאַנד געזאַמלט ווערן און פריער אָפּ־געשיקט ווערן קיין פרס, פלעגן נאָר איצט אָפּגעשיקט ווערן קיין מצרים. די פרייהייט און די זעלבסטשטענדיקייט איז ווי פריער נישט באַגרע־ניצט געוואָרן. אין דער הינזיכט זיינען, פאַרקערט, נאָך געגעבן געוואָרן געוויסע פריווילעגיעס. דער כהן־גדול, וועלכער איז נאָך פון פריער פאַר־

אַנטוואָרטלעך געווען פאַר די צינדזן, איז דורך דער מצרים־מוקדונישער רעגירונג אָנערקענט געוואָרן פאַר דעם פּאָליטישן הויפּטמאַן אין לאַנד. תלמי, ווי געזאָגט, איז געווען אַ מענטש אַ גוטער פון דער נאַטור און יע־דער שריט זיינער איז געווען אויסגערעכנט בלויז לויט די נוצן, וואָס ער קען אים ברענגען. צו דריקן דאָס יידישע פאָלק האָט ער נישט געהאַט קיין סיבה. די נייע שטאָט אַלעקסאַנדריע, וואָס אַלכסנדר האָט ביים ים אין מצרים אויסגעבויט, און וואָס דער ערשטער מצרים־מוקדונישער הער־שער תלמי האָט געמאַכט פאַר זיין רעזידענץ, האָט זיך געניייטיקט אין אַ גרויסער באַפעלקערונג, כדי זי זאָל קענען באַקומען די עקאָנאָמיש־פּאָ־ליטישע און קולטורעלע באַדייטונג, ווי אַ פונקט, וועלכער פאַרבינדט אַלע דריי וועלט־טיילן: אַזיע, אַפריקע און אייראָפּע; תלמין האָט באַר געקענט פרייען דער פאַקט, וואָס די יידן האָבן זיך דאָרטן מאַסנווייז באַ־זעצט פון די שכנישע לענדער. אין דער אומרואיקער צייט פון דער מל־חמה מיט דימיטריוס האָבן קיין אלכסנדריא עמיגרירט פיל יידן, וועלכע תלמי האָט גלייכגעשטעלט אין זייערע בירגערלעכע רעכטן מיט אַלע זיי־נע אונטערטאַנער. אויף אַזאַ אופן איז געגרינדעט געוואָרן די יידיש־אלכסנדרישע געמיינדע, וועלכע פאַרנעמט שפּעטער אין דער געשיכטע אַ וויכטיקן פּלאַץ. יידישע קאָלאָניעס האָבן זיך צו דער זעלבער צייט גע־גרינדעט אויך אין אַנדערע ערטער אין מצרים. תלמי האָט אַליין באַזעצט פיל יידן אין די פעסטונגס־שטעט, און אַזוי ווי ער איז איבערצייגט אין זייער טרייהייט. סעלעווקוס, דער נייער הערשער פון פּרס (אַזיע), האָט האָט אויך זיך באַנוצט מיט יידישע עלעמענטן ביים באַפעלקערן נייע געגנטן. אין יאָר 300 האָט ער געגרינדעט אַ נייע שטאָט אַנטיוכיע, אין וועלכער ער האָט זיך באַזעצט מיט זיין הויף. די שטאָט, אַזוי ווי אַנדערע נייע שטעט, האָט זיך אויך גענויטיקט אין איינוואוינער. סע־לעווקוס האָט דאָרטן אַריבערגעפירט פיל יידן פון פּרס און בבל. אויך דער דאָזיקער הערשער האָט געשאָנקען די יידן פולשטענדיקע גלייכ־באַרעכטיקונג.

פונקט אַזוי, ווי די יידישע קאָלאָניעס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין די גריכיש־מוקדונישע געגנטן, אַזוי אויך האָבן זיך אָנגעהויבן צו אַנט־וויקלען גריכישע קאָלאָניעס אויף דעם יידישן באָדן. אין דער לענג פּו־נעם ברעג פונעם מיטלענדישן ים אין פּאַלעסטינע זיינען אויסגעבויט גע־

וואָרן נייע פּאָרט־שטעט; אייניקע פון די אַלטע זיינען באַנייט, פאַר־ברייטערט און באַפּוצט געוואָרן לויט דעם גריכישן געשמאַק און האָבן באַקומען גריכישע נעמען. די נאָכפאָלגער פון דעם גרויסן אלכסנדר, האָבן אויך געשטרעבט צו רעאַליזירן דעם גראַנדיעזן פּלאַן פון צונויפ־שמעלצן דעם מערב מיטן מזרח, און צו דעם צוועק האָבן זיי נישט גע־קענט געפינען קיין בעסערן צונויפגיסונגס־מאַטעריאַל ווי די יידישע מאַסן. אין אַלעקסאַנדריע האָבן יידן געלעבט גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דער אָרטיקער קאָפּטישער באַפעלקערונג; דאַקעגן אָבער האָבן זיי זיך זייער גערן דערנעענטערט צו די געבילדעטע גריכן, און די ווירקונג פון דער גרי־כישער קולטור האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אין אַלע זייטן פון דעם יידי־שן לעבן אויך אויסער די גרעניצן פון אַלעקסאַנדריע. גאַנץ יהודה איז פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גריכיש־ריידנדיקער באַפעלקע־רונג, און וואָס ווייטער האָט די גריכישע שפּראַך אַלץ מער אַרויסגע־שטופּט דעם אַראַמעאישן דיאַלעקט, מיט וועלכן עס האָבן זיך ביז דאַן באַנוצט אַלע יידן פון דער פאָדערשטער אַזיע. צוזאַמען מיט דער גריכי־שער שפּראַך האָבן זיך, נאַטירלעך, אַריינגעריסן אין דעם יידישן לעבן אויך די גריכישע גוטע און שלעכטע זיטן, און נאָר די שטעט טיפער אין לאַנד זיינען געווען אין דער הינזיכט אַן אויסנאַם. דאָ האָבן געוואוינט די אָרימערע קלאַסן פון דער יהודהשער באַפעלקערונג, און זייער רעליגיע־זער אופן פון לעבן האָט זיך גאַנץ ווייניק געלאָזט באַאיינפלוסן פון דער גריכיש־אפּיקורסישער לייכטזיניקער קולטור; אויך דאָ אָבער האָבן זיך דערטראָגן מאַסן גריכישע ווערטער פון די שכנישע באַפעלקערונגען, וואָס זיינען ביסלעכווייז אַריינגענומען געוואָרן אין דער אומגאַנגס־שפּראַך.

ווי געזאָגט, איז די רעכטלעכע לאַגע פון יהודה אונטער דער הער־שאַפט פון די תלמי־מלכים געווען גאַנץ באַפרידיקנדיק. די גאַנצע הנהגה פון פאָלק איז געווען כמעט דער פאַקטישער הערשער פון לאַנד און האָט געקענט אנטוויקלען און ווייטער פּראַקטיצירן די יידישע אייגנטימלעכ־קייט און דעם יידישן געדאַנקענגאַנג; איגערלעך, גייסטיק איז אָבער דאָס פאָלק אין יהודה געווען שרעקלעך אָרעם, און פון נחמיהן אָן האָט עס נישט אַרויסגעגעבן קיין איין פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל געבן אַ געוויסע ריכ־טונג זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג און אים העלפן אויסבילדן זיין וויסן

און זיין אָריגינעלע אנשויאונג. דער צענטער פון דעם יידישן גייסטיקן לעבן, פון וועלכן די יידן אין יהודה האָבן געצויגן ביז אַהער זייער יניקה, איז געווען בבל און פרס, און איצט, נאָך דער פּאָליטישער איבערקערע־ניש, וואָס האָט איבערגעגעבן די דאָזיקעביידע לענדער אין די הענט פון אַן אַנדער דינאַסטיע, — איז יהודה פון דעם צענטער אין גאַנצן געוואָרן אָפּגעריסן. די יידן פון יהודה האָבן שוין נישט געקענט איצט אַזוי לייכט און פריי פאַרקערן מיט זייערע ברידער אַרום די טייכן פרת און חדקל, ווייל די רעגירנדיקע דינאַסטיעס פון די ביידע מלוכות, די תלמיאידן און סעלעווקידן, האָבן געקוקט מיט חשד איינע אויף דער אַנדערער, און די אָפּטע באַזוכן פון די סעלעווקידישע אונטערטאַנען אין ירושלים, וואָלט דעם חשד נאָך מער פאַרשטאַרקט. קוים וואָלט דאָס פאָלק אין יהודה נישט געקענט איצט אויסקומען אָן דער הילף פון זיינע אויסנווייניקסטע גייסטיקע פירער, וואָלט עס, מן הסתם אונטערגעגאַנגען, אַזוי ווי עס זיינען אונטערגעגאַנגען יענע אַלע פעלקער, וואָס האָבן זיך אַליין נישט געקענט אויפהאַלטן און געמוזט ציען זייער גייסטיקע השפעה פון אויסנ־ווייניק, פון אַן אַנדער לאַנד. אזוי איז אָבער נישט געווען דער פאַל מיט דעם יידישן פאָלק, און אויף דער אַרענע פון דעם יידישן לעבן האָט זיך באַוויזן צו דער ריכטיקער צייט אַ גרויסע, ליכטיקע געשטאַלט, וואָס זעט זיך אָן, ווי אַ צעוואַקסענער, פאַרצווייגטער בוים פון אַ וויסטן מדבר. דאָס איז געווען שמעון הצדיק, דער זון פון חוניו דעם ערשטן (פון 300 ביז 270). די געשיכטע פון דער יידישער טעאָקראַטיע (כהנים ־ הערשאַפט) האָט צו פאַרצייכענען עטלעכע נעמען פון גוטע און שלעכטע כהנים גדו־לים, וואָס האָבן פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט ביז שמעון הצדיק; די יידי־שע לעגענדע אָבער האָט איבערגעלאָזן פאַר די קומענדיקע דורות דעם אָנ־דענק בלויז פון דעם איינציקן כהן גדול, וואָס האָט ווירקלעך עפּעס געט־טון פאַר זיין פאָלק און געלאָזן נאָך זיך באַדייטנדיקע שפּורן אין דער גע־שיכטע פון יענער צייט. „ער האָט געזאָרגט פאַר זיין פאָלק, עס זאָל ניט צעפאַלן ווערן", און געזוכט צו באַפעסטיקן זיין לאַגע אין אַלע הינזיכטן: ער האָט אויסגעפּועלט ביים קעניג אַ דערלויבעניש, ווידער אויפצובויען יענע מויערן פון שטאָט, וועלכע תלמי דער ערשטער האָט געהאַט צע־שטערט; דעם בית־המקדש, וועלכער איז זייער אָפּגעלאָזן געוואָרן פאַר די צוויי הונדערט יאָר, וואָס ער איז געשטאַנען, האָט ער געלאָזן אָפּפרישן

און באַנייען; אויסער דעם האָט ער נאָך געלאָזן ציען אַן אונטערערדישן קאַנאַל ביז צום טייך איתם (עטלעכע שעה ווייט פון ירושלים) און אויף אַזאַ אופן פאַרזאָרגט מיט פרישן וואַסער נישט בלויז דעם בית המקדש (וואָס האָט זיך געניייטיקט אין אַ סך וואַסער צוליב די אָפטע וואַשונגען פון די לויים און כהנים), נאָר אויך די גאַנצע שטאָט.

די פערזאָן פון שמעון הצדיק אַלס כהן גדול, ביי דעם צערעמאָניאַל פון גאָטעס־דינסט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין צייט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פּראַכט, איז מיט באַגייסטערטע ווערטער גע־שילדערט געוואָרן פון דעם דיכטער, וואָס האָט געלעבט אין אַ צייט אַרום, ישוע בן־סירא:

וויי הערלעך איז ער געווען, ווען ער האָט דעם היכל פאַרלאָזן,
ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן פּרוכת!
ווי דער מאָרגנשטערן, וואָס שיינט אַרויס פון צווישן די וואָלקנס,
ווי די פולע לבנה אין די טעג פונעם פרילינג־יום־טוב (פסח).

— — — — — — — — — — — — — — —

אַט טוט ער אָן זיינע ערנקליידער,
און הילט זיך איין אין די פּרעכטיקע געוואַנטן.

— — — — — — — — — — — — — — —

און ער שטייט איבער דעם אויפגעלייגטן שייטערהויפן (פון מזבח),
אַרומגענומען, ווי מיט אַ קראַנץ, פון זיינע ברידער. —
די יונגע צעדערן פון לבנון

— — — — — — — — — — — — — — —

אַט האָט ער געענדיקט די עבודה ביים מזבח
און אהרנס זין, די כהנים, בלאָזן אין די שופרות,
און רופן אויס אין דער הויף, דערמאָנענדיק גאָטס נאָמען.
אַלע שטערבלעכע פאַלן גלייך מיטן פּנים צו דער ערד,
זיך בוקנדיק פאַר דעם אַלערהעכסטן, פאַר דעם הייליקסטן פון ישראל.
עס האָבן זיך דערהערט די שטימען פון די זינגערס
און אָנגעצונדן האָט זיך דאָס האַרץ פון פאָלק,
און געפרייט האָבן זיך אַלע מענטשן פון דער ערד!...

דער דאָזיקער כהן גדול איז געשטאַנען נישט בלויז אָן דער שפּיץ פון בית המקדש און פון דער יידישער געמיינדע; ער איז געווען בראש אויך פון דער כנסת ישראל הגדולה און פאַרנומען דעם גרעסטן פּלאַץ צווישן די לערער פון דער ישיבה, וואָס האָט אויסגעטייטשט און געלערנט דעם פאָלק גאָטס וואָרט. ער האָט איבערגעלאָזן זיינע תלמידים דעם ווייטערדיקן אַפאָריזם: ,,אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט (די יידישע קהלה) אויף לערנען (תורה), אויף גאָט בעטן (עבודה) און אויף גוטס־טאָן (גמלות חסדים)", און ווי אַ וועג־ווייזער און לערער קען מען אים צושרייבן אַ געוויסן חלק אויך אין דעם אַפאָריזם, וואָס עס האָט געלאָזן נאָך זיך איינער פון זיינע באַדייטנדסטע תלמידים ,אנטיגנוס פון סוכו (אנטיגנוס איש סוכו): „איר זאָלט נישט זיין, ווי די שקלאַפן, וואָס די־נען זייער האַר, כדי צו באַקומען זייער באַלוינונג, נאָר ווי יענע דינער, וואָס דינען טריי זייער האַר, נישט דערוואַרטנדיק קיין שום שכר".

די דאָזיקע רואיקע צייט האָט זיך אָבער לאַנג נישט געצויגן, און נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק ברעכן אויס אין לאַנד אינערלעכע סכסוכים און קריגערייען, וואָס רואינירן אויף אַ לאַנגע צייט דאָס נאָר־מאַלע לעבן פון פאָלק און קאָסטן אים אַ סך ביטערע קרבנות. שולדיק אין די סכסוכים זיינען געווען די קינדער פון דעם זעלביקן שמעון הצדיק — זיין איידעם, וואָס האָט אויך געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער כהנים־פאַמיליע, ט ו ב י ה , און זיין זון ח ו נ י ו , וואָס האָט איבער־גענומען פון פאָטער דעם כהן־גדול־שטול און געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָל אין דער געשיכטע פון דעם יהודהשן פאָלק, אַ דאַנק די מלחמות פון די סעלעווקידן (דער צווייטער, דריטער און פערטער) מיט די תלמי׳אידן (דער צווייטער און דריטער) איבער צעלאָסיריע, וואָס האָבן זיך געצויגן צענדליקער יאָרן און געווירקט אויך אויף דעם גורל פון יהודה.—

יהודה, צוזאַמען מיט צעלאָסיריע ,האָבן געלעבט גאַנץ רואיק אונ־טער דער אויבערהערשאַפט פון מצרים, און ווי די ערשטע צוויי מלכים פון דער תלמי־דינאַסטיע, האָט אויך דער דריטער, ע ו ע ר ג ע ט ו ס , זיך גאַנץ פריינטלעך באַצויגן צו זיי און זיי געגעבן אַלע פרייהייטן; האָט אָבער דער צווייטער פון די סעלעווקידן, ק אַ ל י נ י ק אָ ס , דורכ־אויס געוואָלט אָפּרייסן די דאָזיקע פּראָווינצן פון עגיפּטן און, ווי ס׳ווייזט אויס, האָט זיך אים איינגעגעבן איבערצוציען אויף זיין זייט אויך די

העכערע ספערן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ירושלים מיט דעם כהן גדול חוניו דער צווייטער אַן דער שפּיץ. דער לעצטער האָט אויף דעם סמך זיך אָפּגעזאָגט אריינצוטראָגן אין דער צענטראַלער עגיפּטישער רעגירונגס־קאַסע דעם באַשטימטן יערלעכן מס פון 20 טאַלאַנטן און דאָס האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ שטאַרקן כעס אין דעם עגיפּטישן הויף, וואו מ׳האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן אָפּזאָל, ווי אויף דעם איינציקן צייכן פון אונטערטעניקייט. תלמי דער דריטער האָט דאַן געשיקט קיין ירושלים זיינעם אַ שליח, אַ נ ט ה ע נ י א נ ע ן , מיט דער פאָדע־רונג, גלייך אריינצוטראָגן די דערמאָנטע סומע, און געדראָט דער באַפעל־קערונג, אַז אין פאַרקערטן פאַל, וועט ער די גאַנצע ערד פון יהודה פאַ־נאַנדערטיילן צווישן די גריכישע קאָלאָניסטן. חוניו האָט זיך אָבער איינ־געע׳קשנט און נישט געוואָלט נאָכגעבן. דאָס האָט אויפגעבראַכט קעגן אים די ברייטערע שיכטן פון פאָלק, וועלכע זיינען געווען גאַנץ צופרידן מיט דער אויבערהערשאַפט פון די תלמי׳אידן, און עס האָט שוין גע־האַלטן ביי אַ בלוטיקן אויפשטאַנד קעגן דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס האָט אָוועקגעשטעלט דאָס פאָטערלאַנד אין אַזאַ ביטערער לאַגע. דאַן האָט זיך אַן ענערגישער, אנטשלאָסענער מענטש באַוויזן אויפן האָריזאָנט פון דעם יידישן פּאָליטישן לעבן, און אים איז געלונגען צו ברענגען די זאַך אין אָרדענונג.

דעם מענטשן וואָס האָט געגעבן אַ נייע ריכטונג דעם גאַנג פון די געשעענישן אין לאַנד האָט מען גערופן י ו ס ף ב ן ט ו ב י ה — ער איז געווען אַ זון פון שמעון הצדיקס איידעם, טוביה, ד״ה אַלזאָ, אַ שוועסטערן־זון פונעם כהן גדול. ענערגיש, אויפטועריש, אנטשלאָסן און אָנציענדיק, איז אָט דאָס אייניקל פון דעם אַלטן שמעון הצדיק, ווי גע־בוירן געוואָרן צום הערשן ,אים איז אָבער געשטאַנען אין וועג זיין אַל־טער פעטער, דער כהן גדול, וועלכער איז אויך געווען דער פּאָליטישער פירער פון פאָלק, און דער איצטיקער צוזאַמענשטויס מיט דער עגיפּטי־שער מאַכט האָט אים געדינט ווי אַ גינסטיקע געלעגנהייט, אריינצוגע־מען די הנהגה אין זיינע הענט. ווען ער האָט באַקומען די ידיעה וועגן תלמי׳ס שליח, וואָס איז געקומען מיט אַזאַ שטרענגער פאָדערונג קיין ירושלים, און וועגן דער אומצופרידנקייט מיטן כהן גדול, וואָס וואַקסט אין פאָלק און נעמט אָן אַ שטורעמדיקן כאַראַקטער, האָט ער גלייך פאַר־

לאָזן זיין געבורטסאָרט און איז געקומען צום פעטער מיט דעם ביטערסטן פאַרוואורף פאַר זיין עקשנות, וואָס שטעלט אין געפאַר די עקזיסטענץ פון גאַנצן פאָלק, און מיט דער עצה, אַז ער, דער פעטער, זאָל פאָרן צו תּלמי׳ן און בעטן ביי אים מחילה. אויף דעם האָט דער שטאָלצער חוניו געענטפערט, אַז ער וועט גיכער זיך אָפּזאָגן אינגאַנצן פון זיין טיטל, איידער זיך אַזוי דערנידעריקן. דאַן האָט יוסף ביי אים געבעטן די דער־לויבעניש, אַליין צו פאָרן קיין אַלעקסאַנדריע און צו פירן אונטערהאַנד־לונגען וועגן דעם קאָנפליקט. גלייך נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען די דאָזיקע באַפולמעכטיקונג, האָט ער צונויפגערופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַר־זאַמלונג, אין בית־המקדש ,וואו ער האָט באַרואיקט די באַפעלקערונג און צוגעזאָגט אויסצוגלייכן דעם גאַנצן סכסוך בשלום, אויב דאָס פאָלק וועט אים נאָר שענקען זיין צוטרוי, און דאָס פאָלק האָט אים פאַרטרויט — עס האָט אים אויסגעדריקט דעם טיפסטן דאַנק און אים באַקרוינט מיט דעם טיטל פאָלקס־פירער (230).

מער האָט יוסף נישט געדאַרפט : פון דער מינוט אָן טרעט ער אַרויס מיט דער פעסטער אַנטשלאָסנקייט פון אַ מאַכט־באַזיצנדיקער פער־זאָן און שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין זאַך, ווען עס האַנדלט זיך נאָר צו דערגרייכן זיין ציל. ער קען גוט די שוואַכע זייטן פון דער גריכישער נאַטור און באַשיט דעם שליח פון אַלעקסאַנדריע מיט חניפות, מתּנות און גלענצענדע מאָלצייטן. אנטהעניאַן איז אַנטציקט פון דעם ליבנסוויר־דיקן, עלעגאַנטן און אינטעליגענטן יידישן אַריסטאָקראַט, און פאָרט צו־ריק קיין אַלעקסאַנדריע אַ געטרייסטער, אַ צופרידענער. אין דער זעלבי־קער צייט פירט יוסף אונטערהאַנדלונגען מיט זיינע גוטע פריינט אין שומרון וועגן אַ גרויסער געלט־הלוואה, כּדי אויפגענומען צו ווערן בכבוד אינעם עגיפּטישן הויף מוז ער טראָגן פּרעכטיקע קליידער, באַזיצן רייכע געשפּאַנען און ביי זיך האָבן אַ סך געלט, און זיין פאַרמעגן איז קליין און אין גאַנץ יהודה וועט ער אַזוי פיל געלט נישט קריגן: די באַפעלקע־רונג לעבט פון לאַנדווירטשאַפט און האָט קיין עשירות זיך נאָך נישט אָנגעזאמלט; שומרון אָבער לעבט פון האַנדל און האָט אַ סך געלט־מאַגנאַטן.

יוסף האָט באַקומען דאָס געלט און זיך געלאָזן אין וועג אריין קיין אַלעקסאַנדריע, און דאָרט איז שוין געווען אַנטהעניאַן, און מיט באַגייס־

טערטער אַנטציקונג גערעדט וועגן דעם יידישן פאַרטרעטער, וואָס דאַרף אָנקומען. דער קעניג אַליין וואַרט אויף יוסף׳ן און וויל אים שוין זען וואָס שנעלער, און נאָך דער ערשטער אויפנאַמע, איז ער אויך באַצוי־בערט פון אים און לאַדט אים איין אויף דעם באַל, וואָס דאַרף פאַרקומען אין הויף. די געזאנדטע פון די פּאַלעסטינישע און פעניצישע שטעט זען, ווי דער פאַרהעלטניסמעסיק נישט זייער־רייך אויסגעפוצטער יידישער פאַרטרעטער ווערט אריינגענומען אינעם ענגסטן קרייז פון קעניגלעכן הויף, און זיינען אים מקנא; ער גיט זיי אָבער באַלד די געלעגנהייט אים מ ע ר , ווי מקנא צו זיין.

יוסף באַגעגנט זיך אין אַלעקסאַנדריע מיט די אָפּצאַלונגס־חוכרים (אַרענדאַטאָרן) פון אַלע עגיפּטישע פּראָווינצן, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען אין דער רעזידענץ, כדי אין דער קעגנוואַרט פון קעניג און הויף אָנצובאָטן זייערע פּרייזן און צו באַקומען די אַרענדע פון די קעניגלעכע אָפּצאָלונגען — יעדערער אין זיין שטאָט אָדער פּראָווינץ. אַזוי ווי זיי זיינען אַלע גלייך פאַראינטערעסירט אין דער זאַך, שליסן זיי צווישן זיך יד־אחת און באָטן דעם קעניג, נאַטירלעך, וואָס ווייניקער. דאַן רופט זיך יוסף אַרויס צו צאָלן דעם קעניג נאָכאַמאָל אַזוי פיל פון דער אָנגעבאָ־טענער סומע. איבעראַשט און דערשטוינט האָבן די אָנוועזנדע חוכרים אָנגעקוקט דעם חוצפּהדיקן ייד, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ בעטלער קעגן זיי; די סימפּאַטיע פון קעניג איז שוין אָבער לאַנג געווען אויף זיין זייט און דערצו איז זיין סומע געווען צוויי מאָל אַזוי פיל פון זייערער. יוסף האָט פאַרזיכערט דעם קעניג, אַז זיין סומע וועט נאָך אויך געבן אַ שיי־נעם ריווח, און ווען דער לעצטער האָט פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל דער קרוין גאַראַנטירן די סומע, וואָס ער פאַרפליכטעט זיך צו צאָלן, האָט דער יידישער שתדלן שאַרפזיניק געענטפערט, אַז ער גיט די בעסטע גאַראַנטיע, וואָס איז נאָר מעגלעך — דעם קעניג מיט דער קעניגין. דער דרייסטער און אין דער זעלביקער צייט חניפהדיקער ענטפער, איז וווערגעטוסן שטאַרק געפעלן געוואָרן און יוסף איז געוואָרן דער הויפּט־אָפּצאָלונגס־אַרענדאַטאָר פון אַלע צעלאָסירישע און פעניצישע פּראָווינצן, באַקו־מענדיק נאָך דערצו אַ מחנה פון צוויי טויזנט סאָלדאַטן, וואָס זאָלן אים בייהילפיק זיין ביים איינמאָנען די שטייערן.

און דער קעניג האָט זיך מיט אים טאָקע נישט גענאַרט. אַזוי ווי ער

האָט געהאט אַזאַ קראַפט, האָט יוסף מיט דער אויסערגעוויינלעכסטער שטרענגקייט אויפגעמאָנט די שטייערן און אין יענע שטעט, (עזה און בית־שאן), וואו די גריכישע באַפעלקערונג האָט געפּרואווט אויסלאַכן דעם יידן־אַרענדאַטאָר און זיך אָפּזאָגן פון צאָלן, האָט ער געלאָזן טייטן די פאַרנעמסטע און רייכסטע בירגער און זייער פאַרמעגן קאָנפיסקירט. די דאָזיקע אכזריותדיקע שטרענגקייט האָט געווירקט אויף די ארומיגע שטעט און דער נייער אַרענדאַטאָר האָט פאַרטאָפּלט די הכנסות פון דער מלוכה, און אויסער דעם נאָך געשיקט אין הויף פיל טייערע מתנות, כדי צו באַ־פעסטיקן זיין לאַגע. יוסף איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן דער פּאַקטישער הערשער איבער גאַנץ פּאַלעסטינע און רעפּרעזענטירט מיט זיך די איינ־ציקע פּערזאָן, וואָס איז געשטאַנען צווישן פאָלק און דעם אַלעקסאַנדרישן הויף.

צוויי און צוואַנציק יאָר האָט יוסף געהאַלטן אין זיינע הענט די הויפּט שטייערונג־פאַרוואַלטונג פון גאַנץ צעלאָסיריע און פעניציע און אַזוי ווי ער האָט דערוואָרבן אין משך פון דער צייט אומגעהייערע רייכטימער, האָט ער געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אויך אין דעם פּאָליטישן לעבן פון די דאָזיקע ביידע פּראָווינצן. פאַר דער צייט האָט זיך אנטוויקלט אין לאַנד דער קאַפּיטאַליזם, עס האָט זיך פאַרברייטערט דער אינטערנאַציאָ־נאַלער עקאָנאָמישער פאַרקער און צוזאַמען דערמיט איז אַלץ טיפער אריינ־געדרונגען אין אַלע ספערן פון פאָלק אויך די גריכישע קולטור; יוסף האָט אָבער די דאָזיקע רייכע רעפּובליקן נישט געשווינט, און אונטער דער הער־שאַפט פון דעם פּערטן תלמי, פילאָפּאַטאָר (222 ביז 206), האָט ער אויך מיט אַזאַ אכזריות געדריקט די באַפעלקערונג ביים אויפמאָנען די שטייערן אַז דאָס פאָלקס־ווערטל האָט זיך געקלאָגט אויף אים: „יוסף האָט פון גאַנץ סיריע דאָס פלייש אָפּגעשונדן און נאָר איבערגעלאָזן די ביינער״.

סוף כל סוף האָט זיך אויך פאַר אים אָנגעהויבן אַן אומרואיקע צייט. אינעם בלוט פון דער תלמישער דינאַסטיע האָבן זיך שוין געהאט דאַן טיף איינגעזויגן די אַלע שוואַכן זייטן פונעם העלעניזם: די ליידנשאַפט־לעכע נייגונגען צו פאַרשווענדערייען, אומזיטלעכקייטן און דעספּאָטיזם, וואָס עס האָט, נאַטירלעך, זיך שלעכט אָפּגערופן אויך אויף דער אַרמיי און אויף דער פאַרטיידיקונג פון די אלגעמיינע מלוכה־אינטערעסן. אין דער צייט איז אָבער די סעלעווקידישע דינאַסטיע געווען געזונט און קרעפ־

טיק, און אנטיוכס דער דריטער, „דער גרויסער" האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט געוואַלטיקע קריגס־פּלענער און געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען זיינע פאַרשידענע פּראָווינצן אין איין גרויסער וועלט־מלוכה. איצט, ביי דעם דעמאָראַליזירטן צושטאַנד פון דער עגיפּטישער אַרמיי, האָט ער געגלויבט צו האָבן פאַר זיך אַ גוטע געלעגנהייט און אויסנוצנדיק דעם פאַרראַט פון איינעם פון די עגיפּטישע פעלדמאַרשאַלן, האָט ער אריינגעפירט זיין מי־ליטער אין צעלאָסיריע און פעניציע און פאַרנומען דאָרט עטלעכע שטעט צוזאַמען מיט שומרון. דאָס איז אָבער געווען אַ נצחון בלויז אויף אַ קורצע צייט, וואָרום באַלד נאָך דעם האָט זיך פילאָפּאַטער אויסגעניכטערט פון זיינע פאַרשיכורטע אויסגעלאַסנקייטן, און צוטרעטנדיק מיט זיין אַרמיי ביז נאַפיאַ, האָט ער געצוואונגען דעם שונא צו אַנטלויפן און אינגאַנצן אויפצוגעבן דעם פּלאַן וועגן איינגעמען צעלאָסיריע. דאָס האָט יוספן ווידער געשטעלט אויף די פיס און דערצו נאָך האָט אים פילאָפּאַטער נישט פאַרגעסן אויך דאָס, וואָס יהודה מיט ירושלים אין דער שפּיץ — וואו יוספס ממשלה איז באַזונדערס שטאַרק געווען — איז פון אָנהייב אָן טריי געבליבן דעם עגיפּטישן טראָן און האָט זיך נישט אונטערגעגעבן אנטיוכסן.

און דער וואוילשטאַנד פון פאָלק איז דערווייל געוואַקסן. די גרויסע רייכטימער, וואָס יוסף האָט זיך דערוואָרבן, האָבן אריינגעבראַכט אין לאַנד (באַזונדער אין די גרעסערע שטעט) אומגעהייערע קאַפּיטאַלן, און צו אים זיינען צוגעקומען נאָך הונדערטער יידישע באַאַמטע, מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט ביים אויפמאָנען די שטייערן אין די אַלע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זיין רשות, און וועלכע זיינען אויך גע־וואָרן רייך און גרויס. די דאָזיקע רייכטימער, צוזאַמען מיט יוספס חשי־בות אין קעניגלעכן הויף און זיינע סאָלדאַטן־אָפּטיילונגען, מיט וועלכע ער האָט אין דער מורא געהאַלטן די פלשתים, פעניציע, אדום און אַפילו אויך די גריכיש־מאַקעדאָנישע קאָלאָניעס, — האָבן אויפגעהויבן דעם פּרעסטיזש נישט בלויז פון אים אַליין מיט זיין קרייז, נאָר אויך פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג; דערביי זיינען די יידן פון יהודה אַלץ מער און מער ארונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון העלעניזם און אַלע זייערע אויסערע לעבנס־פאָרמען האָבן שוין געטראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון דעם פיינעם גריכישן געשמאַק. אַזוי האָבן די יידישע

וואוינונגען, למשל, אָנגעהויבן געבויט צו ווערן שענער און אויך די מאַ־לעריי האָט אָנגעהויבן צו ווערן באַנוצט אין דער יידישער גאַס. די יידן פון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָבן איבער הונדערט יאָר זיך געפונען אין אַ גריכישער אומגעבונג און זיינען שוין אינגאַנצן העלעניזירט געווען, האָבן אויך געווירקט אין דער ריכטונג אויף די אַנדערע צענטרען פון יהודה, דורך דער פאַרמיטלונג פון די יידן, מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין פאַרבינדונג אַדאַנק יוספס געשעפטן, און דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אזוי ארום ביסלעכווייז אינגאַנצן באַפרייט פון יענע אומגעשליפענע אַזיאַטישע מנהגים, וועלכע האָבן אַ סך הונדערטער יאָרן געהערשט אין דעם יידישן לעבן.

די דאָזיקע אויסערלעכע פיינקייט און די אַלע אַנדערע גוטע זייטן פון דער גריכישער קולטור האָבן אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך אין דער יידישער גאַס אויך די שלעכטע זייטן אירע, און אנשטאָט דעם נאַטירלעכן פּראָצעס פון צופּאַסן זיך צו אַ פרעמדן פאָלק און איבערנעמען זיינע בע־סערע זיטן און מנהגים, אָפּצוהיטן דערביי דעם אייגענעם פאָלקס־וועזן און די גוטע נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייטן — איז דאָ די זאַך געגאַנגען אַנדערש צוגעגאַנגען: די יידישע אַריסטאָקראַטן האָבן אָנגעהויבן צו פאַר־געטערן די גריכישע קולטור און נאָכצוקרימען ווי מאַלפּעס דאָס גאַנצע גריכישע לעבן מיט אַלע זיינע ווילדע מנהגים און אויסגעלאַסנקייטן און פאַראַכטעט אינגאַנצן די טראַדיציאָנעלע תמימות פון פאָלק און זיין היס־טאָרישע זיטן־ריינקייט. די גריכן האָבן ליב געהאט געזעלשאַפט, באַנ־קעטן און אויסגעלאַסענע פאַרוויילונגען, און די יידישע אַריסטאָקראַטיע האָט עס כלומרשט נאָכגעמאַכט אין אַן אומשולדיקער פאָרעם: זי האָט אויך אָנגעהויבן איינצואָרדענען אַזעלכע געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן, ביי וועלכע די פאַרזאַמלטע זיינען געלעגן צו דריי אויף אַ רו־בעט, און דערביי האָט זי איינגעפירט וויין, מוזיק און לידער. דערמיט אַליין האָט זיך אָבער זי רעפאָרם נישט געענדיקט. באַלד האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די דער־מאָנטע מיטלען זיינען נאָך ווייניק אויף אַרויסצורופן אַ פולשטענדיקע הייטערע שטימונג, און די אויסגעלאַסנקייט האָט ווי אַ ראָד געצויגן אירע קרבנות אַלץ טיפער און טיפער אינעם תהום פון אומזיטלעכקייט און פאַרברעכן. יוסף האָט אָפּט פאַרבראַכט אין פילאָפּאַטאָרס הויף, וואו די ווילדע פריילעכקייט האָט געפייערט איר טריאומף און נישט געוואוסט

פון קיין גרענעץ. דאָ איז די אומטאָראַל געווען עפנטלעך און האָט פאַר־פירט דאָס פאָלק און די אַרמיי. פילאָפּאַטאָר האָט זיך איינגערעדט, אַז זיינע אורעלטערן זיינען אַרויסגעקומען פון דעם ווייַנגאָט דיאָניזאָס (באַק־כוס); ער האָט זיך דעריבער געפילט פאַרפליכטעט צו דינען דעם דאָזיקן גאָט מיט וואָס מער פאַרשיכורטע ווילדקייטן און אויסגעלאַסנקייטן, און ווער עס האָט געוואָלט געווינען דעם חסד פון קעניג אָדער פון זיינע מקורבים, האָט געמוזט אנטיילנעמען אין די דיאָנייזישע אָרגיעס און דער־ביי אַרויסווייזן וואָס מער ווילדקייט. פון דער דאָזיקער קעניגלעכער ערע האָט געגאָסן אויך יוסף, און ביי איינעם פון די הויף־מאָלצייטן האָט זיך אין שמעון הצדיקס אייניקל אַזוי צעפלאַקערט די ליבע צו איינער פון די דאָרטיקע טענצערנס, אַז ער האָט געבעטן דרינגנדיק זיין ברודער שלום, ער זאָל זי אים שטילערהייט ברענגען צו זיך אין הויז, כאָטש ער איז געווען דעמאָלט אַ פאָטער פון זיבן קינדער. (דער ברודער האָט אים, אגב, אָפּגע־נאַרט און אנשטאָט דער טענצערן — געבראַכט זיין אייגענע טאָכטער, מיט וועלכער יוסף האָט שפּעטער חתונה געהאַט).

דערביי אַליין האָט זיך נאָך נישט אָפּגעשטעלט יוסף. פאַר אים איז ווייניק געווען דאָס, וואָס ער אַליין האָט זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעלעבט מיט די פאַרדאָרבענע זיטן פון דער גריכישער אַריסטאָקראַטיע. דעם כהן גדולס אייניקל האָט זיך געוואָלט איינפלאַנצן אויך אויף דעם יידישן באָדן דעם גאַנצן קולט פון ווייַן און ווייב, און צו דעם צוועק האָט ער אין ירושלים איינגעפירט איינעם פון די דיאָניזישע יום־טובים, וועלכע זיין באַשיצער, דער קעניג, האָט אַזוי ליב געהאַט. אין דער איבערגאַנג־צייט פון ווינטער צום פרילינג, ווען דער ווייַנשטאָק האַלט אין רעכטן בליִען און דער ווייַן גייט צום צווייטן מאָל אויף אין די פעסער, פלעגן די גריכן פייערן איינעם פון זייערע גרעסטע דיאָניזן יום־טובים; צוויי טעג פלעגט געדויערן דער דאָזיקער ווייַן־יום־טוב און ביידע טעג זיינען געווידמעט געווען דער אַרבעט פון שיכורן און אָרגיעס. גוטע פריינט פלעגן זיך איינע די אַנדערע שענקען אין דער צייט אָנגעפולטע קריגלעך מיט ווייַן און דער, וואָס האָט אַמערסטן געטרונקען, איז געקרוינט געוואָרן ווי אַ זיגער. אָט דעם שיכורים־יום־טוב האָט יוסף בן־טוביה איינגעפירט אויך אין יהודה. צוויי טעג אין יאָר האָבן יידן געדינט דעם ווייַן־גאָט און כדי דעם דאָזיקן פרעמדן יום־טוב צו געבן כלומרשט אַ יידישן כאַראַקטער, איז געוואָרן

איינגעפירט, אַז די רייכע זאָלן אין די טעג שענקען מתנות פאַר אָרעמע!

און וואו עס האַנדלט זיך וועגן אַ באַקכוס־יום־טוב, דאָרט בלייבט עס שוין נישט ביים ווייַן אַליין: דער יידישער אַדל האָט פאַרלאָזן די געזעצן פון זיין פאָלק און אויסגעלאַכט די צניעות פון זיינע עלטערן. און זינגערנס, טענצערנס און אויסגעלאַסענע פרויען האָבן פאַרפעסטעט די ריינע לופט פון יהודה מיט שענדלעכקייטן און שמוציקע מעשים.

נאַטירלעך, האָבן זיך אין פאָלק געפונען נישט ווייניק אַזעלכע, וואָס דאָס האַרץ האָט זיי געבלוטיקט, ווען זיי האָבן צוגעזען די שרעקלעכע הנהגה פון זייער פירער, און ביי איינעם פון די דאָזיקע טריי־געבליבענע יידן האָט זיך אַרויסגעריסן פון האַרצן אַ וואָרנונג.

קום נישט קיין אויסגעלאַסענער פרוי אַנטקעגן,
כדי דו זאָלסט אין איר אַפגרונט נישט אריינפאַלן.
פאַרברענג נישט ביי קיין טענצערן,
כדי דו זאָלסט אין אירע כישוף קינסטלערייען
נישט געפאַנגען ווערן.

די שטימע פון אַזעלכע איינצלנע יידן איז אָבער פאַרזונקען געוואָרן אין דעם ברויזנדיקן שטאָרם פון די העלעניסטישע אידייען, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער יידישער גאַס און אַרויסגערופן אַן אמתע אי־בערקערעניש אין דער גאַנצער יידישער וועלט־אַנשויאונג. דער גריכישער אידייען־גאַנג האָט זיך אונטערגעגראָבן אונטער די יסודות פון דער יידי־שער אמונה און אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט אָנגעהויבן ערנסט צו צווייפלען אין דעם, צי איז טאַקע אמת דאָס אַלץ, וואָס די יידישע תורה לערנט; צי פאַרלאַנגט טאַקע די געטלעכקייט פונעם מענטשן, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַלע וועלטלעכע פאַרגעניגנס און צי באַשעפטיקט זיך די גאָט־הייט איבערהויפּט מיט אונדזער וועלט און מיט דעם מענטשן. דאָס זיינען געווען אָפּקלאַנגען פון עפּיקורס לערע, וועלכע האָט צו יענער צייט גע־הערשט אין דער גריכיש־מאַקעדאָנישער וועלט און, ווי ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, האָט דער שטאַרקער צוזאַמענשטויס צווישן די ביידע היס־טאָרישע קולטורן געמוזט אַרויסרופן אַן אָנגעשטרענגטע גייסטיקע טע־טיקייט ביי די יידישע שריפטשטעלער און דענקער, פאַר וועלכע עס זיינען איצט אנטדעקט געוואָרן נייע האָריזאָנטן, נייע שאַפונגס־פאָרמען און נייע געביטן פון דעם מענטשלעכן גייסט און פאַרשטאַנד.

עס עקזיסטירט דעריבער אַ השערה, אַז אין יענער עפּאָכע זיינען געשאַפן געוואָרן דיביידע ווערק, וועלכע די טראַדיציע האָט צוגעשריבן דעם קלוגן שלמה: „שיר השירים" און „קהלת". דאָס ערשטע פון די דאָזיקע ביידע ווערק, וועלכע זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דעם לעצטן טייל פון דעם תנ"ך, איז אַ דראַמאַטישע פּאָעמע, וואָס באַזינגט די ליבע פון אַ וואונדער־שיינער פּאַסטוך־מיידל צו איר פריינט, „וועלכער פּיטערט (זיינע שאָף) אין די רויזן־פעלדער". דאָס איז אַ הערלעך־שיין קונסטווערק, געשאַפן אונטער דעם איינפלוס פון דעם איבערגעטראָגענעם העלעניזם, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ דער דאָזיקער גלאַנץ פון דער דעמאָלטיקער גליקלעכער, ליכטיקער יידישער קעגנוואַרט; אין וועלכן עס פילט זיך די לעבנס־פרייילעכע זאָרגלאָזיקייט פון הייטערע הימלען, גרינע פעלדער און באַרוישנדיקע בלומען. עס איז דאָס ליד איבער אַלע לידער און דאָס איינציקע ווערק אין דער גאַנצער אַלט־העברעאישער ליטעראַטור, וואָס איז אומגעוויינלעך רייך אין ווייכקייט, אין טיפע געפילן און אין מאַלערישע נאַטור־שילדערונגען, און וואָס באַזינגט אויף דעם נאַטירלעכסטן אופן, אָן שום רעליגיעזער שאַטירונג, דעם באַרוישנדיקן כישוף פון דער ליבע.

דער געפילפולער דיכטער האָט טיף איינגעזויגן אין זיך דעם גלאַנץ און די שיינע שאַפונגס־פאָרמען פון דער גריכישער קונסט־וועלט, אין זיינע פערזן הערן זיך די שיינע קלאַנגען פון טעאָקריט און אַנאַקרעאָן, — דאָס אַלץ אָבער האָט זיך ביי אים אָרגאַניש צונויפגעשמאָלצן מיט די האַרציקע טענער פון דער יידישער ליריק, און דער גאַנצער אינערלעכער גייסט, מיט וועלכן עס איז דורכגעדרונגען זיין „שיר השירים", טראָגט אויף זיך אַן אָריגינעל־יידישן שטעמפּל. אינעם קעגנזאַץ צו דער בישט־זויבערער און אויסגעלאַסענער ליבע פון די גריכישע ווענוס־טעכטער און באַקכוס־פרויען, האָט ער געשאַפן אַן אידעאַל בילד אין דער געשטאַלט פון עמיגדבס שיינער פּאַסטוך־טאָכטער שולמית, די פלאַמענדיקע ליבע פון וועלכער עס איז דורכגענומען מיט אַ באַצויבערנדיקער נאַאיוויטעט און מיט אַ רירנדיקער צניעותדיקער איינפאַכקייט. שולמית פאַרקערפּערט מיט זיך די פולקאָמע שיינקייט: איר שטים איז זיס, איר גאַנג — פאַרשיכורנדיק; איהר טאַנצן — געטלעך־רייצנדיק; זי אַנטלויפט אָבער פון שטאָט, פילט זיך געפייניקט אינעם קעניגלעכן שלאָס און בענקט נאָך די

„ווײַנשטאָק־ביימער פון עין־גדי״ און נאָך די אײנזאַמע „ליליען־פעלדער״, וואו איר פרייַנט פּאַשעט זייַנע שאָף. אָט דעם „פרייַנט״ ליבט זי מיט דעם גאַנצן גלי פון איר יונגן האַרץ, און ריין בלייבט די דאַזיקע גליענדיקע ליבע — ריין פון יעדן נישט־אַנשטענדיקן וואָרט, פון יעדער נישט־זויבערער האַנדלונג, פון יעדן אומרייַנעם געדאַנק.

איר געליבטער זינגט צו איר:

שטיי אויף, געליבטע מיינע, שיינקייט מיינע,
און גיי־דיר!
ווייל דער האַרבסט איז שוין אַריבער
און די רעגנס זייַנען שוין פאַרביי,
די בליטן האָבן זיך געוויזן אויף דער ערד;
די צייט פון נאַכטיגאַל איז אָנגעקומען,
און די שטים פון דער טירקל־טויב הערט זיך אין
אונדזער לאַנד.
עס זייַנען צייטיק געוואָרן די שפּראָצן פונעם פייגנבוים,
און די בליטן פון די ווייַנשטאָק־ביימער
האָבן אָנגעהייבן שמעקן.
שטיי אויף, געליבטע מיינע, שיינקייט מיינע,
און גיי דיר!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ביז עס וועט אַ בלאָז טון דער טאָג
און די שאָטנס וועלן אַנטלויפן,
וועל איך גיין צו דעם באַרג פון די מירטן
און צו די בערגלעך פונעם ווייַרויך
מיט מיר פון לבנון, כלה!
מיט מיר פון לבנון וועסטו גיין.
דו וועסט אַראָפּקוקן פונעם שפּיץ־באַרג אמנה
פון די שפּיץ־בערג שניר און חרמון.
פון די לייבן־היילן
פון די לעמפּערט־בערגער.

און שולמית ענטפערט:

קום, מיין טייערער!

מיר וועלן אַרויסגיין אין פעלד,

מיר וועלן נעכטיקן אין די דערפער.

מיר וועלן זיך פעדערן צו די ווייַנגערטנער,

מיר וועלן זען, צי עס האָט געבליט דער ווייַנשטאָק,

צי עס האָבן זיך געעפנט די בליטן

צי עס האָבן זיך פונאַנדערלאָזן די מילגראָמען —

דאָרט וועל איך געבן מיין ליבע דיר!

און אַזוי ווערט כסדר געשילדערט די שטימונג פון דער העלדן, ווי אַ טאָכטער פון דער נאַטור, אינעם קעגנזאַץ צו דער שטימונג פון די וועלטלעכע „ירושלימס טעכטער", און איר צניעותדיקע, אומשולדיקע ליבע קעגן דער ליידנשאַפטלעכער אומציכטיקייט פון די עפנטלעכע טענצערנס און זינגערנס, וואָס האָבן אָנגעפולט דאָס ווילד־אויסגעלאַסענע לעבן פון די שטאָט־איינוואוינער.

ענדיקן ענדיקט זיך די פּאָעמע מיט דעם אַפּאָטעאָז: „שטאַרק, ווי דער טויט איז די ליבע... אירע פייערדיקע פונקען זיינען — אַ פלאַם פון גאָט, אַ סך וואַסערן קענען נישט אויסלעשן די ליבע און טייכן — וועלן זי נישט פאַרפלייצן"; און אויב דער דאָזיקער ליבעס־הימן איז, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַרייַנגענומען געוואָרן שפּעטער אין די „הייליקע שריפטן", איז עס געשען בלויז דעריבער, וואָס יידן האָבן דאַן — זייענ־דיק שוין דערווייטערט פון אַזאַ זונען־גלאַנץ און פון אַזעלכע ליכטיקע לעבנסבילדער — אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס ווערק, ווי אַ מין אַלעגאָריע אין וועלכער די כנסת ישראל (שולמית) טענהט זיך אויס מיט איר גע־ליבטן (גאָט) און גיסט אויס פאַר אים אירע צאַרטסטע, הייליקסטע גע־פילן.

אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ,דאַקעגן, טראָגט אויף זיך דאָס צווייטע ווערק פון יענער עפּאָכע, „קהלת". די יידישע אגדה האָט כאַראַקטעריזירט די דאָזיקע ביידע ווערק, וועלכע די טראַדיציע האָט, צוזאַמען מיטן ספר „משלי", צוגעשריבן שלמה המלכן, אין דעם ווייטערדיקן אַפּאָריזם: „ווען ער ווערט עלטער, זאָגט ער משלים (משלי); און ווען ער ווערט גאָר אַלט,

זאָגט ער הבל הבלים (קהלת)". און עס איז טאַקע אַזוי: „שיר השירים" איז דאָס ליד פון דער לעבנס־פריילעכער יוגנט, פונעם בליענדיקן פריי־לינג, און דאַקעגן איז „קהלת" די פאַרצווייפלונג פון דער עלטער, די באַטריבטע שטימונג פון אַ מענטשן, וואָס איז אי פיזיש, אי גייסטיק איבערזעטיקט, און געפינט נישט מער אין לעבן נישט קיין מאַטעריעלן גליק און נישט קיין מאָראַלישע באַרואיקונג. דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעדרונגען מיט אַ פינצטערן, פאַרצאָרנטן פעסימיזם, וואָס טרעט מיט די פיס אַלע בלומען פון לעבן און זעט אין דעם גאַנצן סיסטעם פון דער וועלט — אַ נאַרישע שפּיל. אויך דאָ, ווי אין „איוב", רעדט זיך וועגן גאָטספאָרכטיקייט און פרומקייט; קהלת לאָזט אָבער די דאָזיקע טענער פאַרזינקען אין דער מעלאַנכאָלישער שטימונג, וואָס עס רופט אַרויס די אַלגעמיינע נישטיקייט, די אַלגעמיינע פוסטקייט פון לעבן. די סקעפּטישע געדאַנקען פאַרגיפטן יעדן גאָטספאָרכטיקן געפיל אַלץ איינס, ווי יעדן פאַרגעניגן, ווי יעדן לעבנס־גענוס, און אַ ביטערער פאַרצווייפלונגס־אויס־רוף רייסט זיך פון האַרצן אַרויס: „גאָרנישט מיט גאָרנישט, אַלץ איז גאָרנישט"!

נאַריש און מאָנאָטאָן איז דער גאַנג פון די מעשים אין דער נאַטור, וואָרים „אַ דור גייט אַוועק און אַ דור קומט און די ערד בלייבט אייביק שטיין; וואָס עס איז געווען, דאָס וועט זיין, און וואָס ס'איז איין מאָל געשען, וועט געשען נאָך אַמאָל — און ס'איז קיין נייעס נישט פאַראַן אונטער דער זון". לעבן און שטרעבן, זוכן און פאַרלאַנגען, פאָרשן און דערגיין — „דאָס איז אויך אַ פאַרבלענדעניש פון גייסט, וואָרים וואָס מער חכמה, אַלץ מער פאַרדרוס, און וואָס מער וויסן — אַלץ מער ווייטיק". געניסן פון די ערדישע פאַרגעניגנס קען אויך נישט גערעכנט ווערן פאַר קיין באַפרידיקונג: „דאָס איז אויך גאָרנישט". עס קומט בכן ממילא אויס, אַז דער נאַר און דער חכם, דער רשע און דער צדיק — אַלעמענס גורל איז גלייך, און דאָס בעסטע פאַרן מענטשן איז, „ער זאָל עסן און טרינקען און זיך לאָזן וואוילגיין אין זיין מאַטערניש", ווייל דאָס איז אויך געגעבן פון גאָט.

אין קעגנזאַץ צו דעם גייסט פון נסים און איבערנאַטירלעכע וואונדער, וועלכער הערשט אין די פריערדיקע פראַזאַאישע און פאָעטישע ווערק פון דער ביבל, באַמיט זיך קהלת פעסטצושטעלן די צוועקמעסיקייט פון דער

נאַטור און דעם אייביקן זיכערן גאַנג פון די געשעענישן אינעם וועלטאַל; גראָד דער געדאַנק איז אים אָבער גורם אויך טיפע ליידן, ווייל ער קען נישט צוזען דעם סיסטעמאַטישן נצחון פון דאָס שלעכטע איבער דאָס גוטע, פון דער אכזריות איבער דער גערעכטיקייט: „און איך האָב צוגע־זען די אַלע רויבערייען, וואָס טוען זיך אָפּ אונטער דער זון, און אָט איז די טרער פון די באַרויבטע, וואָס האָבן קיין טרייסטער נישט„ — — —; „און איך לויב די טויטע, וועלכע זיינען שוין געשטאָרבן, בעסער פון די לעבעדיקע, וואָס לעבן נאָך; און בעסער פון דיביידע — דעם, וואָס איז נאָך גאָרנישט געווען, וואָס האָט נישט געזען די שלעכטע מעשים, וואָס טוען זיך אָפּ אונטער דער זון".

און פון דעם דאָזיקן פענצטערן, סקעפּטישן פּעסימיזם, קערט ער זיך אָפּט צוריק אום צו די טרייסטנדיקע טענער פונעם עפּיקורעאיזם: „פריי זיך, בחור, אין דיין קינדהייט און לאָז דיר דיין האַרץ וואוילגיין אין די טעג פון דיין בחורשאַפט און גיי אין די וועגן פון דיין האַרץ און פאָלג די זעאונגען פון דיינע אויגן, און טו־אָפּ דעם כעס פון דיין האַרצן און דער־ווייטער דאָס שלעכטע פון דיין לייב, ווייל די קינדהייט מיט דער יוגנט זיינען — גאָרנישט".

דאָס איז אָבער נישט די אייגנטלעכע פילאָזאָפישע לייזונג פון דעם אומענדלעכן לעבנס־פּלאָנטער. קהלת ראָט דעם מענטשן צו לעבן, צו גע־ניסן פון לעבן, צו עקספּלאָטירן דאָס אַלץ, וואָס דאָס לעבן איז אומשטאַנד צו געבן; נישט ווייל דאָס איז דער זין פון לעבן, נישט ווייל ער זעט אין דעם די אינערלעכע אידייע פון דער וועלט־הנהגה, נאָר ווייל דאָס איז אַ מיטל כדי צו פאַרטויבן דעם שרעקלעכן „יתוש", וואָס הערט נישט אויף צו לעכערן דעם מענטשלעכן מוח מיט זיינע אייביקע שאלות און ספקות.

ענדיקן ענדיקט זיך דאָס ווערק מיט דעם צוגעגעבענעם גאָטספאָרכ־טיקן פּסוק: „דאָס לעצטע וואָרט: אַלץ איז געהערט געוואָרן; האָב מורא פאַר גאָט און היט אָפּ זיינע מצוות, ווייל אַדאַנק דעם, ווי אויך אַדאַנק דער טראַדיציע, וואָס האָט צוגעשריבן דאָס ווערק דעם קעניגלעכן מחבר פון „שיר השירים און „משלי" — אין „קהלת" אַריינגענומען געוואָרן אין דער רייע פון די ביבל־ווערק.

דאָס איז געווען די פרוכט פון דער יידישער געדאַנקען־טעטיקייט אין יענער עפּאָכע פון וואוילשטאַנד און פאָלקס־גליק; באַלד אָבער האָבן זיך

אַנגעהויבן צו ווייזן וואָלקנס אויף דעם הימל פון יהודה און פון דער יהודהשער באַפעלקערונג. אין דער פאַמיליע פון דעם קעניגלעכן אַרענדאַ־טאָר יוסף בן־טוביה האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע מחלוקת, און דאָס האָט זי'ך שלעכט אָפּגערופן אויך אויף דער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד; אָנגע־הויבן האָט זיך די מחלוקת צווישן יוספס זיבן זין פון זיין ערשטער פרוי און דעם יונגסטן זון, הורקנוס, די פרוכט פון יוספס נישט גאַנץ כשרן פאַרקער מיט זיין ברודערס טאָכטער סאָלימיע. אַדאַנק זיינע בעסערע פעאיקייטן און זיין געשיקטקייט, איז הורקנוס געוואָרן דער ליבלינג פונעם אַלטן אַרענדאַטאָר, און וועןביים קעניג פילאָפּאַטאָר איז געבוירן געוואָרן אומדערוואַרט אַ זון (210) און אַלע פאַרטרעטער פון צעלאָסיריע האָבן זיך געקליבן קיין אַלעקסאַנדריע צו באַגריסן די באַגליקטע קעניגלעכע עלטערן און זיי ברענגען מתנות, האָט יוסף, אַזוי ווי ער האָט נישט גע־קענט אַליין פאָרן ,אויסגעקליבן זיין יונגסטן זון, ווי דעם פּאַסנדיקסטן קאַנדידאַט אויף צו פאַרטרעטן זיין פּלאַץ ביי דער דאָזיקער פייערלעכער מיסיע. די עלטערע ברידער האָט עס, נאַטירלעך, שטאַרק געקרענקט און זיי האָבן געגעבן אַ וואונק אין אַלעקסאַנדריע, מען זאָל אים אָפּרוימען פון וועג. דאָס האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבן: דער געשיקטער הורקנוס האָט זיך גלייך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון גאַנצן הויף און מיט זיינע פאַרשווענדערישע מתנות — הונדערט שיינע שקלאַפן פאַרן קעניג און אַזוי פיל שיינע שקלאַפנס פאַר דער קעניגין, וועלכע האָבן אַלע געהאַלטן אין די הענט צו איין טאַלאַנט אויף איבערצוגעבן עס זייערע נייע געביטער — האָט ער אין שאָטן געשטעלט אַלע אַנדערע פאַרטרעטער פון לאַנד. און דערמיט אַליין האָט ער נאָך זיין דערפאָלג נישט געענ־דיקט; ער האָט באַצויבערט מיט זיין אינטעליגענץ און שאַרפזיניקן וויץ פילאָפּאַטאָרן און איז זיין נאָענטסטער ליבלינג געוואָרן. שטאָלץ און טריאומפירנדיק האָט זיך דאַן הורקנוס צוריקגעקערט קיין ירושלים; און ווי'דער האָבן זיינע ברידער געלויערט אויף אים אין מיטן וועג מיט זייערע מענטשן, כדי אים צו דערהרגענען. דאָס גליק האָט אים אָבער אויך דאָס מאָל נישט פאַרלאָזן: ער איז ארויסגעטרעטן צוזאַמען מיט זיינע באַגליי־טער קעגן די אָנפאַלער און ער האָט צוויי פון זיינע ברידער געטייט.

הורקנוס איז אַהיימגעקומען בשלום. דאָ האָט אָבער דער צאָרנדיקער פאָטער אָנגעהויבען צו אים האָבן טענות פאַר אַלע זיינע לעצטע מעשים

און באַזונדער פאַר די אומגעהייערע סומעס, וואָס ער האָט פאַרשווענדט. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז הורקנוס האָט נישט געקענט לענגער בלייבן אין ירושלים און איז אַוועק צוריק אין אַלעקסאַנדריע.

אין אַ קורצער צייט ארום איז געשטאָרבן יוסף (208), און דאַן האָט זיך די מחלוקת צווישן די קינדער צעפלאַקערט נאָך שטאַרקער. די שטייער־פאַרוואַלטונג, זייענדיק זיי אָפּן אַרויסגעטרעטן קעגן אים און גע־כבודים איז, וואַרשיינלעך, איבערגעגאַנגען צו פילאָפּאַטאָרס ליבלינג, ד״ה צום יונגסטן פון יוספס זין. דער האַס פון זיינע ברידער צו אים איז גע־וואַקסן און ווען ער איז געקומען קיין ירושלים, כדי איבערצונעמען די שטייער־פאַרוואַלטונג, זיינען זיי אָפּן אַרויסגעטראָטן קעגן אים און גע־זאַמלט אַנהענגער, כדי מיט געוועער אין די הענט אים צו פאַרטרייבן פון שטאָט. נאַטירלעך האָט הורקנוס אויך נישט געשוויגן און אָרגאַניזירט אַ גאַנצע פאַרטיי פון זיינע אַנהענגער, וועלכע זיינען גרייט געווען ארויסצו־טרעטן אין אַן אָפענענער בלוטיקער בירגער־מלחמה, און געקומען איז דער קאַמף ביז אַזוי ווייט, אַז די עלטערע ברידער, אָדער ווי מ׳האָט זיי גע־רופן די טוביה׳אידן, האָבן זיך, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאָליטישע גע־שעענישן פון יענער צייט, גלייך דערקלערט פאַר אָפענע אַנהענגער פון דער סעלעווקידישער דינאַסטיע, און צו זייער צד איז צוגעשטאַנען אויך דער כהן גדול שמעון דער צווייטער, דער זון פון יענעם חוניו דעם צווייטן, וועלכער האָט געפירט אַן אַגיטאַציע קעגן די תלמי׳אידן נאָך פאַר פּטאָ־לאָמעאוס עוגעט דעם דריטן. הורקנוס איז דאַן אַנטלאָפן קיין אַלעק־סאַנדריע, כדי זיך צו באַקלאָגן קעגן די ברידער. דאָרט האָט זיך אָבער דערווייל די לאַגע איינגאַנצן געענדערט און קיינער האָט זיך אויף אים נישט ארומגעקוקט. זיין באַשיצער, דער קעניג פילאָפּאַטאָר, איז גע־שטאָרבן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך ווי אַ טראָנפאָלגער דעם מינדעריעריקן פּטאָלאָמעאוס דעם פינפטן עפּיפאַנוס. דאָס האָט אַרויסגערופן אין די עגיפּטישע רעגירונגס־קרייזן אַ גאַנצע איבערקערעניש, און מיט דער שוואַכקייט פון דעם תלמי׳אידישן הויף האָבן זיך דערווייל געוואָלט באַ־נוצן דיביידע שכנהשע שטאַרקע מלכים, אנטיוכס דער גרויסער פון סיריע און פיליפּ פון מאַקעדאָניע, כדי צו פאַרכאַפּן גאַנץ עגיפּטן מיט אַלע פּראָ־ווינצן.

ווי געזאָגט, האָט זיך אין ירושלים שוין געהאט אויסגעבילדעט אַ

שטאַרקע פאַרטיי מיטן כהן גדול אין דער שפּיץ, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער סעלעווקיד אַנטיוכס; דאָס האָט געגעבן די מעג־לעכקייט דעם לעצטן, מיט גאַנץ לייכטע קרעפטן איינצונעמען יהודה. די טוביה־אידן האָבן געעפנט די טויערן פאַרן קעניג פון סיריע און אים באַ־גריסט. די אָנהענגער פון דעם עגיפּטישן הויף האָבן זיך אויך געמוזט אונטערגעבן דער שטאַרקערער מאַכט. אַזוי איז יהודה נאָך הונדערט יאָר עקזיסטירן ווי אַ טייל פון צעלאָסיריע אונטער דער אויבער־הערשאַפט פון די פּטאָלאָמעער, איבערגעגאַנגען אין דעם רשות פון די סעלעווקידן (202).

די אַלעקסאַנדרישע רעגירונג האָט זיך אָבער אַזוי לייכט נישט אונ־טערגעגעבן, און אָנשטרענגענדיק די לעצטע כוחות, האָט זי אַרויסגעשיקט דעם אַטאָלישן קריגס־פירער סקאָפּאָס, מיט אַן אַרמיי פון געדונגענע סאָל־דאַטן, כדי אונטערצונעמען דעם קאַמף קעגן די סיריער און זיי אַרויס־שטופּן פון די פאַרכאַפּטע פּראָווינצן אַרום ירדן. אומזיסט האָבן זיך דאַן אָנגעשטרענגט די טוביה׳אידן מיט זייערע אָנהענגער, אויסצוהאַלטן דעם אָנגריף פון דער דאָזיקער אַרמיי און נישט אַרונטערצופאַלן ווידער אונטער דער הערשאַפט פון די פּטאָלאָמייער. סקאָפּאָס, מיט זיין ווילדער מחנה האָט מיט שטורעם איינגענומען ירושלים און אין שטאָט אָנגעמאַכט אַ חורבן. מיט אַ ווילדן צאָרן האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בית־המקדש און אַלע מיטגלידער פון דער סעלעווקידישער פּאַרטיי זיינען דורך אים געהרגעט אָדער אַכזריותדיק געפּייניקט געוואָרן. אַ סך איינוואוינער פון ירושלים זיינען דאַן אַנטלאָפן פון שטאָדט און כדי אין דער מורא צו האלטן די איבערגעבליבענע פון דער באַפעלקערונג, האָט ער זיך געלאָזן אַ וויכטיקן פּונקט און באַזעצט מיט סאָלדאַטן די פעסטונג באַריס אָדער אקרא, אין צפון־מערב זייט פון בית־המקדש.

נאָך דעם אַלעמען אָבער איז סקאָפּאָסן דאָך נישט געלונגען, פּאַקטיש אָפּצונעמען צוריק פאַר דער עגיפּטישער קרוין די צעלאָסירישע פּראָ־ווינצן. אין דעם שיינעם טאָל צופוסנס פון באַרג חרמון, ביי די שטראָמען פון ירדן, האָט זיך צעפלאַקערט אַ בלוטיקע שלאַכט, אין וועלכער סקאָפּאָס מיט זיין מחנה איז אינגאַנצן געוואָרן צעשלאָגן. ווידער איז אנטיוכס געוואָרן דער הערשער פון דעם גאַנצן ראַיאָן, אין וועלכן ס׳איז אריינגע־גאַנגען אויך יהודה, און ווידער האָט זיך די ביטערע מחלוקת אָנגעהויבן אין ירושלים. יהודה איז געגליכן געווען אין יענער צייט צו אַ שיף אין

מיטן אַ שטורעמעדיקן ים, וואָס ווערט געשליידערט פון איין זייט און דער אַנדערער. ביידע קריג־פירנדיקע פּאַרטייען האָבן געלאָזן דעם לאַנד שווערע וואונדן און פיל פון די איינוואוינער זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

געזיגט האָט אָבער דאָך די סעלעווקידישע פּאַרטיי, און ווען אַנטיוכס איז צוגעקומען מיט זיין אַרמיי — נאָך דעם, ווי ער האָט שוין געהאט איינגענומען די פּראָווינצן אַבילאַ און שומרון פון ביידע זייטן ירדן — צו די טויערן פון דער הייליקער שטאָט, זייענען די אַנגעזעענסטע מיטגלידער פון דער קהלה, צוזאַמען מיט די כהנים, אים אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן, האָבן אים מיט פּאַראַד אריינגעפירט אין שטאָדט און געגעבן לעבנסמיטל פאַר דער אַרמיי און די עלעפאַנטן. די אקרא־פעסטונג איז אָבער נאָך באַזעצט געווען מיט אַטאָלישע סאָלדאַטן און אין דעם קאַמף, וואָס אנטיוכס האָט אונטערגענומען, כדי צו פאַרניכטן דעם דאָזיקן שפּור פונעם עגיפּטישן גאַרניזאָן, האָבן אים די איינוואוינער פון ירושלים פיל געהאָלפן.

מן הסתם האָט אנטיוכס גוט אָפּגעשאַצט די דאָזיקע הילף און דעם יידישן מיטגעפיל, און דערום האָט ער אַנגעזאָגט זיין שר תלמי, אַז ער זאָל זיך באַגיין מיט חסד. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, צו רעמאָנטירן דעם בית־המקדש און ווידערצובויען די חורבות פון שטאָט. אנטיוכס האָט דעם יידישן פאָלק געשאָנקען פיל זכיות און אים דערלויבט צו האָבן אַן אינערלעכע, אייגענע פאַרוואַלטונג, לויט די אייגענע געזעצן. אויסער דעם האָט ער פאַרווערט אַלעמען, וועלכע געהערן נישט צו דעם יידישן פאָלק, מיט געוואַלט אַריינצודרייסן זיך אין בית־המקדש און אַריינצוברענגען אין ירושלים נבלות און פגרים, כדי נישט מטמא צו זיין די הייליקע שטאָט.

אנטיוכס איז אויף אַזאַ אופן געבליבן דער הערשער פון סיריע צוזאַמען מיט יהודה. ער האָט זיך אָבער מיט דעם אַליין נישט באַנוגנט. אים האָט געצויגן צו מצרים און אירע אומגעגנטן, וועלכע ווען, ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, זיין גרינג צו באַקעמפן, דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך געפונען אונטער דער מאַכט פון אַ נישט־ווירדיקן הערשער. און ווען די רוימער, וואָס האָבן געזוכט נייע מלחמות, נאָך דעם ווי זיי האָבן איינגענומען קרתגא און מנצח געווען דעם באַרימטן האַניבאַלן, האָבן אים צוגעזאָגט זייער הילף, האָט ער, אנטיוכס, שוין דאָן פאַרקלערט אַ פּלאַן, ווי

אַזוי צו באַזיגן די רוימער גופא און צו פאַרכאַפּן גאַנץ קליין־אַזיע צו־זאַמען מיט דעם אַלטן גריכנלאַנד. אין די קליינע מדינהלעך פון קליין־אַזיע, וועלכע זיינען שוין געהאט אים אונטערגעוואָרפן, האָט ער באַזעצט פיל פאַמיליעס פון יידן, אַזוי ווי ער האָט געהאט צו זיי אַ באַזונדער צוטרוי און האָט געגלויבט, אַז צווישן די פיינטלעכע באַזיגטע עלעמענטן, וועלכע זיינען איבערהויפּט באַשטאַנען פון גריכן, וועלן די אים איבערגעגעבענע יידן דינען אַלס אַ זיכערע שטיצע. אנטיוכס האָט די דאָזיקע קאָלאָניסטן־עמיגראַנטן געשאָנקען אויך אַלע בירגערלעכע רעכט און נאָך צוגעגעבן פיל גרויסע הנחות. די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן געלייגט דעם ערשטן פונ־דאַמענט פאַר די יידישע קהלות אין די קליין־אַזיאַטישע שטעט — אין עפעס, פאַרדעס און פערגאַס. אין זייער נייעם פאָטערלאַנד האָבן זיי אָפּ־געהיט זייער צוגעבונדנקייט צו יהודה, צו ירושלים, צום בית־המקדש אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן.

די וואַקסנדיקע מאַכט פון זיין הערשאַפט האָט אָבער אנטיוכס אַליין מיט זיינע אייגענע הענט פאַרניכטעט. ער האָט געהאַט אַ צו הויכע פאָרשטעלונג וועגן זיין אומבאַגרענעצטער גרויסקייט. ער האָט זיך גישט געוואָלט רעכענען מיטן וואוקס פון דער רוימישער מלוכה. אנטיוכס האָט זיין פאָליטיק געפירט מיט אַ זינגלאָזער דרייסטקייט; די רוימער, וועלכע ער האָט געגלויבט אַרויסצוטרייבן פון גריכנלאַנד מיט דער הילף פון בלויזע אָנשרעקונגען, האָבן אים (190) אַזוי צעקלאַפּט (ביי מאַגנאַ־זיע), אַז ער האָט געמוזט זיי אָפּגעבן אַלע זיינע שטעט אין גריכנלאַנד און קליין־אַזיע, זיין גאַנצן פלאָט און דערצו נאָך זיך מתחיב זיין אין משך פון צוועלף יאָר צו צאָלן קאָנטריבוציע, פופצן טויזנט טאַלאַנטן יערלעך. כדי צו פאַרזיכערן דעם אָפּמאַך און די קאָנטריבוציע, האָט ער געמוזט שיקן קיין רוים ווי אַ משכון זיין צווייטן זון אַנטיוכס עפּיפאַנוס, אויף וועלכן ס׳איז שפּעטער אויסגעפאַלן דער גורל אַריינצושרייבן אַ בלוטיק בלאַט אין דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק. זייער שלעכט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער סעלעווקוס־מלוכה דער בלוטיקער טעות פון אַנ־טיוכס בנוגע צו זיינע אייגענע קרעפטן. כדי אומשטאַנד צו זיין אייג־צוצאָלן יערלעך אין רוים אַזאַ גרויסע סומע פאַר די מלחמה־הוצאות, האָט ער, דער מלך פון סיריע, געמוזט ראַבעווען די הייליקטימער פון די אונטערטעניקע פעלקער; דאָס האָט, געוויינלעך, אַרויסגערופן קעגן

אים אַ ביטערע שנאה און אפילו די רוּאיק־געשטימטע פעלקער האָט עס גערופן צום ווידערשטאַנד. אַנטיוכס, וועלכער האָט זיך גערופן דער גרויסער, איז ווירקלעך דערהרגעט געוואָרן ביי אַזאַ אָנפאַל. זיין זון האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו באַרויבן די אונטערדריקטע פעלקער, און געבראַכט ענדלעך דערצו, עס זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן די מלוכה פון די סעלעווקידן און אין דער יידישער מלוכה זאָל אויסברעכן אַן אויפשטאַנד.

דערווייל האָט זיך נאָך אָבער אין יהודה אַלץ געפירט אויפן אַלטן שטייגער. דער העלעניסטישער גייסט, וועלכן דער מוכס יוסף האָט אַריינגעבלאָזן אין ירושלים, האָט זיך אַלץ טיפער איינגעוואָרצלט אין לאַנד. די יידישע גריכן, די העלעניסטן, האָבן געשאַפן אַ שטאַרקע פאָלקס־פאַרטיי, וואָס איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען, נאַטירלעך, פון די רייכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען פאַרבלענדט געוואָרן פונעם גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור. צו דער דאָזיקער פאַרטיי האָט אויך געהערט דער כהן גדול ישוע, וועלכער האָט אין זיין נייגונג צום העלעניזם אפילו איבערגעענדערט זיין נאָמען אויף יזון, כדי עס זאָל קלינגען מער גריכיש. די מעשים פון כהן גדול האָבן שוין ממילא נאָכגעטון פיל אַנדערע פון די בני אהרן, און דאָס האָט באַזונדער שטאַרק געווירקט אויף די ברייטערע פאָלקס־מאַסן. אין דער שפּיץ פון דער העלעניסטישער פאַרטיי זיינען געשטאַנען יוסף דעם מוכסניקס זין און אייניקלעך, וועלכע האָבן געשאַפן איינינעם אַ פאַרדאָרבענע באַנדע פון געלטגייציקע לייט. דער הויפּט ציל פון די אָנפירער פון דער דאָזיקער פאַרטיי איז געווען, צו געפעלן אַנטיוכסן, וועלכער איז געווען אַליין אַ גריך און האָט זייער געשעצט דאָס גריכישע פאָלק און די גריכישע קולטור, כאָטש ער האָט זיך נישט געמישט אין די אינערלעכע רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן פון יהודה.

אינעם היסטאָרישן לעבן פון יעדן פאָלק, וועלכעס איז נאָך געזונט לעבנספעאיק, פּאַסירט עס אָפט, אַז איין עקסטרעם, איין צו שטאַרקע נייגונג צו איין זייט, רופט אַרויס אַ צווייטן עקסטרעם, אַ צו שטאַרקע נייגונג אין דער צווייטער זייט. די, וואָס האָבן מיט טיפן באַדויער און צאָרן זיך צוגעקוקט צו די שטרעבונגען פון די העלעניסטן, האָבן זיך פאַראייניקט אין איין געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט ווי אַ ציל, פעסט צו האַלטן ביי דער אייגענער אמונה און ביי די אייגענע

פאָלקס־מנהגים און היטן די תורה, ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג. זיי האָבן זייער געזעלשאַפט אַ נאָמען געגעבן „כת חסידים". די דאָזיקע חסידים, אין קעגנזאַץ צו די מופקרימדיקע העלעניסטן, האָבן גערעכנט יעדע קלענסטע אָפּנייגונג פונעם יידישן געזעץ פאַר אַ פאַרברעך קעגן גאָט און קעגן פאָלק. קיין שאַרפערע הפכים פון די צוויי פאַרטייען קען מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן; זיי האָבן געקוקט איינע אויף דער צווייטער, אַזוי ווי ווען זייערע מיטגלידער וואָלטן גאָרנישט געווען קיין קינדער פון איין פאָלק און קיין ברידער פון איין פאַמיליע. דאָס, וואָס ביי די העלעניסטן איז פאַררעכנט געווען פאַר אַן אידעאַל, פאַר אַ ציל, האָבן די חסידים גערעכנט פאַר אַ פאַרברעך, פאַר אַ פאַרדאַרבענער זינד, פאַר אַ פאַראַט. זייערע קעגנער האָבן זיי אָנגערופן „רשעים" און „בוגדים". די העלעניסטן, האָבן געקוקט ווידער, אויף אַלץ, וואָס איז געווען טייער און הייליק ביי די חסידים, ווי אויף ווילדקייטן און נאַרישקייטן, און האָבן אין דעם געזען אַ שטער פאַרן גליק פון דער יידישער געמיינדע. צו די חסידים, וועלכע האָבן זיך טאַקע אויסגעצייכנט מיט זייער שטרענגער ערלעכקייט און מיט זייער אומצווייפלהאַפטער פרומקייט האָבן געהערט די באַרימטע חכמים יוסי בן יועזר איש צרידה און יוסי בן יוחנן איש ירושלים. דאָס זיינען שעפער פון צוויי ריכטונגען אין יידישן רעליגיעזן לעבן. דער ערשטער האָט איבערהויפּט צוגעגעבן אַ גרויסע באַדייטונג דעם ענין פון לערנען די תורה (למוד), דער צווייטער, ווידער, האָט באַזונדער שטאַרק געהאַלטן פון מקיים זיין די תורה (מעשה). יוסי בן יועזר פלעגט זאָגן: זאָל דיין שטוב זיין אַ פאַרזאַמלונגס־הויז פאַר תלמידי חכמים, וואַלגער דיך אין דעם שטויב פון זייערע פיס און טרינק מיט דאָרשט זייערע רייד; זיין חבר יוסי בן יוחנן פלעגט אָבער לערנען: זאָל זיין שטוב זיין ברייט פונאַנדערגעעפנט, זאָלן די אָרעמע זיין דיינע הויז־לייט און מייד אויס דאָס איבעריקע שמועסן מיט דער פרוי. די מערהייט פון פאָלק, ווי דאָס פאַסירט שטענדיק, איז נישט צוגעשטאַנען נישט צו דער, נישט צו יענער פון די עקסטרעמע פאַרטייען — דעם המון איז פון איין זייט געפעלן געוואָרן דאָס אויסערלעך גלאַנציקע און פריילעכע לעבן פון די גריכן און ער האָט נישט געקענט מיטשטימען מיט דער גרויזאַמער שטרענגקייט פון די חסידים; ער האָט אָבער אויך נישט געשעצט די גרויסע התפעלות פון די

העלעניסטן פאַר דער גריכישער קולטור. די מאַסע האָט נישט געקענט זיך שיידן מיט איר פאַרגאַנגענהייט און נאָך מער האָט זי נישט געקענט דערלאָזן אין גאַנצן עס צו פאַרניכטן דורך די נייע איינפירונגען און גרי־כישע נאָכטואונגען. אין דעם ליידנשאַפטלעכן קאַמף צווישן די חסידים און די העלעניסטן, האָבן ענדלעך געמוזט זיך אַריינמישן די פאָלקס־מאַסן.

די פרומע נאַציאָנאַליסטן האָבן נאָך פעסט געהאַלטן אין זייערע הענט די הנהגה אין ירושלים. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע איז געשטאַנען דער כהן גדול חוניו דער דריטער, שמעון דעם צווייטנס אַ זון, וועלכער איז אין דער זעלביקער צייט געווען אויך זייער פּאָליטישער אָנפירער. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מענטש און כאָטש ער איז פון דער נאַטור געווען ווייך און נאָכגעביק, איז ער דאָך געווען העכסט אייפעריק אין דער באַציאונג צו דער תורה; אַ פיינט פון די רשעים און אַ שיצער פון די חסידים, האָט ער מיט דער גרעסטער שטרענגקייט איינגעצוימט די שטרעבונגען פון די העלעניסטן און דערפאַר האָבן זיי אים שרעקלעך פיינט געהאַט. זיינע הויפּט־קעגנער זיינען געווען דריי בירגער פון אַ באַרימטער פאַמיליע פון שבט בנימין, וועלכע האָבן זיך כמעט אַלע גלייך אויסגע־צייכנט מיט זייער נאַרישער דרייסטקייט. דאָס זיינען געווען: שמעון, חוניו (דער זעלביקער האָט זיך אויך גערופן מיטן גריכישן נאָמען מע־נעלאָס) און ליזימאַכוס. צו זיי דאַרף מען צורעכענען אויך די טוביה'אידן. די לעצטע האָבן זיך פיינטלעך באַצויגן צום כהן גדול נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז געווען קעגן זייערע נייע גריכישע איינפירונגען, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט הורקנוסן, וועלכן זיי האָבן געהאַסט נאָך פון די אַלטע צייטן. אָט דער הורקנוס, האָט זיך, ווי ס'ווייזט אויס, ענדלעך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון דעם יונגן אַלעקסאַנדרישן מלך, תלמי דעם פינפטן, און ער האָט אַדאַנק דעם באַקומען די הכירה (אַרענדע) פון די אָפּצאָלונגען אין די געגנטן פון יענער זייט ירדן, דאָרטן אין די געגנטן פון חשבון און מי־דיבו, האָט ער אויסגעפירט זיינע פליכטן מיט דער זעלביקער אומבאַרמהאַרציקייט, מיט וועלכער ס'איז זיך באַגאַנגען אויך זיין פאָטער, יוסף, אין צעלאָסיריע. ער האָט צונויפגעזאַמלט גרויסע רייכטימער און נישט ווייט פון חשבון האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף אַ באַרג אַ פּאַלאַץ, וועלכן ער האָט

ארומגעצוימט מיט אַ גרויסער פעסטונג, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען צור.

אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט צו האַלטן ביי זיך איבעריקע אוצרות, פלעגט הורקנוס פון צייט צו צייט אַריבערשיקן קיין ירושלים זיין גאָלד און זילבער, כדי צו באַהאַלטן עס אין בית־המקדש, וואָס די געצנדינער אַפילו האָבן געהאַלטן פאַר אומבאַרירלעך. הורקנוס איז געשטאַנען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיטן כהן גדול און האָט אים דעריבער אָנפאַר־טרויט זיין גאָלד; צוליב דעם און צוליב זיין שנאה צו דער גריכישער קולטור, וועלכע די העלעניסטן האָבן געוואָלט איינפלאַנצן אין יהודה, האָט שמעון, דער אָנפירער פון דער העלעניסטישער פאַרטיי, צוזאַמען מיט די טוביה׳אידן, אַזוי שרעקלעך פיינט באַקומען דעם פרומען כהן גדול חוניו, אַז אין ירושלים האָט געמוזט שנעל אויסברעכן אַ ביטערער ברידער־קאַמף. שמעון האָט אויף געהאַט אַן אַרט אין בית־המקדש און ער האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, אומעטום זיך געמיט צו פורעמען אַן אָפּאָזיציע קעגן דעם כהן גדול. כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער לאַגע, האָט חוניו ארויסגע־טריבן פון בית־המקדש שמעונען און צוזאַמען מיט אים אויך טוביהס קרובים. דערמיט אָבער האָט ער נאָך מער פונאַנדערגעבלאָזן דעם פייער פון מחלוקת.

שמעון, צי ער אַליין, צי מיט דער הילף פון זיינע פאַרטיי־לייט, האָט אויסגעאַרבעט אַ נידערטרעכטיקן פּלאַן, ווי אַזוי נקמה צו נעמען פון זיין הויפּט־פיינט. ער האָט זיך געווענדעט צום אָנפירער פון חיל אין צעלאָ־סיריע און פעניציע, צו אַפּאָלאָניוסן, און אָנגעוויזן אויף דעם, אַז אין בית־המקדש פון ירושלים געפינען זיך אוצרות, וועלכע געהערן נישט צום גאָטעסדינס טאָון האָבן בכלל קיין בעל־הבית נישט, און דערום מוזן זיי לויטן געזעץ אָפּגענומען ווערן פאַר דער רעגירונג. אַפּאָלאָניוס האָט, פאַר־שטייט זיך, אומגעזאָמט צעוויסען געגעבן דערפון דעם מלך פון סיריע, סעלעווקוס דעם פערטע (187—186); דער לעצטער האָט זיך דאַן זייער געניטיקט אין געלט, כדי איינצוזאַלן די יערלעכע קאָנטריבוציע אין רוים. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם דאָזיקן בלבול און האָט געגעבן אַ באַפעל זיין שאַצמייסטער אליודור, ער זאָל קומען קיין ירושלים און פאַר־נעמען די אוצרות פון בית־המקדש. ווי מען האָט געקענט פאָרויסזען, האָט חוניו נישט געוואָלט מיטן גוטן ווילן פאָלגן דעם אומגעזעצלעכן באַפעל.

אליודור האָט אָבער דורכויס געפּאָדערט מקיים צו זיין דעם פּאַרזאָג פון מלך; גרויס איז געווען די אויפרעגונג פון דער באַפעלקערונג אין ירושלים, ווען זיי האָבן געזען, ווי דער געצנדינער האָט זיך אַריינגעריסן אין בית־המקדש, כדי אים צעראַבירען. דאָ האָט אָבער פּאַסירט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט אליודורן געשטערט אויסצופירן זיין פּלאַן. וואָס אייגנטלעך עס האָט דאָ געטראָפן, איז אומבאַוואוסט. די מסורה דערציילט פון אַ נס, וואָס איז געשען: ווען אליודור איז אריין אין בית־המקדש, אין קודש הקדשים, וואו אַ ייד אַפילו האָט נישט געטאָרט אַריינטרעטן, האָט זיך אים באַוויזן אַ מלאך אויף אַ ווייסן פערד און האָט אים צו דער ערד געוואָרפן.

שמעון האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקט און ער האָט כסדר געזוכט מיטלען ווי נקמה צו נעמען פון זיין פיינט דעם כהן גדול. ער האָט אַפילו צוגעשיקט צו חוניו מערדער, אין דער שטיל זיין לעבן אָפּצו־נעמען. חוניו האָט זיך דעריבער אַרומגעזען, אַז די רואיקייט און דער שלום וועט נאָר דאַן צוריקגעשטעלט ווערן אין ירושלים, ווען דער מלך וועט וויסן דיווירקלעכע לאַגע פון די פּאַרטייען אין ירושלים. ווען ער, חוניו, וועט סעלעווקוסן דערציילן וועגן די אומרעכטן, וואָס זיינע קעגנער באַגיין קעגן אים און די חסידים און וועט בעטן ביים מלך שטיצע. ער האָט דערום זיך באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַנטיוכיע און זיין ברודער ישוע (יזון) האָט ער דערווייל געלאָזן אויף צו פאַרטרעטן זיין שטעלע אין בית המקדש. די דאָזיקע צייט פון זיין אָפּוועזנקייט האָבן די העלעניסטן אויס־געניצט און האָבן זיך גענומען שטאַרקער צו זייערע מעשים. זיי האָבן געוואָלט דורכויס אָפּנעמען פון אים דעם טיטל כהן גדול און אויסקלייבן אנשטאָט אים ווען עס איז פון זייעריקע. אַ כהן גדול פון זייערע לייט וואָלט געווען נישט נאָר דער בעל הבית פון די אוצרות פון בית־המקדש, נאָר אויך דער פירער פון פאָלק. ער וואָלט געקענט גיכער דורכפירן די רעפאָרמען אין העלעניסטישן גייסט, צו וועלכע זיי האָבן געשטרעבט און זיי פאַרהייליקן מיטן גייסטיקן אָמט; נישט קוקנדיק אָבער אויף דעם, וואָס זיי האָבן געהאלטן זייערע מעשים בסוד, איז זייער שטרעבונג דאָך אַנט־דעקט געוואָרן און דאָס האָט שרעקלעך אויפגערעגט יענע, וועלכע האָבן נישט געקענט קוקן גלייכגילטיק אויף דעם פאַקט פון אַרונטערוואַרפן די

אַלטע אָרדענונג און פאַרשווערכן די הייליקסטע זכרונות פון דער פאַר־גאַנגענהייט.

אין יענער צייט האָט געלעבט דער דיכטער און דענקער בן־סירא, אליעזרס זון, פון ירושלים. אים האָבן שטאַרק געקרענקט די דאָזיקע אַלע געשעענישן און ער האָט זיך געמיט צו פאַרהיטן פון אונטערגאַנג יענע, וועלכע זיינען געגאַנגען אויפן פאַלשן וועג. די אומאָרדענונגען, וועלכע ער האָט אַליין איבערגעלעבט אין זיין אייגענער שטאָט, האָבן אים פאַרשאַפט זייער פיל פאַרדרוס און צער און ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ ספר פון משלים, כדי אויפצעווייזן דעם פאָלק זיינע פעלערן און אים אַרויפצו־פירן אויפן דרך הישר. פון יוגנט אָן האָט ער זיך איבערגעגעבן דער תורה די נביאים און אַנדערע הייליקע שריפטן. איבערהויפּט האָט ער טיף און גרינטלעך דערקלערט די משלי־שלמה און פון דאָרט האָט ער גענומען די פאָרעם פאַר זיינע משלים.

בן־סירא האָט נישט געהערט צו יענע חסידים, וועלכע האָבן זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון דערלויבטע פאַרגעניגנס און אַנדערע אויך פאַרבאָטן צו געניסן פון לעבן. ער האָט זייער פיל געהאַלטן פון געמיינזאַמע מאָל־צייטן מיט וויין און מוזיק און וועגן יענע אַסקעטן, וועלכע האָבן געזוכט אויסצומיידן יעדע לעבעדיקע און פריילעכע פאַרוויילונג, האָט ער אי־ראָניש געזאָגט:

„חקירה־זיך מיט טיפער געלערנזאַמקייט,
„ווי עס פּאַסט פאַר דיר; נאָר נישט שטער דעם געזאַנג.
„דאָרט, וואו מ׳טרינקט וויין, נישט קום מיט דיינע חקירות.
„מי זיך נישט צו זיין אַ חכם דאָרט, וואו דאָס איז איבעריק.
„ווי אַ ברילִיאַנטענער פינגערל אין אַ גאָלדענער פאַסונג,
„אַזוי איז דאָס ליד ביים זיסן וויין.

בן־סירא האָט פאַרטיידיקט די מעדיצין קעגן די אָנפאַלן פון יענע, וועלכע האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ גרויסער זינד, ווייל נאָך זייער מיינונג שיקט גאָט אַ רפואה צו יעדער קראַנקהייט, ווען מען איז מתפלל צו אים. בן־סירא האָט אָנגעוויזן די נייטיקייט פון רופאים און רפואות, וועלכע גאָט אַליין האָט באַשאַפן פאַרן מענטשן. נישט מיט ווייניקער היץ האָט ער געאַרבעט צו אויפהייבן דעם זיטלעכן און רעליגיעזן שטאַנד פונעם פאָלק. מיט שטעך־ווערטער האָט ער געטאַדלט די גאווה און די פאַלשקייט

פו זדי רייכע, וועלכע האבן געבילדעט מיט זיך די מערהייט פון דער הע־לעניסטישער פארטיי, יענע, וועלכע האבן זיך געבוקט צום ממון (דעם גאט פון געלט), געיאגט זיך נאך טענצערנס און זינגערנס און בכלל אריינגעבראכט אין דער יידישער גאס די אלע פעלערן און אויסגעלאסנקייטן פון דעם גריכישן לעבן. דערביי ווערן ביי אים די יידישע טעכטער אויך געמאלט נישט מיט קיין אנציענדיקע פארבן.

בן־סירא האט געגלויבט, אז די הויפט־סיבה פון דער זיטלעכער פאר־דארבנקייט איז די אויבערפלעכלעכע באציאונג צו דער יידישער אמונה. און ער האט זיך גענומען קעמפן קעגן דער דאזיקער דערשיינונג. בן־סירא האט אויך באריררט די שווערע פראגע, מיט וועלכער עס האבן זיך פאר־נומען די העכערע קרייזן אין ירושלים: די חוצפהדיקע מעשים פון די העלעניסטן און זייער שטרעבונג אפצונעמען פון כהן גדול זיין טיטל און אויסקלייבן אנשטאט אים איינעם פון זייעריקע. זיי האבן געשטעלט א פראגע: צי דען מוז דער טיטל כהן גדול אריבערגיין בירושה און בלייבן נאר אין די גרענעצן פון איין פאמיליע? קעגן דעם דאזיקן ערגייץ און קעגן דער שטרעבונג איבערצוקערן די אלטע ארדענונג האט בן־סירא גע־קעמפט אין זיינע ספרים; אפן ריידן האט ער אבער נישט געקענט און ער האט זיך געמוזט באנוגענען מיט רמזים:

פארוואס אונטערשיידט זיך איין טאג פונעם אנדערן,
און פונדעסטוועגן שיינט די זון אין יעדן פון זיי?
דורך דער חכמה פון גאט אונטערשיידן זיי זיך איינער
פונעם אנדערן.
גאט האט באשטימט ימים טובים און אנדערע טעג.
איניקע פון זיי האט ער דערהויבן און געהייליקט,
די אנדערע האט ער באשטימט פאר ארבעט.
אלע מענטשן זיינען ארויסגעקומען פון ערד:
אדם איז באשאפן געווארן פון ערד,
און פונדעסטוועגן האט גאט מיט זיין חכמה זיי פונאנדערגעטיילט.

— — — — — — — — — — — — — — —

איניקע פון זיי האט ער געבענטשט און דערהויבן,
איניקע האט ער געהייליקט און דערנענטערט צו זיך.

דער פּאָעט מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז אַזוי ווי די יום־טובים ציי־כענען זיך אויס צווישן אַלע טעג, אַזוי צייכנט זיך אויך אויס אַ וועלכע ס׳איז פאַמיליע מיט דעם זכות צו דינען גאָט אין בית־המקדש. אָט די אָרדענונג טאָר דער מענטש נישט צעשטערן. ער האָט זיך געמיט צו דער־ווייזן מיט משלים פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, מיט וועלכע גליק־לעכע רעזולטאַטן עס איז געווען פאַרבונדן די איבערגעבנקייט צו דער אמונה און צו די אַלטע טראַדיציעס און וועלכע אומגליקן עס האָבן גע־בראַכט די פּרוואוון ארונטערצעוואַרפן די אַלטע אָרדענונג. צו דעם צוועק רעכנט ער אויס אַ לאַנגע ריי פון היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן און ער שילדערט קורץ זייערע גוטע און שלעכטע מעשים. מיט אַן אָפענער כוונה שטעלט זיך בן־סירא אָפּ אויף דעם אויפשטאַנד פון אַ באַנדע חצופים, וועלכע האָבן ווילד און שרעקלעך מקנא געווען אַהרנען. נאָר „זיי זיינען אומגעקומען דורך אַ פלאַם־פייער, און אַהרנס שיין איז נאָך קלאָרער און ליכטיקער געוואָרן”. דאָס איז געווען אַ רמז, אַז מיט די, וועלכע שטעלן זיך קעגן כהן גדול, קען אויך טרעפן דאָס, וואָס עס האָט געטראָפן מיט יענער באַנדע. ער רעדט זייער פיל אויך וועגן פּנחסן, אהרנס זון; אין קורצן שילדערט ער די אומגליקלעכע עפּאָכע פון צעשפּאַלטונג און זינ־דיקייט אין דער יידישער געשיכטע, און שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף דער טעטיקייט פון די נביאים. פון דער עפּאָכע, וואָס נאָכן גלות בבל, דערמאָנט ער נאָר זרובבלן, דעם כהן גדול יהושע און נחמיהן. צום סוף שילדערט בן־סירא מיט מער סימפּאַטישע שטריכן דעם דערמאָנטן שמעון הצדיק פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, זיינע מעשים און זיין גייס־טיקע גרויסקייט. אַזוי ווי די פאַמיליע פון די דעמאָלטיקע כהנים גדולים, אויך די טוביה׳אידן, האָבן געשטאַמט פון שמעון הצדיק, האָט בן־סיראסביישפּיל געדאַרפט ווירקן אויף זיי, ווי אַ מוסר און התראה און אָפּווענדן די ערגייציקע פון זייערע פּלענער.

אנשטאָט דער געווינטשטער אחדות האָט זיך אָבער פאַרשטאַרקט נאָך די קנאה און די שנאה און דאָס יידישע פאָלק איז אַדאַנק דער טע־טיקייט פון די זעלביקע העלעניסטן, צוגעקומען צום ברעג פונעם תהום.

## קאַפּיטל פינף

### אנטיוכס עפּיפאַנעס פאַרפאָלגט די יידישע אמונה

אויף דער היסטאָרישער אַרענע האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, וועלכער האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די אייביקע אומאָרדענונגען אין דעם יידישן לעבן און געבראַכט אויף דעם יידישן פאָלק אַזעלכע אומגליקן און צרות, פון וועלכע עס האָט נאָך קיינמאָל נישט געוואוסט. דאָס איז געווען אַנ־טיוכס עפּיפאַנוס, אַ מענטש מיט אַ משונהדיקן קאָמפּליצירטן כאַראַקטער; גוט און שלעכט, פאַלש, אויסגערעכנט און אין דער זעלביקער צייט פול מיט אַלערליי קאַפּריזן, קליין אין גרויסע זאַכן און גרויס אין קלייניקייטן. די מענטשן פון זיין צייט האָבן זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן אין זיין נאַטור און נישט געקענט פאַרשטיין די אורזאַך פון זיינע פאַרשידענע משוגעתן. צי האָט ער באמת געהאט אַ גייסטיקן פעלער, אָדער ער האָט נאָר געטראָגן אַ מאַסקע?

די שול, וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען אין דער יוגנט, האָט פיל גע־ווירקט אויף דעם, אַז ער זאָל אַראָפּגיין פון גלייכן וועג. זיין פאָטער האָט אים געשיקט אין רוים ווי אַן ערבות פאַר די מלחמה־הוצאות, וועלכע ער האָט זיך אונטערגענומען צו באַצאָלן. אַנטיוכס האָט דאָרטן פאַר־בראַכט צוועלף יאָר. רוים איז דאַן געוואָרן, אַדאַנק די נצחונות איבער קאַרטאַגע, מאַקעדאָניע און סיריע — אַן אַלוועלטלעכע רעזידענץ. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן מערקן דער איבערגאַנג פון קאַטאָס שטרענגער זיטלעכקייט צו דער צעלאָזנקייט פון די קלאַודיוסן, וועלכע האָט שוין אין גאַנצן געטראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון דער גריכישער אויסגעלאַסנ־קייט. באַזונדער אָבער האָט זיך אנטיוכס אויסגעלערנט אין רוים פאַר־אַכטן מענטשן, נאַציאָנאַלע אנשטאַלטן און מנהגים; ער האָט זיך דאָרט דערוואָרבן די גרויזאַמקייט, וועלכע ווייסט נישט פון קיין רחמנות, און האָט ליב זיך אָנצושפּילן מיטן קרבן, איידער זי מאַכט פון אים אַ סוף.

אנטיוכס האָט געפּועלט, אַז אנשטאָט אים זאָל מען שיקן ווי אַן ערבות קיין רוים זיין שוועסטערקינד דימיטריוס, דעם זון פון מלך סע־

לעווקוס פילאָפּאַטער. אנטיוכס אַליין האָט זיך אומגעקערט פון רוים קיין סיריע איבערצונעמען דעם טראָן פון זיין ברודער. אים האָט אָבער מקדים געווען אַן אַנדערער: איינער פון די הויף־שרים האָט דערהרגעט סעלעווקוסן און פאַרכאַפּט דעם טראָן (175). עס איז נישט באַוואוסט, צי אַנטיוכס האָט עפּעס געהאט אַ שייכות צו דער רציחה. ער איז דאַן געווען אויפן וועג קיין אַטען. עמיימענעאוס, דער מלך פון פּערגאַס, און זיין ברודער אַטאַלוס, האָבן געהאָלפן אַנטיוכסן אַרויסטרייבן דעם מערדער העליאָדאָרוס און ווערן מלך פון סיריע און אַזיע. אנטיוכס איז בכן אַרויף אויפן טראָן מיט דער הילף פון באַטרוג און אומרעכט, ווייל דער כסא־המלוכה האָט אייגנטלעך גאָר געהערט צו דעם זעלביקן דימיטריוס, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אַנשטאט אים קיין רוים ווי אַן ערבות.

די רוימער האָבן באַשאָטן אנטיוכסן מיט זייערע חסדים, האָפנדיק אַז דורך דעם וואָס זיי וועלן זייען אומאָרדענונגען און קריג אין דער קעניגלעכער פאַמיליע, וועט זיך זיי לייכטער איינגעבן אָפּצושוואַכן די מלוכה, וועלכע זיי האָבן נאָך נישט איינגאַנצן געהאט אין זייערע הענט. אנטיוכס האָט אָבער געוואָלט נאָך איבערשטייגן די רוימער. ער האָט איינגעפירט אין אַנטיוכיע די רוימישע גלאַדיאַטאָר־שפּילן, און די קריגס־געפאַנגענע אָדער קנעכט האָבן זיך געמוזט אַזוי לאַנג ראַנגלען צווישן זיך, ביז איינער פון זיי איז געפאַלן פאַרוואונדעט אָדער טויט. אַנטיוכס האָט בכלל נישט געהאלטן פון קיין רעליגיע. „ער האָט נישט געשעצט די געטער פון זיינע עלטערן און האָט אין אַלגעמיין נישט אנערקענט קיין גאָט, ווייל ער האָט זיך געהאלטן העכער פון אַלע".

און אָט אונטער דער הערשאַפט פון אַזאַ מין באַשעפעניש, וואָס האָט נישט געהאט אין האַרצן קיין פונק אַכטונג צו וועלכע ס'איז מענטשן, געזעצן און רעליגיעס — האָבן זיך געפונען די יידן.

ווען צווישן די לעצטע וואָלט געווען אחדות, וואָלט אפשר אַנטיוכס זיך אַזוי פיל נישט אינטערעסירט מיט פּאַלעסטינע. די געוואַלטיקע סכסוכים אָבער, וואָס די העלעניסטן האָבן אַרויסגערופן אין לאַנד, האָבן ממילא געמוזט פירן דערצו, אַז ער זאָל זיך אָנהויבן אַריינמישן אין די אינערלעכע יידישע ענינים. ערשטנס האָבן די העלעניסטן אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף הורקנוסן, וועלכער האָט געקליבן צינדז אין נאָמען פון דעם מצרישן מלך, און הורקנוס, וואָס האָט געוואָלט אויסמיידן די שרעק־

לעכע שטראָף, האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. דאַן האָבן זיך די העלעניסטן גענומען פאַרווירקלעכן זייער אַלטן פּלאַן: צו אָפּנעמען פון חוניון דעם טיטל כהן גדול. חוניוס אייגענער ברודער, יזון, האָט צוגע־זאָגט אנטיוכסן אַ גרויסע סומע געלט, אויב ער וועט אים איבערגעבן דעם טיטל כהן גדול און אַזוי ווי אַנטיוכס, וועלכער האָט חושד געווען חוניון, אַז ער איז אַן אָנהענגער פון די תלמים, האָט זיך דאַן זייער געניייטיקט אין געלט, האָט ער, נישט פיל געקלערט, דערפילט זיין בקשה (174). נאָך דעם האָבן די העלעניסטן, אָדער דער כהן גדול יהושוע־יזון, געבעטן אַנטיוכסן, אַז יענע יידן, וועלכע וועלן זיך אויסלערנען גוט די גריכישע שפּילן, זאָלן אנערקענט ווערן ווי מוקדונער אָדער אנטיוכער, אָדער זיי זאָלן באַקומען פולע בירגער־רעכט און מעגן אנטיילנעמען אין אַלע עפנט־לעכע פאַרוויילונגען פון די גריכן. די גריכן האָבן שטענדיק ערנסט גע־קוקט אויף די פאַרוויילונגען און האָבן זיי געהאלטן פאַר אַ לעבנס־ציל; די פּאַלעסטינישע און פעניצישע גריכן האָבן אונטערגעהאלטן זייער נאַ־ציאָנאַלן פאַרבאַנד דורך דעם, וואָס זיי האָבן אריבערגעטראָגן אין פרעמ־דע לענדער די טראַדיציאָנעלע אָלימפּישע פאַרוויילונג. דער, ווען די גריכן האָבן צוגעלאָזן צו זייער פאַרוויילונג, האָט עס געהאַלטן גאָר אַ גרויסן כבוד פאַר זיך, ווייל דאָס האָט געהייסן כמעט דאָס זעלביקע, ווי מען וואָלט אים צוגעשריבן צו דער גריכישער אַריסטאָקראַטיע. יזון און די העלעניסטן האָבן געקענט צו גרינדן אין ירושלים אויסער די גימ־נאַסטישע פאַרוויילונגען, אויך אַ גימנאַזיע, וואו יידן וואָלטן געלערנט גרינטלעך די גריכישע געזעצגעבונג. דערמיט האָבן זיי געהאָפט אָפּצו־שוואַכן די שנאה, מיט וועלכער די גריכן האָבן פאַרפאָלגט די יידן און ווי נאָר יזון האָט באַקומען אויף דעם אַ דערלויבעניש פון אנטיוכסן, האָט ער אומפאַרזאַמט אָנגעהויבן איינפירן די גימנאַסטישע איבונגען, אָן וועל־כע מען האָט נישט געקענט אנטיילנעמען אין די אָלימפּישע שפּילערייען. צו דעם צוועק האָט דער כהן גדול אָפּגעצוימט אַן אָרט פאַר די איבונגען, פאַר דער גימנאַזיע און פאַר דער נידעריקער שול אין אקרא, צו צפון־מערב זייט פון בית־המקדש. וואַרשיינלעך, האָט מען געדונגען גריכישע לערער צו לערנען יידישע יונגעלייט די מלחמה־שפּיל, וועלכע איז באַ־שטאַנען אין לויף־קאָנקורסן, אין שפּרינגען, אין ראַנגלען זיך און אין האַנט־געשלעג.

אינגיכן אָבער האָבן זיך די יידן אויף די דאָזיקע פאַרוויילונגען באַ־געגנט מיט פיל אומבאַקוועמלעכקייטן. היות מ׳האָט זיך פאַרנומען מיט דער מלחמה־שפיל, האָט מען געדאַרפט זיך אויסטון נאַקעט — אַזוי האָט געפאָדערט דער גריכישער מנהג. די יידישע יונגעלייט האָבן געמוזט דע־ריבער אַראָפּוואַרפן פון זיך די גאַנצע בושה, שטייענדיק נאַקעטערהייט נעבן בית־המקדש, און דערצו פלעגט זיך דערביי געווייזלעך ארויסווייזן דער יידיש־נאַציאָנאַלער לייב־צייכן, וועלכער האָט אַרויסגערופן ביי די גריכן געלעכטער און שפּאָט. האָבן שוין יידן נאָך דעם געקענט אנטייל־נעמען אין די אָלימפּישע פאַרוויילונגען? מ׳האָט אָבער דערצו אויך גע־פונען אַ מיטל. מ׳האָט איבער זיך געלאָזט מאַכן פאַרשידענע ספּעציעלע אָפּעראַציעס, כדי אויסערלעך נישט זיין ענלעך צו קיין יידן. די גימנאַזיע איז געוואָרן גאַנץ גיך איבערפולט מיט שילער, יונגע כהנים פלעגן אַוועק־וואַרפן די עבודה אין בית־המקדש, כדי זיך צו באַטייליקן אין די מלחמה־איבונגען. פרומע יידן האָבן מיט שרעק געקוקט אויף דעם. זיי האָבן אָבער געמוזט שווייגן. אַפילו יזונס אָנהענגער אַליין זיינען שוין אויך געווען אומצופרידן מיט זיינע מעשים, וועלכע האָבן געפירט דאָס יידנטום אויף דעם וועג פון פאַרניכטונג, און אויף דעם באָדן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ באַראַקטעריסטישע סצענע: ווען עס האָבן געדאַרפט פאָרקומען אין צור די אָלימפּישע פאַרוויילונגען, אויף וועלכע מען פלעגט ברענגען קרבנות דעם גריכישן גאָט צעאוס, וועמענס נאָמען עס זיינען געווידמעט געווען די פאַרוויילונגען, האָט יזון אַוועקגעשיקט אַהין פאָרשטייערס פון יידן, וועל־כע האָבן גוט געוואוסט די מלחמה־שפּיל און אויף אזא אופן האָבן זיי זיך געקענט באַטייליקן אין דעם גריכישן יום־טוב. די קרבנות (פאַר דעם גאָט צעאוס) האָבן געפאָדערט אַ געוויסע סומע געלט, און דאָס האָט דער כהן גדול יזון מיטגעגעבן די יידישע דעלעגאַטן, וועלכע זיינען, געוויינ־לעך, געווען דערצויגן אין דעם גריכישן גייסט. די דאָזיקע דעלעגאַטן אָבער זיינען דאָך געווען יידן און כדי צו ברענגען אַ קרבן פאַר דעם גריכישן גאָט, האָבן זיי געמוזט שטאַרק קעמפן פריער מיט זייער געוויסן; זיי האָבן זיך איבער אויסגענומען אַ תנאַי, אַז זיי מעגן דאָס געלט פאַרנוצן אויף אַן אַנדער זאַך, אויב דאָס וועט נייטיק זיין. אַזוי טיף איז געווען איינגע־וואָרצלט דער יידישער באַגריף וועגן געטלעכקייט אַפילו ביי די, וועלכע האָבן געהערט צו די העלעניסטישע פאַרטייען!

אין ירושלים האָט זיך דערווייל צעפלאַקערט די מחלוקת ביז דער העכסטער שטופע. יזון האָט אינגיכן אָנגעוואוירן דעם חן ביי די העלע־ניסטן, אָדער צוליב זיין ערגייציקייט, אָדער ווייל ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז ער אַרבעט נאָך אַלץ ווייניק ענערגיש אָפּצושאַפן די אַלטע אָרדענונג. דורך איינעם פון די אומצופרי־דענע העלעניסטן, חוניו־מענעלאָס, פלעגט יזון שיקן דעם מלך צינדזן. מענעלאָס האָט צוגעזאָגט דעם מלך צאָלן יערלעך מיט 300 טאַלענטן (מטבעות) מער, אויב ער וועט אים מאַכן פאַר אַ כהן גדול. ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז אַדאַנק זיין ווירקונג און השפעה, וועט ער האָבן די מעג־לעכקייט צו אַרבעטן פאַר דעם מלכס אינטערעסן ענערגישער פון יזונען. אנטיוכס איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, מרוצה געוואָרן, אָפּצוגעבן דעם טיטל כהן גדול דעם, ווער עס האָט געגעבן פאַר אים מער (172—171). ער האָט באַלד געשיקט קיין ירושלים זיין באַאַמטן סאָקראַטעס מיט חיל, צו דערשטיקן יעדן ווידערשטאַנד, וועלכער קען אויסברעכן קעגן אָט דער פאַראָרדענונג. סאָקראַטעס האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן חיל אין אקרא און געמאָלדן די איינוואוינער פון ירושלים, אַז יזון איז אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע ווי אַ כהן גדול. דער לעצטער האָט געמוזט אַנטלויפן פון ירושלים.

דער דאָזיקער פאַקט האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם טומל אין ירושלים. דער גרעסטער טייל פון פאָלק איז געווען זייער אויפגערעגט דערפון, וואָס אויף אַהרנס שטול זעצט זיך איינער, וועלכער שטאַמט גאָרנישט פון דער כהנים־דינאַסטיע און איז באַוואוסט ווי אַ קעגנער פון דער יידישער אמונה.

מיט מענעלאָסן זיינען נישט געווען צופרידן אויך יענע, וועלכע האָבן געשטרעבט צו רעפאָרמעס און נייע איינפירונגען. צו אַזעלכע האָבן גע־הערט טיילווייז יזונס אָנהענגער און טיילוויז יענע, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון יידנטום. זיי האָבן אָבער אַלע געמוזט שווייגן, ווייל זיי האָבן מורא געהאט פאַר דעם סירישן באַאַמטן מיט זיין חיל. ערשט אין אַ קורצער צייט ארום האָט זיך די שטאַרקע אומצופרידנ־קייט געלאָזן פילן. שולדיק אין דעם איז געווען מענעלאָס אַליין: ער האָט צוגעזאָגט אנטיוכסן צו צאָלן צינדזן מער, וויפיל ער האָט געקענט. מע־נעלאָס האָט זיין הבטחה נישט געקענט מקיים זיין און אַנטיוכס איז

געוואָרן אויפגערעגט און אים אַרויסגעפּאָדערט צו זיך; דער לעצטער האָט געמוזט אָפּפאָרן אין אַנטיוכיע. אויף זיין אָרט האָט ער איבערגעלאָזן זיין ברודער ליזימאַכעס. ער האָט אַרויסגעגנבעט פון בית־המקדש פיל אוצרות, מיט וועלכע ער האָט געהאָפט צופרידנצושטעלן אַנטיוכסן. מענעלאָס פאַר־ברעכן האָט זייער אויפגערעגט חוניון, דעם געוועזענעם כהן גדול, וועל־כער האָט זיך דאַן געפונען אין אנטיוכיע. ער האָט אים באַשולדיקט אין באַרויבן דעם בית־המקדש, אויף וואָס די גריכן האָבן אויך געקוקט ווי אויף אַ גרויסן פאַרברעכן. צום באַדויערן, האָט זיך די באַשולדיקונג אויס־געלאָזן ביטער פאַר חוניון. מענעלאָס האָט אונטערגעקויפט איינעם פון די שרים, אַנדראָניקאָסן, וועלכער האָט גענומען אויף זיך טייטן חוניון נאָך איידער דער מלך וועט זיך דערוויסן פון דעם פאַרברעכן אין בית־המקדש. חוניו, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר שונאים, איז דאַן געווען אין אַפּאָלאָנס טעמפּל אין דאַפנע, ביי אַנטיוכיע. אַנדראָניקאָסן איז אָבער געלונגען אים ארויסצונאַרן פון דאָרט מיט אלערליי שבועות און פאַרזי־כערונגען און האָט אים געטייט אויפן שוועל פון טעמפּל (171). דער פאַקט פון הרגענען אַ פרומען כהן גדול איז נישט געפעלן געוואָרן אַפילו די סירישע גריכן, און אַנטיוכוס האָט געמוזט באַשטראָפן דעם מערדער אַנדראָניקאָס. מענעלאָס ווידער האָט געדאַרפט איצט געפינען מיטלען ווי מפצה צו זיין דעם מלך און נושא חן זיין ביי אים אויף ווייטער. צו דעם צוועק האָט ער געהייסן זיין ברודער ליזימאַכעס אַרויסנעמען פון בית־המקדש נאָך אוצרות און אים צושיקן. דאָס האָט אָבער נישט געקענט אָפּגיין גלאַט. ווען מען האָט אָנגעהויבן וועגן דעם צו ריידן און אָנווייזן אויף ליזימאַכעסן, אַז ער באַרויבט דעם בית־המקדש, איז דאָס פאָלק שורעקלעך אויפגערעגט געוואָרן, און די אויפרעגונג האָט אָנגענומען אַן ערנסטן כאַראַקטער. די, וואָס האָבן געוואוינט ארום ירושלים, אַז זיי האָבן דערהערט וועגן די מעשים פון די ביידע ברידער, האָבן זיך אַ לאָז געטון קיין ירושלים און האָבן געוואָלט טייטן די פאַרברעכער. ליזימאַכעס האָט באַוואָפנט זיינע אָנהענגער אונטער דער אָנפירונג פון אויראַנעס — אַן איינגעוואָרצלטער בעל־עבירה. דאָס אומבאַוואָפנטע פאָלק האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן און איז זיי באַפאַלן מיט שטיינער און שטעקנס. פיל זיינען געטייט געוואָרן, אַנדערע זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן פון די קלעפּ אָדער זיינען זיך צעלאָפן. ליזימאַכעס אַליין איז דערהרגעט געוואָרן

נעבן בית־המקדש. מענעלאַס האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע אויף די מורדים אין ירושלים, און דער מלך האָט אין צור פאַראָרדנט אַ געריכט־זיצונג אויסצופאָרשן די געשיכטע. דריי מיטגלידער פֿון סנהדרין, וועלכע דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבן צו דעם צוועק, האָבן אַזוי קלאָר דערוויזן די שולד פון ליזימאַכעסן און זיין ברודער אינעם באַ־רויבן דעם בית־המקדש און אין די בלוטיקע געשעענישן אין ירושלים, אַז מענעלאַס האָט באַדאַרפט באַקומען אַ האַרבע שטראָף. דעם לעצטן אָבער האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצוציען אויף זיין זייט אַזאַ מערדער, ווי ער אַליין, וועמענס מיינונג עס האָט פיל געווירקט אויפן מלך. אנטיוכס האָט די שולדיקע פרייגעשפּראָכן. ער האָט פריי געמאַכט מענעלאַסן און פאַר־משפּט צום טויט די דריי פון סנהדרין, די צורער, וועלכע זיינען געווען עדות פון אַזאַ געוואַלט־טאַט, האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט דערמיט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן מיטגעפיל די דריי אומשולדיקע קרבנות אויף זייער לויה. מענעלאַס האָט געקליבן נחת. ער איז פאַר־בליבן כהן גדול איבער דעם פאָלק, וועלכעס האָט אים שרעקלעך גע־האַסט און כדי צו דערשטיקן אָט די שנאה, האָט ער גענומען טראַכטן וועגן נייע רציחות.

ער האָט אָנגעהויבן מסרן פאַר אַנטיוכסן אויף זיינע שונאים, ד״ה אויף דעם גאַנצן פאָלק. ערשטנס האָט ער באַשולדיקט זיינע שונאים אין דעם, אַז זיי זיינען אָנהענגער פון מצרישן הויף און זיי פאַרפאָלגן אים, מענעלאַסן, דערפאַר, ווייל ער שטערט זיי אויסצופירן זייערע פלע־נער; צווייטנס האָט ער אָנגערעדט רכילות אויף דעם גאַנצן יידנטום; ער האָט דערקלערט, אַז משה געזעצן זיינען פול מיט מענטשן־האַס און די תורה פאַרווערט אַ יידן איינצולאַדן צום טיש אַ ניט־יידן און אין אַלגעמיין זיך גוט צו באַציען צו אים. אנטיוכס האָט דאַן זיך געקלאָבן איינצונעמען מצרים. מענעלאַסעס מסירות האָבן דעריבער געמוזט אָביסל ווירקן, און אַנטיוכס האָט אָנגעהויבן מיט חשד צו קוקן אויף זיינע אונטערטעניקע יידן. עס איז אים זייער נישט באַקוועם געווען צו האָבן הינטער זיך אַ שונא אין אַ צייט פון אַ געפערלעכער מלחמה.

אַן אויסרייד צו אַ מלחמה האָט אַנטיוכס גיך געפונען. זיין שוועס־טער קלעאָפּאַטרע, תלמי דעם פינפטנס פרוי, איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזן צוויי מינדעריעריקע זין: פילאָמעטער און פיסקאָנעס. דער

עלטערער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מלך, נאָר אנשטאָט אים האָבן רעגירט צוויי אפּוטרופּסים, איילעאוס און לענעאוס. אַנטיוכס האָט אָנגעהויבן זאַמלען מיליטער, כדי צו באַפאַלן מצרים אונטער דעם אויסרייד, אַז ער וויל באַשיצן זיינע צוויי פּלימעניקעס פון זייערע אפּוטרופּסים. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט פאַר די רוימער, האָט אַנטיוכס לאַנג אָפּגעצויגן די הכנות. נאָר ווען די רוימער האָבן אָנגעהויבן פירן אַ מלחמה מיט פּערסעאוסן, דעם מוקדונישן מלך, האָט ער ענדלעך באַשלאָסן זיך אַריינצורייסן אין מצרים. ביידע אפּוטרופּסים מיטן יונגן מלך פילאָמעטאָר זיינען אַנטלאָפן. אַנטיוכס האָט פאַרנומען גאַנץ צפון־מצרים און האָט באַלאַגערט אַלעקסאַנדריע. דערווייל האָבן די איינוואוינער אויסגעקליבן פאַר אַ מלך תלמיס יונגערן זון, פיסקאָנעסן, און האָבן אָנגעהייבן באַשיצן די שטאָט אַזוי ענערגיש, אַז אַנטיוכס האָט זיך מיאש געווען איר איינצונעמען. ער האָט דעריבער אַרויסגערופן אין מצרים דעם עלטערן ברודער, האָט געשלאָסן מיט אים אַן אָפּמאַך און אים צוגעזאָגט מלחמה צו האלטן, נאָר פאַר זיינע אינטערעסן.

אין יהודה האָט מען אויפמערקזאַם געקוקט און אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה. אין פאַל ווען מצרים וואָלט מנצח געווען, וואָלט מען געקענט האָפן אויף אַ סוף צו די אַלע קריגערייען און אומגליקן, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן דער פאַרהאַסטער כהן גדול. דער מצרישער הויף האָט מיטגעפילט מיט דער נאַציאָנאַל־יידישער פּאַרטיי און פלעגט אויפנעמען די יידישע פּאַטריאָטן, וועלכע זיינען אַהין אַנטלאָפן, זיך צו שיצן פון די געוואַלט־טאָטן פון אַנטיוכס און מענעלאָס.

דערווייל איז געקומען דער פריערדיקער כהן גדול יזון־יהושוע פון די בני עמון, וואו ער האָט זיך באהאלטן, און האָט געבראַכט מיט זיך מיליטער צו פאַרנעמען ירושלים. מענעלאָס האָט געהייסן פאַרשליסן די טויערן און אָפּשטויסן אים פון שטאָט. דאַן האָט אויסגעבראָכן אַן אמתער בירגער־קריג צוליב דער ערגייציקייט פון די צוויי מענטשן, פון וועלכע יעדער האָט געוואָלט זיין כהן גדול און אויף אַזאַ אופן באַקומען די מאַכט. אַזוי אָבער ווי נאָר אייניקע פון די שטאָט־איינוואוינער האָבן זיך אָנגענומען פאַר דעם פאַרהאַסטן מענעלאָסן, איז יזונען מיט זיין אָפּטיילונג מיליטער געלונגען צו פאַרנעמען די שטאָט. מענעלאָס האָט געמוזט אַנטלויפן און זיך באהאלטן אין אקרא.

אנטיוכס איז דאָן געגאַנגען פון מצרים מיט פיל רויב. ער האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, געקליבן אויפזאַמלען נאָך מיליטער. ווען ער האָט דערהערט וועגן די געשעענישן אין ירושלים, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ שרעקלעכער צאָרן אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק. ער איז פּלוצלונג באַפאַלן ירושלים און האָט דאָרט אָנגעמאַכט אַ שרעקלעך בלוטיקן חורבן. אין זיין גרויזאַמער אוממענטשלעכקייט האָט ער נישט רחמנות געהאַט נישט אויף קיין אַלטע, נישט אויף קיין קינדער, נישט אויף קיין פרויען. און קיין חילוק נישט געמאַכט צווישן פריינט און פיינט. ער האָט זיך אריינגעריסן אין בית־המקדש און אין קדשי־קדשים, האָט ער צוגענומען אַלע אוצרות, דעם גאָלדענעם מזבח, די מנורות, דעם שלחן, אַלע גאָלדענע כלים און אַלע קאָסטבאַרקייטן, וואָס זיינען דאָרטן געווען.

אינעם באַרויבן דעם בית־המקדש האָט אים געהאָלפן מענעלאָס. כדי זיך צו פאַרענטפערן און כדי נתעשר צו ווערן פון די אַלע פאַרברעכנס, האָט אנטיוכס פאַרשפּרייט אַ העסלעכן רכילות, צו וועלכן עס האָט אים טיילווייז צוגערעדט דער כהן גדול און וועלכע האָט ארויפגעוואָרפן אַ שאַנד־פלעק אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין קדשי־קדשים אַ שטיינערן בילד פון אַ מאַן מיט אַ לאַנ־גער באָרד, וועלכער איז געזעסן אויף אַן אייזל מיט אַ ספר אין האַנט. אַנטיוכס האָט געזאָגט, אַז אָט די סטאַטוע שטעלט פאָר מיט זיך דעם יידישן געזעצגעבער משה, וועלכער האָט געגעבן די יידן מענטשנפיינט־לעכע, העסלעכע געזעצן, לויט וועלכע מען דאַרף זיך האַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלע פעלקער און נישט טון זיי קיין שום טובה. פון דעמאָלט אָן האָבן די גריכן און די רוימער געגלויבט, אַז די יידישע אמונה איז איינגאַנצן געבויט אויף דער פאַרגעטערונג פון אַן אייזל. דער זעלביקער אַנטיוכס האָט פאַרשפּרייט נאָך אַ העסלעכן ליגן. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין קדשי־קדשים אַ גריך, וועלכער איז געלעגן דאָרט גע־בונדן און האָט אים, אַנטיוכסן, געבעטן, ער זאָל אים באַפרייען פון דער יידישער אכזריות. דער גריך האָט אים געזאָגט, אַז יעדן יאָר טייטן די יידן אַ גריך, כדי אויפצועסן זיינע געדערים און דערביי שווערן זיי צו האַסן און צו פאַרניכטן די גריכן. עס איז נישט באַוואוסט, צי האָט אַנטיוכס אַליין אויסגעקלערט אָט דעם ליגן, צי אַנדערע רכילותניקעס האָבן אים דאָס אין מויל אַריינגעלייגט, נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, האָט

אַנטיוכס דער ערשטער פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דאָס יידנטום לערנט זיינע באַכפּאָלגער צו האָסן און פאַרניכטן אַנדערע פעלקער.

אין טרויער האָט זיך אָנגעטון ירושלים, און יעקבס הויז איז באַדעקט געוואָרן מיט שאַנדע. דערמיט אַליין האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט. דעם לאַנד יהודה איז באַשערט געווען אויסצושטיין נאָך שרעקלעכערע טעג. אַנטיוכס האָט ווידער דערקלערט אַ מלחמה מצרים און די יידן האָבן געמוזט אַריבערטראָגן אַלע זיינע אכזריותן.ביידע קעניגלעכע ברידער אין מצרים האָבן צווישן זיך שלום געשלאָסן. אַדאַנק דער אריינמישונג פון זייער שוועסטער און די רוימער, און דער עלטערער, פילאָמעט, איז געוואָרן מלך אין אַלעקסאַנדריע. ווען אַנטיוכס האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט און אַזוי ווי די רוימער זיינען נאָך געווען פאַרנומען אין מאַקעדאָניע, האָט ער באַשלאָסן ווידער אָנצופאַלן אויף מצרים (186). ער האָט נישט באַגעגנט קיין שום ווידערשטאַנד און איז אויף אַזאַ אופן דערגאַנגען ביז אַלעקסאַנדריע. די מצרישע מלכים האָבן אַוועקגעשיקט שלוכים קיין רוים, צו בעטן שטיצע, און דער רוימישער סענאַט האָט זיי נישט אָפּגעזאָגט און געשיקט קיין מצרים דריי חיל־אָפּטיילונגען, אָפּצושטעלן אַנטיוכסן. נאָך דעם גליקלעכן געשלעג ביי פּידנע, ווען דאָס מאַקעדאָנישע מיליטער האָט געהאַט אַ גרויסע מפּלה און דער מלך פּערסעאוס אַליין איז אַנטלאָפן, זיינען די דריי רוימישע שרים געקומען צו אַנטיוכסן אין לאַגער (22 יוני 168) און האָבן אים איבערגעגעבן דעם באַפעל פון סענאַט: אין דער מינוט אָפּצוטרעטן פון מצרים; און ווען דער סירישער מלך האָט געבעטן וויפיל ס'איז צייט, אויף אַ ישוב־הדעת, האָט פּאָמפּיליוס לענאַס געמאַכט אַ צירקל מיט זיין שטעקן און געזאָגט, אַז איידער ער וועט דורכגיין דורכן צירקל, דאַרף אַנטיוכס באַשליסן און אויסקלייבן איינס פון די ביידע: שלום מיט רוים, אָדער מלחמה. אַנטיוכס האָט גאַנץ גוט געקענט די עקשנות פון די רוימער און באַשלאָסן גלייך אָפּצוטרעטן. אויסער זיך פון כעס און ערגערניש האָט זיך אַנטיוכס אומגעקערט אין זיין רעזידענץ־שטאָט, און איבערהויפּט האָט אים געקרענקט דאָס, וואָס ער האָט געמוזט פאַר די רוימער, זיינע ביטערסטע שונאים, שפּילן די ראָלע פון אַ גוטן פריינט.

כל המתו האָט אַנטיוכס דאַן אויסגעגאָסן אויף די יידישע קעפּ. צי האָבן זיך די יידן אָפּן געפרייט אויף זיין מפּלה, אָדער זיי האָבן צו הויך

געהערד'ט וועגן דעם, אַז גאָט, וועלכער דערנידעריקט בעלי־גאווהס האָט אים באַשטראָפט? ווער קען עס זיכער באַשטימען. געשטראָפט זיינען זיי אָבער געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן אופן. איינער פון אַנטיוכסעס שרים, אַפּאָלאָניוס, איז מיט אַ גאַנצער רויבער־באַנדע געקומען קיין ירושלים, כלומרשט מיט פריינטלעכע רייד און אַ פאַלשער מינע פון שלום. נאָר אין אַ שבת־טאָג, ווען די באַפעלקערונג האָט נישט געקענט זיך ווידער־שטעלן מיט געווער, איז דאָס מאַקעדאָנישע חיל באַפאַלן די איינוואוינער, האָט געטייט פיל דערוואַקסענע מענער, געפאַנגען פרויען און קינדער און זיי אָוועקגעפירט אין פרעמדע לענדער צום פאַרקויפן ווי שקלאַפן. ווער עס האָט געקענט, איז אַנטלאָפן פון שטאָט. פיל בנינים זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות, די טויערן פון ירושלים זיינען צעבראָכן געוואָרן, דעם בית־המקדש אָבער האָט דער מערדער אַפּאָלאָניוס און זיין באַנדע געלאָזן צורו, ווייל, אַנטיוכס האָט אים, צוליב אומבאַוואוסטע טעמים, נישט גע־וואָלט באַרירן. דערפאַר אָבער האָבן זיי נישט געשוינט די אויסערלעכע בנינים, האָבן פאַרברענט די הילצערנע טויערן און האָבן צעשטערט די גאַלעריעס מיט העק און האַמערס. אין בית־המקדש איז נישט געווען וואָס צו ראַבירן. אויף די יידיקע גאַסן פלעגט מען קענען טרעפן נאָר העלע־ניסטן, סירישע סאָלדאַטן און אויסלענדער. „ירושלים איז געוואָרן אַ פרעמדע שטאָט פאַר אירע אייגענע קינדער". דער בית־המקדש איז גע־וואָרן ליידיק. דער מאַרק פון אקרא האָט געבילדעט אין ירושלים נאָך אַ שטאָט. דאָרט האָבן זיך באַזעצט די סירישע סאָלדאַטן, דאָרטע האָבן אויך געוואוינט די העלעניסטן. כדי צו באַשיצן אקרא פון אַן אָנפאַל, האָט מען איר ארומגערינגלט מיט פעסטע ווענט און הויכע טורעמס, העכערע ווי די ווענט פונעם דערבייאיקן בית־המקדש, און זיך פאַרזיכערט מיט געווער און עסנוואַרג.

מענעלאָס, וועלכער האָט געבראַכט צו די אַלע שווידערהאַפטיקע חורבנות, איז אָבער אויך נישט געווען צופרידן מיט דער פרוכט פון זיין אַרבעט. וואָרעם פאַר וועמען האָט ער איצט געוואָלט שפילן די ראָלע פון אַ כהן גדול, איצט, ווען קיינער האָט דעם בית־המקדש נישט באַזוכט, ווען דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך אָפּגעקערט פון אים? ער איז געבליבן אַליין. ער האָט אין בית־המקדש געהערט נאָר דעם עכאָ פון זיין אייגענעם קול. און דאָס האָט ביי אים ארויסגערופן אַ נייעם פּלאַן, דאָס יידנטום, דאָס

געזעץ, די תורה — אַלץ דאַרף פאַרניכטעט ווערן און די יידן דאַרפן אָננעמען דעם גריכישן קולט. אַזוי ווי אַנטיוכוס איז געווען שטאַרק אויפ־געבראַכט אויף די יידן און זייער רעליגיע, האָט ער אַקצעפּטירט דעם פּלאַן און מיט גרויס אכזריות זיך גענומען אים פאַרווירקלעכן. דאָס יידי־שע פאָלק מוז אינגאַנצן העלעניזירט ווערן און טריי דינען אַנטיוכסן — דאָס איז געווען די אידייע פון דעם נייעם באַפעל, וועלכער האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף יעדן, וואָס וועט וואַגן אים עובר צו זיין.

דערמיט האָט אַנטיוכוס געוואָלט דערוויזן די אוממאַכט פון גאָט, וועמען דאָס יידישע פאָלק איז געווען אַזוי שטאַרק איבערגעגעבן און גע־טריי. אַנטיוכוס, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן גלייכגילטיק צו זיינע אייגענע געטער, האָט זיך געפונען פערזענלעך באַליידיקט דערפון, וואָס די יידן, נישט קוקנדיק אויף די בלוטיקע פאַרפאָלגונגען און רדיפות, וואָס זיי זיי־נען אויסגעשטאַנען און שטייען אויס ביז איצט, גלויבן פונדעסטוועגן אין זייער גאָט און הערן נישט אויף צו האָפן, אַז ער וועט פאַרניכטן אַלע זייע־רע פיינד און רשעים. אַט דעם יידישן גאָט האָט ער געוואָלט מנצח זיין, און צו דעם צוועק האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וועלכער איז פּוב־ליקירט געוואָרן דורך ספּעציעלע באַאַמטע אין אַלע שטעט פון יהודה, אַז מען זאָל אויפהערן מקים זיין די מצות פון דער תורה און מען זאָל מקריב זיין קרבנות נאָר פאַר די גריכישע געטער. דערצו האָט מען אומעטום גע־דאַרפט אַוועקשטעלן מזבחות און סטאַטוען. אַנטיוכוס האָט געוואָלט טרעפן מיט זיין קויל אין מיטן האַרצן פון יידנטום און האָט דעריבער געהייסן, מען זאָל נייטן יידן, מקריב צו זיין אויף די מזבחות אומריינע בהמות און איבערהויפּט חזירים.

די הייליקסטע דריי געזעצן, מיט וועלכע יידן האָבן זיך אונטערשיידט פון די געצנדינער: מילה, אָפּהיטן שבת און נישט עסן קיין טרפע שפּייז, — זיינען איצט שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן און דעם מלכס באַאַמטע האָבן אָן רחמנות געטייט יעדן, ווער עס פלעגט האַנדלען קעגן דעם מלכס ווילן.

אָנגעהויבן האָט מען מיטן בית־המקדש, אַנטיוכוס האָט צוגעשיקט אין ירושלים איינעם פון זיינע שרים, ער זאָל פון בית־המקדש מאַכן אַ טעמפּל פאַרן גריכישן גאָט צעאוס, אויפן מזבח פון דער פאָדערשטוב (עזרה) האָט מען מקריב געווען אַ חזיר, מיט זיין בלוט האָט מען פאַר־שפּריצט דעם קדשי־קדשים, דאָס פלייש האָט מען אויסגעקאָכט און

מיט דעם פעטס האָט מען פאַרגאָסן די הייליקע תורה. נאָך דעם האָבן דער כהן גדול און די איבעריקע יידישע העלעניסטן געמוזט אויפעסן דעם געבראָטענעם קרבן. די תורה, וועלכע מען האָט געפונען אין בית־המקדש, האָט מען געשענדט און פאַרברענט, ווייל לויט אַנטיוכסעס מיי־נונג, האָט זי געפלאַנצט אין די הערצער ניט ריינע מדות און מענטשן־ליי־בע, נאָר שנאה און האַס, נאָכהער האָט מען אָוועקגעשטעלט אויפן מזבח די אָפבילדונג פון צעאוס, און פאַר אים האָט מען געדאַרפט מקריב זיין קרבנות (אַרום 17 תמוז — יולי 168).

אַזוי איז דער גאָט פון ישראל פאַרטריבן געוואָרן דורך צעאוסן און ווידער איז געשענדט און פאַרשמוצט געוואָרן דאָס איינציקע אָרט אויף דער וועלט, וואָס איז געווען גלייך הייליק פאַר יעדן יידן!

די טיפע ליידן און שמערצן, וואָס ס׳האָבן געפילט די יידישע הער־צער, זעענדיק דעם חלול־הקדש און די נאַציאָנאַלע אומגליקן, האָבן גע־פונען אַן אויסדרוק אין צוויי קאַפּיטלען פון תהלים, וועלכע אומבאַקאַנ־טע משוררים־לוים האָבן פאַרפאַסט, אין איינעם פון זיי ווערט געזאָגט:

א פייער האָבן זיי אָנגעצונדן אין בית־המקדש,
פאַרשוועכט האָבן זיי דעם משכן פון דיין נאָמען...
נישטאָ ביי אונדז נישט קיין מופת, נישט קיין נביא...
און קיינער פון אונדז ווייס נישט, ביז ווי לאַנג,
ביז ווי לאַנג, אָ גאָט, וועט דער באַליידיקער דיין הייליקייט פאַרשוועכן,
דער שונא דיין נאָמען לעסטערן?..

און דאָס פאָלק? ווי האָבן זיך די ברייטערע פאָלקס־שיכטן פאַקטיש פאַרהאַלטן צו די דאָזיקע שענדלעכע באַפעלן פון דעם קעניגלעכן טיראַן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר זיך דעם איינציקן צוועק, — אָפּצורייסן יידן פון זייער גאָט און אויסצולעשן אין זיי דעם לעצטן פונק פון זייער נאַ־ציאָנאַלן געפיל?

אַ שרעקלעכן נסיון האָבן יידן געהאַט דאָס מאָל אויסצושטיין. די תליה האָט דערוואַרט יעדן, וואָס האָט געוואָגט עפנטלעך צו היטן די גע־זעצן פון דער תורה; אפילו מיט דעם נאָמען יהודהער (ייד) איז פאַרבאָטן

געוואָרן זיך אָנצורופן, און דאָס אַלץ האָט פונדעסטוועגן נישט געהאָלפן, אויסצומעקן דעם יידישן נאָמען און גאָטס וואָרט צו פאַרניכטן! שטראָמען פון מאַרטירער־בלוט האָבן די ערד פון יהודה פאַרפלייצט, די בעסטע קינ־דער פון פאָלק זיינען געהאָנגען און אכזריותדיק געפייניקט געוואָרן, און — יידן האָבן זייער גאָט נישט פאַרלאָזן און זיינע געזעצן נישט פאַר־שוועכט.

די יידן פון די סירישע און פעניצישע שטעט, וועלכע האָבן געלעבט צווישן די גריכן און צוזאַמען מיט זיי, האָבן, אמת נישט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכע צוואַנגס־מיטלען פון אנטיוכסעס באַאַמטע און געבויגן זייע־רע קעפּ פאַר די גריכישע אָפּגעטער, פאַרלייקנדיק, אָדער געטראָגן באַ־האַלטן טיף אין האַרצן, זייער גלויבן און זייער צוגעבונדנקייט צו דעם יידישן פאָלק; אויך דאָ אָבער האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן די ערשטע געגעבן דעם ביישפּיל פון העלדישן מאַרטירערטום, געבראַכט פאַר אַ קרבן אַלע ערדישע פאַרגעניגנס, אויסגעשטאַנען די שרעקלעכס־טע ענויים און אָוועקגעגעבן אפילו דאָס גאַנצע לעבן — פאַר דעם אי־דעאַל, פאַר דעם הייליקן און אמתן, פאַר דעם זין פון לעבן. אין אַנטיוכיע גופא איז אַן אַלטער געלערנטער, מיטן נאָמען אליעזר, אויסגעשטאַנען די שרעקלעכע יסורים און ענדלעך אויך דאָס לעבן מקריב געווען דער־פאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט עפנטלעך אויפעסן דאָס שטיקל כשר פלייש, וואָס אנטיוכסעס משרתים האָבן אים דערלאַנגט מיט דעם צוועק, דאָס פאָלק זאָל מיינען, אַז ער עסט חזיר. די פאָלקס־לעגענדע ווייסט אוי־סער דעם צו דערציילן אויך פון אַ מוטער מיט אירע זיבן זין, וועלכע האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אָפּגעזאָגט צו דערפילן אַנטיוכסעס פאַר־לאַנג, און זיינען דעריבער אַכזריותדיק געפייניקט געוואָרן פאַר דער מו־טער אין די אויגן. לעבעדיקערהייד האָט מען זיי אויפן פייער געברענט, די הויט האָט מען פון זיי אַראָפּגעשונדן און איינצלנע גלידער אָפּגע־שניטן, — און די יידישע מוטער איז געשטאַנען און האָט געקוקט און האָט נישט אויפגעהערט אויפצומונטערן די קינדער, זיי זאָלן אַריבער־טראָגן די שרעקלעכסטע יסורים, אַבי גאָטס נאָמען נישט שענדן, אַבי פאַר די אָפּגעטער דעם קאָפּ נישט בייגן!

אין יהודה גופא איז די צאָל פון די מאַרטירער נאָך גרעסער גע־ווען; וואו נאָר אַנטיוכוסעס באַאַמטע זיינען געקומען, האָבן זיי גלייך

מזבחות אויפגעשטעלט און געפּאָדערט פון דער באַפעלקערונג אינעם נאָ־מען פון קעניג, זי זאָל מקריב זיין חזירים פאַר דעם גאָט צעאוס און דאָס פלייש עסן, זי זאָל עפנטלעך אַרבעטן אום שבת. און אין די דיאָניזישע וויין־יום־טובים איז נאָך דערצו צוגעקומען אויך די גזירה, אַז יידן זאָלן איינאָרדענען פייערלעכע פּראָצעסיעס לכבוד דעם גריכישן וויין־גאָט און אים באַערן מיט אַלערליי אויסגעלאַסנקייטן און שכורע שמחות. קיין דערפאָלג האָבן אָבער די דאָזיקע באַאַמטע נישט געהאַט: זייערע אויפ־רופן האָבן גאַנץ ווייניק יידן צונויפגעבראַכט ווייל די מערהייט פון זיי איז שוין פון פריער געהאַט אַנטלאָפן פון שטאָט און זיך באַהאַלטן אין די היילן און טאָלן פון די יהודהאישע בערג אָדער אין די מדבריותן אַרום דעם ים־המלח. דער דאָזיקער פאַרעקשנטער ווידערשטאַנד האָט אַנטיוכסן נאָך מער אויפגערייצט, און ער האָט געשיקט איין באַפעל נאָכן אַנדערן צו באַשטראָפן די „איינגעשפּאַרטע" יידן מיט דער גרויזאַמסטער אכזריות. די באַאַמטע האָבן די דאָזיקע באַפעלן, נאַטירלעך, דורכגעפירט: געפונענע מגילות פון דער תורה זיינען דורך זיי צעריסן און פאַרברענט געוואָרן; די יידן, וועלכע האָבן אין די דאָזיקע הייליקע מגילות אַ טרייסט געזוכט, אויף צו שטילן דעם ווייטיק פון זייערע בלוטיקע פאַרפאָלגונגען, זיינען אויף דעם גרויזאַמסטן אופן געטויט און געשענדט געוואָרן, אַלע שולן און ישיבות אינעם לאַנד האָבן זיי צעשטערט און פאַרוויסט, און הונדערטער שוואַכע פרויען, וועלכע האָבן אין דער אָפּוועזנהייט פון זייע־רע מענער אַריינגעבראַכט די קינדער אינעם בונד פונעם יידישן פאָלק (מילה), זיינען דורך די אוממענטשלעכע טיראַנען אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף דער מויער פון שטאָט מיט זייערע צאַרטע קינדער אויפן האַלדז.

די ווירקונג פון די דאָזיקע אוממענטשלעכקייטן און גרויזאַמקייטן איז אָבער געווען פונקט דער היפך דערפון, וואָס אַנטיוכס האָט פון זיי דערוואַרט: אנשטאָט אָפּצושרעקן דעם פאָלק, האָבן זיי אים נאָך מער פאַרביטערט און נאָך מער פאַרעקשנט; דער טויט האָט פאַרלוירן זיין שרעקלעכקייט, און צוזאַמען מיט די פאַרפאָלגונגען איז געוואַקסן אויך די אינערלעכע גרויסקייט, די שטאַנדהאַפטיקייט, דער רעליגיעזער עקס־טאַז. די דאָזיקע באַגייסטערונג איז אונטערגעהאַלטן און נאָך שטאַרקער צעפלאַקערט געוואָרן אַ דאַנק דער פייערדיקער אַגיטאַציע פון די חסי־דים. דורך באַהאַלטענע וועגן פלעגן זיי זיך אַרויסגנבענען פון זייערע

מערות און אַרומגיין פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף, צונויפ־גערופן אומעטום די איינוואוינער און זיי באַשוואוירן מיט פייער און בלוט, זיך נישט אונטערצוגעבן, נישט צו פאַרשוועכן גאָטס תורה און זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר גאָטס נאָמען.

די סורישע באַאַמטע אין ירושלים זיינען אָבער באַלד געוואויר געוואָרן, פון וואַנען עס שטאַמט די העלדישע עקשנות, און דער פירער פונעם גאַרניזאָן, פיליפּוס, האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין די בערג, אום אויפצוזוכן די אַלע פאַרנומענע מערות און באַהעלטענישען. ווי די לעגענדע דערציילט, האָט ער אין אַ געוויסן שבתדיקן טאָג געלאָזן זיינע סאָלדאַטן אַרומרינגלען איינע פון די דאָזיקע מערות, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, און זיי אויפגעפאָדערט, אַרויסצוגיין און זיך אונטערצוגעבן אַנטיוכסעס באַפעל. די באַלאַגערטע האָבן איינשטימיק געענטפערט: „ניין, מיר וועלן זיך אַנטיוכסעס באַפעל נישט אונטערגעבן, און די הייליקייט פון שבת וועלן מיר נישט פאַרשוועכן", פיליפּוס האָט דאַן באַפוילן זיינע סאָלדאַטן זיך אַריינצורייסן אין דער מערה, און די חסידים האָבן, נישט וועלנדיק מחלל שבת זיין, קיין שטיין פון דער ערד נישט גערירט, אום דעם אַריינגאַנג צו שטערן, און בלויז הימל און ערד פאַר עדות גענומען, אַז זיי ווערן אָן אַ שום זינד געטויט. אַלע באַלאַגערטע זיינען דאַן דערהרגעט, דערשטיקט און פאַרברענט געוואָרן דורך דער דאָזיקער מערדער־באַנדע, וועלכע האָט אין אַלע עפענונגען פון דער מערה פייער־קנויטן אַריינגעשליידערט, כדי עס זאָל זיך קיינער נישט קענען ראַטעווען.

טיף איז געווען דער שמאַרץ פון די טריי געבליבענע יידן, הערנדיק וועגן די דאָזיקע שרעקלעכע קרבנות, און אויך די מוטיקסטע פון זיי האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן ביי זיך. מיט וואָס וועלן זיך די אומדערטרעגלעכע צרות ענדיקן? און פון הימל זעט זיך קיין צייכן נישט, וואָס זאָל טרייסטן און האָפענונג איינפלאַנצן; און קיין נביא שטייט נישט אויף, וואָס זאָל פירן און דעם וועג ווייזן, וואָס זאָל גאָטס וואָרט מיט זיך ברענגען און אָנזאָגן, ווי לאַנג די בלוטיקע פאַרפאָלגונגען וועלן דויערן.

דאָס איז געווען איינע פון די שרעקלעכסטע צייטן אין דער געשיכטע פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע.

# קאַפּיטל זעקס

## דער מכּבּישער אויפשטאַנד

(106—107)

ווען די בלוטיקע רדיפות האָבן שוין דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה, צוגעבראַכט דאָס יידישע פאָלק ביז דעם תהום פון אונטערגאַנג און פאַרניכטונג, האָט אין יהודה אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. די אָנפי־רער פונעם אויפשטאַנד זיינען געווען פון דער פאַמיליע חשמונאים אָדער מכבּער, וועלכע האָבן זיך, אויסער זייער איבערגעגעבנקייט צו דער אמונה, אויסגעצייכנט אויך מיט זעלטענער קלוגשאַפט, אומגעוויינלעכער גבורה, און געלאַסענער פאַרזיכטיקייט. איין גרייז־גרויער פאָטער מיט זיינע פינף זין האָבן אויפגעהויבן די פאָן פונעם אויפשטאַנד, וועלכער האָט אַריינגעבלאָזן אַ גייסט פון שטאַרקייט און מוט אין די יידישע הער־צער אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן; דער פאָטער האָט געהייסן מתתיהו, יוח־נגס זון און דער אייניקל פון שמעון חשמונאי, וועלכער האָט געשטאַמט פון אהרן הכהן. ער האָט פריער געוואוינט אין ירושלים, נאָר צוליב די רדיפות האָט ער זיך געמוזט איבערקלייבן אין דעם קליינעם שטעטל מודיעין (12 קילאָמעטער צו צפון פון ירושלים). פון זיינע פינף זין האָט יעדער געהאַט אַן אַראַמישן צונאָמען: יוחנן הגדי, שמעון התרסי, יהודה המכּבי, אליעזר אברן און יונתן אפּוס. די דאָזיקע חשמונאים האָבן זיך מיט אַ טיפן צער צוגעקוקט צו דער שרעקלעכער לאַגע פונעם פאָטערלאַנד. „אַלע בתי־מדרשים זיינען צעשטערט, יהודה איז אַ שקלאַפן געוואָרן, טאָ וואָס טויג אונדז נאָך אונדזער לעבן?" אַזוי האָט דער אַלטער מתתיהו גע־זאָגט צו זיינע זין און ענדלעך באַשלאָסן, זיך נישט צו באַהאַלטן מער אין פאַרבאָרגענע ווינקעלעך און היילן, נאָר אַרויסצוטרעטן מוטיק און ראַטע־ווען דאָס פאָלק פון פאַרטיליקונג, אָדער — שטאַרבן פאַר דעם הייליקן אי־דעאַל! ווען איינער פון די סירישע באַאַמטע, אפּולאָס, איז געקומען אין מודיעין, נייטן די איינוואוינער, זיי זאָלן דינען די גריכישע געצן און האָט אָנגעהויבן פאָדערן פון מתתיהו, אַז ער, ווי דער אָנגעזעענסטער מענטש און

פאַרשטייער, זאָל דער ערשטער ווייזן אַ ביישפּיל פון געהאָרכזאַמקייט און אונטערטעניקייט, האָט דער לעצטער געענטפערט: ווען אפילו אַלע פעל־קער פון דער סירישער מלוכה וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער רעליגיע, איך אָבער, מיינע זין און מיינע ברידער וועלן פאַרבלייבן טריי דער אמונה. עס האָט זיך געפונען דאָרט איין ייד, וועלכער האָט געוואָלט געפעלן ווערן דעם סירישן באַאַמטן און איז צוגעגאַנגען צום מזבח מקריב צו זיין אַ קרבן פאַר צעאוסן. דאָ האָט ענדלעך געפּלאַצט מתתיהוס געדולד; עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דאָס פּאַטריאָטישע און רעליגיעזע פייער און ער איז באַפאַלן דעם בוגד און אים געטויט נעבן דעם אַלטאַר; זיינע זין, באַוואָפנט מיט מעסערס, זיינען באַפאַלן אפולעסן און זיין חיל, האָבן זיי דערהרגעט און דעם אַלטאַר האָבן זיי צעבראָכן. די דאָזיקע פּאַסירונג איז געווען פאַר אַלע טרייע נאַציאָנאַליסטן אַ סיגנאַל אַרויסצוטרעטן קעגן שונא אין אַן אָנטשלאָסענעם קאַמף אויף לעבן און טויט און נישט צו פאַלן, אַזוי ווי שלאַכט־קרבנות.

מתתיהו האָט גלייך נאָך דער דאָזיקער געשיכטע אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף: „ווער עס וויל נקמה נעמען פאַר דער תורה און אמונה, זאָל גיין נאָך מיר!" באַלד זיינען צו אים צוגעשטאַנען די איינוואוינער פון מודיעין און פון דער אומגעגנט, און מתתיהו האָט געזוכט פאַר זיי אַ באַ־שיצטן אָרט אין די בערג פון אפרים. דאָ איז צו אים צוגעשטאַנען אויך דאָס ביסל חסידים, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט און די אַלע, וועלכע זיינען געקומען צולויפן אַהער פון די שרעקן און רדיפות, און אַזוי איז אַלץ מער און מער געוואקסן די צאָל פון די פאַרטיידיקער פונעם פאָ־טערלאַנד און פון דער אמונה. מתתיהו האָט זיי פריער געזאָגט אַז זיי וועט אויסקומען צו פירן אַ שווערן און בלוטיקן קאַמף און האָט זיי צוגע־גוייט, מפקיר צו זיין דאָס לעבן פאַר דער הייליקער זאַך. מ'האָט באַ־שלאָסן זיך צו באַשיצן מיט געווער פון אַן אָנפאַל אפילו אום שבת, נישט ווי די חסידים, וועלכע האָבן נישט געוואָגט אויפצוהייבן אַ שטיין אין דעם הייליקן טאָג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסע באַוואָפנונגס־אַרבעט און אפילו יענע חסידים, וועלכע האָבן געוואוסט בלויז זיך צו פאַרטיפן אין הייליקע ספרים, זיינען מאַסנווייז געקומען צושטייען צו מתתיהוס מחנה און זיך פאַרזאָרגן מיט כלי־זיין. די לאַגע אין לאַנד איז געווען אַזוי ווי אין דער צייט פון נאָך די שופטים; די איינוואוינער זיינען צעזייט און

צעשפּרייט געווען אין היילן איבער די בערג, אַ טייל האָט געהאַלטן פֿאַרן שונא, און נאָר אַ קליינער הייפל איז געווען גרייט אויסצולייזן דאָס פֿאָ־טערלאַנד מיטן אייגענעם בלוט; האָט אָבער דאָס הייפל געהאַט ווייניק געווער און איז בכלל גאַנץ ווייניק איינגעאיבט געווען אין דער קונסט פֿון מלחמה. אַ נצחון איז איצט, אַלזאָ, נאָך מער אוממעגלעך געווען, ווי אין אָנהייב פֿון שאולס מלוכה.

מתתיהו האָט אויסגעמיטן אַן אָפֿענעם געשלעג מיט די סיריער, ער האָט געוואוסט, אַז דאָס צאָל פֿון זיין חיל איז זייער קליין. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען באַקאַנט מיט יעדן ווינקל פֿון דעם לאַנד, איז ער מיט זיינע זין און חיל פֿלינק איבערגעגאַנגען פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער, האָט צעשטערט די אַלטאַרן פֿון די גריכישע געטער, באַשטראָפֿט די איינוואוי־נער, וואָס האָבן געהאַלטן פֿאַרן שונא, און פֿאַרפֿאָלגט די גריכן, וועלכע האָבן זיך אים געטראָפֿן אויפֿן וועג. עס איז אים אייניקע מאָל געלונגען אויך צו צעשלאָגן אַ שוואַך סיריש חיל, אַן וועלכן ער האָט זיך אָנגע־שטויסן. ווען דער סירישער באַאַמטער פֿלעגט אַרויסשיקן פֿון ירושלים קעגן די מורדים אַ גרעסערן חיל, פֿלעגן זיי מיט אַמאָל נעלם ווערן און מ׳האָט זיי נישט געקענט געפֿינען. קורץ, מתתיהו האָט געפֿירט קעגן דעם שונא אַ מלחמה, וועלכע איז מעגלעך נאָר אין געבירגיקע געגנטן און קען פֿאַרמאַטערן אפֿילו דעם שטאַרקסטן קעגנער.

ווען דער אַלטער מתתיהו האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער פֿאַר אַ ראַטגעבער באַשטימט זיין עלטערן זון שמעון און ווי אַן אָנפֿירער פֿונעם אויפֿשטאַנד דעם ייִנגערן, יהודה. ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט קוקן אויף לעבן און טויט און קעמפֿן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פֿאַר זייער גאָט און פֿאָטערלאַנד. באַלד ווי יהודה המכבי איז געוואָרן אָנ־פֿירער האָט דער ווידערשטאַנד אָנגענומען נאָך אַ שאַרפֿערן כאַראַקטער. ער איז געווען אַ העלד, וועמענס גלייכן די ייִדן האָבן נישט אָנגעזען פֿון דודס און יואבס צייטן אָן. פֿון זיין העלדן־נשמה האָט געשטראָמט אַזאַ אומזיכטבאַרע קראַפֿט, וואָס האָט די אַלע, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אונ־טער זיין אָנפֿירונג, אָנגעפֿילט מיט טויט־מוט. דערצו איז ער געווען באַ־גאָבט מיט אַ שאַרפֿזיכטיקן אָנפֿירער־בליק, אָנצוהייבן אַ קאַמף צו דער צייט, אויסצונוצן די שוואַכע זייטן פֿון שונא און אָפּנאַרן אים דורך אַ בלומרשטער אַטאַקע. פֿון איין זייט „איז ער געווען גלייך ווי אַ לייב אין

זיין צאָרן" און פון דער אַנדערער זייט „ווי אַ טויב, מיט זיין ווייכקייט און צערטלעכקייט". ער איז געווען טריי דער אמונה, ווי די בעסטע פער־זענלעכקייטן אין דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. ער פלעגט זיך נישט פאַרלאָזן אויף זיין אייגענער קראַפט, נאָר אויף גאָטס הילף, צו וועלכער ער פלעגט זיך ווענדן פאַר יעדן אַרויסטריט. יהודה המכבי איז געווען אַן אמתער יידישער העלד, וועלכער פלעגט זיך דערלויבן בלוט פאַרגיסן נאָר אין נויט, כדי צו באַפרייען און דערהייבן דאָס אונטערדריקטע און גע־פאַלענע פאָלק, און די גאַנצע עפּאָכע פון דעם דאָזיקן אויפשטאַנד טראָגט אויף זיך זיין נאָמען, זיין שטעמפּל און זיין כאַראַקטער.

אין אָנהייב האָט ער נאָכגעטון זיין פאָטער און פלעגט זיך באַנוגע־נען מיטן באַשטראָפן די בוגדים, מיטן צוציען צו זיך די, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעריסן פון יידנטום און אָנטון שאָדן קליינע אָפּטיילונ־גען פונעם סירישן חיל; ווען די צאָל פון זיינע אָנהענגער איז אָבער פאַר־גרעסערט געוואָרן דורך די, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט מער רואיק בלייבן אונטער דעם פרעמדן יאָך, האָט יהודה באַשלאָסן אַרויסצוגיין אָפן קעגן דעם גריכישן חיל, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון אַפּאָלאָניוס.

דער ערשטער אָפענער געשלעג, וועלכן יהודה האָט דורכגעמאַכט, האָט זיך אויסגעלאָזן זייער גליקלעך: (166) אַפּאָלאָניוס איז געפאַלן טויט אויפן שלאַכטפעלד און זיינע סאָלדאַטן זיינען אָדער פאַרוואונדעט געוואָרן אָדער זיך צעלאָפן. דאָס באַזיגטע סירישע חיל איז אפילו געווען נישט פיל אין צאָל, פונדעסטוועגן האָט דער דאָזיקער נצחון צוגעגעבן מוט די יידישע קעמפער. דעם ערשטן מאָל האָבן זיי דעם שונא גלייך אין די אויגן געקוקט און עס האָט זיי אָפּגעגליקט! זיי האָבן דערין געזען אַ צייכן, אַז גאָט האָט נישט פאַרלאָזן זיין פאָלק, נאָר ער באַשיצט עס מיט זיין אומזיכטבאַרער האַנט. יהודה האָט אָפּגענומען ביי דעם דערהרגעטן אַפּאָלאָניוסן זיין שווערד און האָט מיט דעם כלי־זין געקעמפט ביזן לעצ־טן אָטעם־צוג.

דאַן איז קעגן יהודהן אַרויס דער סירישער קריגס־פירער העראָן מיט אַ גרויסן חיל; מיט אים זיינען מיטגעגאַנגען בוגדים־העלעניסטן, כדי צו ווייזן אים באַקוועמע וועגן איבער די בערג, וואו יהודה האָט זיך געפּונען. ווען די יידישע קעמפער האָבן צוערשט דערזען די גרויסע מחנה פּר־

נעם שונא נעבן בית חורון האָבן זיי אויסגעשריגן: „ווי וועלן מיר עס וואַגן צו קעמפן קעגן אַזאַ גרויסן חיל?” נאָר יהודה האָט זיי באַרואיקט און אויפגעמונטערט און זיי דערמאָנט אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָ צו פאַרטיידיקן — זייער לעבן, זייערע קינדער און זייער תורה. נאָך דעם איז ער שטורמיש באַפאַלן די סיריער און האָט זיי איינגאַנצן צעשלאָגן. אַכט הונדערט מאַן פון הערס חיל זיינען געבליבן אויפן שלאַכטפעלד און די איבעריקע זיינען אַנטלאָפן צו מערב־זייט אין לאַנד פון די פלשתים. יהודהס ערשטער פולשטענדיקער נצחון איבערן שטאַרקן שונא ביי בית חורון האָט פונאַנדערגעפלאַקערט אין די יידישע הערצער די האָפענונג, אַז דער אויפשטאַנד וועט זיך גליקלעך ענדיקן, און אַלע שכנישע פעלקער האָבן אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר דער העלדנקראַפט פון די מכבעער.

אַנטיוכסן האָט אין אָנהייב ווייניק וואָס געקימערט דער אויפשטאַנד אין יהודה, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז זיין חיל איז נאָך גענוג שטאַרק, אום צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין רעכטן אָנהייב; ווען אָבער ער האָט אָנגעהויבן באַקומען אָפטע ידיעות וועגן די מפלות פון זיינע חיל־אָפטיילונגען אין יהודה, און דערהערט וועגן דעם יידישן העלד יהודה המכבי, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין רעכנונג בנוגע צו דער יידישער קראַפט איז געווען איינגאַנצן פאַלש. שטורמיש־צעקאָכט און אויפגעברויזט האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף פון יידן איינגאַנצן; ער האָט אָבער דעם דאָזיקן פלאַן נישט געקענט באַלד אויספירן, ווייל אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ קליינעם גאַרניזאָן חיל, האָט ער געמוזט דינגען סאָלדאַטן. צו דעם צוועק האָט ער געדאַרפט האָבן געלט, און דאָס האָט אים גראָד געפעלט, ווייל זיינע ווילדע פאַרשווענדונגען און הוצאות האָבן ווייט איבערגעשטיגן די הכנסות; דערוואַרטן אויף די אָפצאָלונגען און מסים פון יהודה האָט ער שוין געוויס נישט געקענט. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען אַנדערע פאַרלעגנהייטן אויך: „שרעקנאַכריכטן זיינען אים אָנגעקומען פון מזרח און צפון”. ארזאַצעס, זיין סאַטראַפ פון אדום, האָט זיך אָפגעריסן פונעם סיריש־בבלישן מלך און באַפרייט דאָס פאָלק פון זיין יאָך; אַרטאַקסיאַס, דער מלך פון אַרמעניע, האָט זייער ווייניק אונטערטעניקייט אַרויסגעוויזן צו אַנטיוכסן און האָט זיך געפירט ווי אַן אומאָפּהענגיקער פירשט. די איינוואוינער פון אַראַדוס אין אַנדערע פעניצישע שטעט זיינען אים אויך ווייניק וואָס געהאָרכזאַם

געוועז; דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויף צו פאַרקלענערן זיינע הכ־נסות. כדי ווידער פול צו מאַכן זיין קאַסע, האָט ער געמוזט פירן מלחמות מיט די דאָזיקע פעלקער, און אום די דאָזיקע מלחמות צו פירן, האָט ער ווידער געמוזט געלט האָבן. אין אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע האָט זיך אַנט־יוכס געפונען.

אים האָט פונדעסטוועגן פאַרט זיך איינגעגעבן אָפּצושפאָרן וויפל עס איז געלט און דינגען חיל אויף איין יאָר. מיט אַ העלפט פון דעם דאָ־זיקן חיל האָט ער גערעכנט אַליין אַרויסצוטרעטן קעגן די פעלקער אויף יענער זייט פרת, וועלכע האָבן זיך פון אים אָפּגעריסן, און די אַנדערע העלפט האָט ער איבערגעלאָזן אונטער דער אָנפירונג פון איינעם פון דער קעניגלעכער פאַמיליע, ליזיאַס, וועלכן ער האָט איבערגעגעבן זיין יונגן זון צו דערציען. בנוגע ווידער צו דעם יידישן פאָלק האָט ער זיין פּלאַן איינגעאַנצן געענדערט. נישט צו העלעניזירן די יידישע מאַסע האָט ער איצט געשטרעבט — דאָס האָט שוין פאַר אים קיין רייץ נישט געהאַט. ער האָט דאַן פעסט באַשלאָסן, איינגאַנצן צו פאַרניכטן און צו פאַרטיליקן דאָס איבערגעבליבענע פון דער יידישער באַפעלקערונג. צו דעם צוועק האָט ער ליזיאַסן באַפוילן, אַרויסצוטרעטן מיטן חיל קעגן יהודהן, און צו פאַרניכטן יעדן שפור פון יידן, אויסצומעקן יעדן זכר פון דעם יידישן נאָ־מען און צו באַזעצן אינעם לאַנד אַנדערע פעלקער, דערביי איז כאַראַק־טעריסטיש דאָס, וואָס אינעם כלל פון דעם דאָזיקן פאַרניכטונגס־פּלאַן זיינען אַריינגעגאַנגען אויך די יידישע העלעניסטן.

באַלד ווי עס איז באַוואוסט געוואָרן דער דאָזיקער פּלאַן, איז אַרויפ־געפאַלן אַן אימה און אַ שרעק אויף אַלע יידן און איבערהויפּט אויף די, וועלכע האָבן געוואוינט צווישן פרעמדע פעלקער. קיינער האָט נישט גע־קענט גלויבן, אַז יהודהס קליין חיל וועט קענען זיך ווידערשטעלן קעגן אַזאַ מחנה קריגס־געלערנטן מיליטער, אונטער דער אָנפירונג פון אַזאַ באַוואוסטן פעלד־מאַרשאַל, ווי ליזיאַס. אין יעדן לאַנד און שטאָט, וואו עס איז אָנגעקומען דעם מלכס באַפעל, איז ביי די יידן אַרויסגערופן גע־וואָרן אַ גרויסער טרויער; מ׳האָט געפאַסט, געוויינט און געקלאָגט, מ׳האָט זיך אָנגעטון אין צעריסענע בגדים און זיך געוואַלגערט אין אַש. דערפאַר אָבער האָט דער דאָזיקער אומדערהערטער פּלאַן, צו פאַרניכטן דאָס גאַנצע פאָלק, מענער, פרויען און קינדער, — שטאַרק פאַרגרעסערט די צאָל פון

די פּאַטריאָטישע העלדן און קעמפער פאַרן פאָטערלאַנד. צו די מכבעער זיי־נען איצט צוגעשטאַנען אפילו יענע, וועלכע האָבן זיך נישט אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיטן יידנטום, ווייל זיי האָבן שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאט. כדי צו באַפעסטיקן און אונטערצוהאַלטן צווישן די קעמפער די הויכע שטימונג, האָט מען מחבר געווען אַן אייגנאַרטיקן ספר, וועלכער איז דערנאָך פאַרשפּרייט געוואָרן אינעם גאַנצן לאַנד; דאָס איז דער ספר דניאל. מחבר געווען איז דער ספר געוואָרן דורך די חסידים און איז געווען געווענדעט צו די, וועלכע זיינען געווען איבערצייגט אין גאָטס השגחה אויף דעם יידישן פאָלק און געקענט גלויבן אין זיינע נסים.

די פרומסטע און טייערסטע פון פאָלק האָבן דאָך אָנגעהויבן צווייפ־לען אין די חסדים, וואָס גאָט טוט מיט יידן, דען עס האָט זיך ניט באַ־וויזן קיין נביא, וועלכער זאָל פאָראויס זאָגן אַ סוף צו די אומגעהויערע צרות און אומגליקן. דער ספר דניאל האָט דעריבער געדאַרפט באַרואיקן די דאָזיקע גלויביקע און באַפרייען זיי פונעם שעדלעכן סקעפּטיציזם, אי־בערצייגנדיק זיי, אַז די נביאישע קראַפט איז נאָך ביי יידן נישט אויסגע־גאַנגען.

צו־ערשט ווערן אין דניאל געבראַכטביישפּילן פון רעליגיעזער שטייפ־קייט און זעלטענער מסירת־נפש בנוגע צו דער אמונה, און דערביי קומען די ביישפּילן פון אַזעלכע מענטשן וועלכע זיינען, לויט זייער דערציאונג, צוגעוואוינט געווען צו פרעמדע זיטן. אַזוי ווערט דאָרט גערעדט וועגן דניאלן, חנניהן, מישאלן און עזריהן, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אין כאַלדעאישן (כשדימשן) און פערסישן הויף.

אַזוי ווי ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די מלוכה, וועלכע שטיצט זיך אויף געצנדינעריי און געוואַלדטאַט קאָן נישט האָבן קיין קיום, זאָגט דער מחבר פון דניאל נביאות וועגן דער נאָענטער מפלה פון דער סירישער מלוכה. די נביאות ווערט, אמת, אַרויסגעזאָגט האַלב פאַרוויקלט, האַלב פאַרטונקלט, דאָך איז עס געווען גענוג פאַרשטענדלעך צו יענער צייט. די פערטע מלוכה אויף דער ערד — בבל, פּרס, און אלכסנדר מוקדון, וועלכע האָבן געהערשט איבער ארץ־ישראל, זיינען די ערשטע דריי — וואָס וועלן לעסטערן גאָט און שטרעבן זיינע הייליקע לייט צו פאַרניכטן און זיין פאָלק אָפּצורייסן פון זיינע געזעצן. די הייליקע לייט וועלן אפילו מוזן אים זיך אונטערגעבן איין צייט און צוויי צייטן און אַ האַלבע צייט

(אַ יאָר אין צוויי יאָר אין אַ האַלב יאָר). דאַן וועט די הערשאַפט איבערגיין צום הייליקן פאָלק אויף אייביק און אַלע מלכים וועלן עס לויבן. אין אַן אַנדער פאָרם ווערט דאָס זעלבע אויסגעדריקט אַזוי: די חוצפהדיקע סירישע מלוכה, דער קליינער האָרן פון דער פריערדיקער גרויסער פערסישער און מוקדונישער אימפעריע, וועט זיך פאַנאַנדערוואַקסן ווייט און ברייט קיין מזרח, מערב און צפון, וועט זיך ביזן הימל דערהויבן, וועט די שטערן אַראָפּשליידערן און מיט די פיס צעטרעטן; וועט זיך אויפהויבן איבער דעם באַשעפער פון די שטערן, וועט די טעגלעכע קרבנות שטערן און אין בית־המקדש אויפשטעלן אַ געץ. אויף דער פראַגע, ווי לאַנג וועט דאָס גע־דויערן ,ווי לאַנג וועט דער קרבן־תמיד זיין, ווי לאַנג וועט דער געץ געוועל־טיקן אין בית־המקדש, ווי לאַנג וועט דאָס הייליקטום ווערן געטראָטן? — ענטפערט די שטים פון דער נבואה: ביז אָוונט און פרימאָרגן 2300, דאַן וועט ענדלעך אויסגעלייזט ווערן דער בית המקדש.

דאָס רעטעניש־פולע ספר דניאל מיט זיין טיף־דורכגעדרונגענעם נבואה־טאָן, מיט זיינע טיף־רירנדיקע בילדער־פאַרבן איז זייער פיל געלעזן געוואָרן צווישן די חסידישע קרייזן. די מלאכים, וואָס פיגורירן אין ספר, די נסים, וואָס ווערן דאָרט דערציילט, דערצו די אַפּאָקאַליפּטישע פאָרם, אין וועלכער יעדער שטריך האָט זיך זיין כונה און דערצו אויך די באַדיי־טונג, וועלכע שפּיגלט אָפּ די לאַגע פון דער קעגנוואָרט, מאַכט נאָך דאָס הייליקע ווערק פיל שפּאַנענדער. די געהיימניספולע שפּראַך, האַלב העברע־איש און האַלב אַראַמיש (כאַלדעאיש), מאַכט נאָך גרעסער די ווירקונג. אין דער צייט, ווען די נביאים זיינען שוין פאַרשוואונדן געוואָרן, האָט דאָס פאַרפאָלגטע פאָלק געזען אין דעם דאָזיקן ספר אַ נייע געטלעכע דערשיי־נונג און געזוכט אין דעם צו געפינען אַ רמז אויף זיין דערלייזונג!...

דערווייל האָט זיך אַלץ נענטער אָנגערוקט די געפאַר איבער דעם יידישן לאַנד. ווען אנטיוכס איז אָוועק מיט אַ טייל חיל צום מזרח, האָט זיין שטעלפאַרטרעטער ליזיאָס באַשטימט ווי אַ שר־צבא תלמין און אַלס געהילפן ניקנור און גורגיאס. דעם לעצטן איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַ־פעל אָנצוהויבן די מלחמה קעגן יהודה; ער האָט געפירט זיין חיל — לויט דער מסורה אַ מאַן 40.000 אויסער רייטער —ביים ברעג פון ים גלייך צום צענטער פון דעם הייליקן לאַנד. די שומרונער און די פלישתימער, די אייביקע שונאים פון יהודה — זיינען אים געקומען צו הילף. ער איז אַזוי

זיכער געווען אין זיין נצחון, אַז ער האָט שוין פאַרופן פאַראויס אין זיין לאַגער די שקלאַפן־הענדלער מיט געלט און קייטן צו קויפן און צו בינדן די געפאַנגענע יידן. אין דער צייט, ווען דער פיינט פאַרקויפט שוין פאַראויס זייערע לייבער, קלייבן זיך די יידישע חילות צונויף אונטער דער פאָן פון יהודה המכבי, זייער צאָל גרייכט קוים צו זעקס טויזנט. איידער זיי צו פירן אויפן שלאַכט, האָט זייער גרויסער אָנפירער געוואָלט אָנפילן זיי מיט העלדנמוטיקער באַגייסטערונג; ער האָט דעריבער באַשטימט אַ פייער־לעכע פאַרזאַמלונג אין דער היסטאָרישער באַרג־שטאָט מצפה.

אַ מערקווירדיקע איבערחזרונג; מיט גיין דורות צוריק האָט דער נביא שמואל צונויפגערופן אַן ענלעכע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין דער זעל־ביקער שטאָט, ווען דעם פאָלק איז פאַרגעשטאַנען אַן ענלעכע געפאַר, ווען איבערן לאַנד איז געהאָנגען די שווערד פון פאַרניכטונג. יהודה האָט אויסגעוויילט מצפה, ווייל דאָס אָרט איז נאָך אַמאָל פאַרהייליקט געווען ביים פאָלק און ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, פאַר גדליהס צייטן, האָט די דאָזיקע שטאָט געדינט פאַר אַ צענטער פאַר די איבער־געבליבענע פון חורבן און פאַרטרייבונג, און דאָרטן איז אויך אויפגע־שטעלט געוואָרן אַ הייליקטום צום בעטן. יהודה המכבי האָט אין מצפה גערופן זיין חיל צו בעטן פאַר גאָט. אַ גרויסע פאָלקס־מאַסע פון די אָרו־מיקע שטעט האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט, כדי אָנטייל צו נעמען אין דער פייערלעכער תפלה פאַר דער ישועה פון לאַנד. זיי זיצן אַ גאַנצן טאָג אין אַ שטרענגען תענית, טוען זיך אָן אין טרויער־קליידער און פאַרגיסן ביטערע טרערן פאַר גאָט, ער זאָל זיך פון זיינע הויכע הימלען איבער זיין אומגליקלעכן פאָלק דערבאַרעמען און זיין אומגליקלעכן לאַנד שיקן אַ הילף. אַ ספר־תורה, וואָס איז פון בית־המקדש אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון אַנטיוכעסעס הענט און וועלכע דאָס חיל האָט מיט זיך גענומען ווי אַ פאָן פון קאַמף, ווערט פאַנאַנדערגעשפּרייט און געלייענט, און די פאַרזאַמלטע ווייבער, ווען זיי דערמאָנען זיך, אַז דער שונא וויל דאָס דאָזיקע הייליק־טום פון זייער הארץ אַרויסרייסן, כדי זיי צו מאַכן פאַר געצנדינער. ווען די דאָזיקע באַגייסטערנדע פאָרבערייטונגען זיינען געוואָרן געענדיקט, האָט יהודה זיך פאַרנומען מיט דער סטראַטעגישער איינאָרדענונג פון זיין חיל. ער צעטיילט עס אויף פיר טיילן און איבער יעדן טייל באַ־שטימט ער ווי אַן אָנפירער איינעם פון זיינע דריי איבעריקע ברידער.

לויט דעם געזעץ פון דער תורה הייסט יהודה אויסרופן צווישן חיל: ווער עס האָט נאָר וואָס חתונה געהאַט און מיט זיין פרוי זיך נאָך נישט אָנ־געפרייט, אָדער ווער עס האָט נאָר וואָס אַ הויז געבויט און עס נאָך נישט באַנייט, אָדער וועמען דאָס האַרץ שרעקט פאַר דער מלחמה, יענער זאָל די מחנה פאַרלאָזן און אַהיים קערן זיך! נאָכדעם טרעט ער מיט זיין חיל אַרויס קעגן דעם שונא אין עמאות, אייניקע שעה וועג פון מצפה. גיאורגיאס האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער פון אַ מאַן פינף־טויזנט פוסגייער און אַ מאַן טויזנט רייטער אויף דעם זעלביקן פלאַץ, ווייל דורך דעם דאָזיקן פונקט איז אים לייכטער געווען אריינצודרינגען אין יהודה און אויך אָנ־צופאַלן אויף דעם חיל פונעם מכבי. דער סירישער אַרמיי־אָנפירער האָט געמיינט צו באַפאַלן פלוצלינג ביינאַכט די יידישע מחנה. יהודה המכבי האָט אָבער זיך נישט געלאָזט פאַרנאַרן. ווי נאָר עס איז טונקל געוואָרן און די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט יהודה זיין חיל אריבערגעפירט איבער באַקאַנטע וועגן שטילערהייט און האָט זיך דעם פיינט געשטעלט אין רוקן. ווען גיאורגיאס איז געקומען אויף דעם אָרט, וואו דאָס יידישע חיל איז פריער געשטאַנען און האָט אים געפונען ליידיק, האָט ער גערעכנט, אַז יהודהס מחנה האָט זיך דערשראָקן פאַרן פיינט און איז אָפּגעטראָטן צו־ריק אין די בערג. האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און יאָגט אים כלומרשט נאָך. דערויף איז אָבער געווען אויסגערעכנט יהודהס פּלאַן. ער איז אָנ־געלאָפן די סיריער פון רוקן, איז אָנגעקומען ביז זייער לאַגער, האָט אים אונטערגעצונדן און איז זיי ווייטער נאָכגעלאָפן. נאָר ווען עס האָט אָנ־געהויבן טאָגן, האָט ערשט דאַן גיאורגיאס באַמערקט, אַז דעם פיינט, וועלכן ער האָט געדענקט צו זוכן אין די בערג, שטייט ביי אים פון הינטן און איז גאַנץ מונטער און דרייסט צו מלחמה גרייט. אַ גרויסער טייל פון זיין מחנה איז שוין אָבער געווען ווייט אַוועק, און אַזוי ווי ער איז געווען געצוואונגען שוין אַרויסצוטרעטן אין קאַמף, האָט ער נאָך גע־קאָנט באַפעלן אַ קליינע אָפּטיילונג זיך אָפּצושטעלן. דערווייל האָט יהודה אויך זיין חיל געבראַכט אין אָרדענונג און עס באַגייסטערט מיט הייסע ווערטער, צו קעמפן פאַרן פאָלק, פאַרן לאַנד, פאַר גאָט און פאַרן גלויבן. זיין יונגערער ברודער, שמעון, לייענט אויף גיך פאַר אייניקע באַגייס־טערנדע שטעלן פון דער תורה און גיט די סאָלדאַטן אַ פאַראַל, אויף צו דערקענען איינער דעם צווייטן — תשועת ד׳ (גאָטס הילף). דאָס יידישע

חיל האָט אַריבערגעשטיגן די קליינע אָפּטיילונג פון די סיריער סיי אין צאָל און סיי אין דער באַגייסטערונג, אַזוי אַז ער האָט אָפּגעהאַלטן איבערן פיינט אַ גיכן און גרינגען נצחון און גיאורגיאס מיט זיין מחנה האָט גע־מוזט אָפּטרעטן. יהודה האָט אָבער געוואָרנט זיין חיל נישט צו פאַר־נעמען זיך דערווייל מיטן רויב פון דעם באַזיגטן שונא, ווייל דער גרעס־טער טייל פון די סיריער, וועלכע זיינען אַוועק פאָראויס, זיינען נאָך נישט באַזיגט און זיי קענען יעדע ווייליע זיך אומקערן און דעם קאַמף באַנייען. און ווירקלעך, ווען די פאָראויסגייענדע סירישע מחנה האָט זיך אַרומ־געזען, אַז זייער קריגס־האַר מיט זיין אָפּטיילונג איז נישטאָ, האָבן זיי זיך אומגעקערט אים זוכן. יהודה האָט באַלד פאָרבערייטעט זיין חיל דעם פיינט צו באַגעגענען, נאָר צו אַ צווייטן צוזאַמענשטויס איז דאָס מאָל נישט געקומען. ווי נאָר די סירישע מחנה האָט צוריק־וועגס פון דער ווייטנס דערזען דעם רויך, וואָס איז אויפגעשטיגן פון זייער געוועזענעם לאַגער־פּלאַץ, האָט זי עס נישט געקאָנט באַגרייפן. אַן אומגעהויערע שרעק איז אויף זיי אָנגעפאַלן און אַזוי ווי זיי זיינען געווען אָפּגעשיידט פון זייער אָנפירער זיינען זיי זיך צעלאָפן אין אַלע עקן. „אַ גרויסע ישועה איז געשען אין יענעם טאָג". אין דער ווירקלעכקייט האָט דאָס געשלעג ביי עמאות געהאט אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג. ווי דער נצחון זאָל נישט האָבן געווען קליין, האָט ער דאָך אריינגעגעבן דעם יידישן חיל מוט און געוועקט אין זייער האַרץ דאָס געפיל פון צוטרוי צו די אייגענע כוחות. ס'איז אויפ־געהויבן געוואָרן די שווערד איבערן קאָפּ פון פיינט, וועלכער האָט דורות־לאַנג פאַרשקלאַפט דאָס פאָלק און באַהערשט דאָס לאַנד און וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אומבאַזיגבאַרן ריז אין דער באַציאונג צו דער קליינער, געדריקטער און געפּלאַגטער יהודה און אויב די האַנט וועלכע האָט צוערשט די שווערד איבער דעם אומבאַזיגבאַרן שונא אויפגעהויבן, האָט אין אָנהויב געציטערט, האָט זי דאָך געמוזט וואָס ווייטער אַלץ זי־כערער ווערן שוין דורך דעם אליין, וואָס אינעם באַוואוסטזיין איז זי ש ו י ן באַפרייט געוואָרן פון איר באַדריקער. מיט לויב און געזאַנג קערן זיך די גליקלעכע באַזיגער צוריק פון שלאַכט־פעלד צו זייער זאַמל־פּונקט קיין מודיעין און די הויכע בערג פון יהודה זיינען, נאָך אַ פיל־יאָריקן טרויעריקן שטום־זיין, פאַרהילכט געוואָרן פון אַ פריידיקן דונער־אויסברוך :

„הודו לד׳ כי טוב, כי לעולם חסדו !״

די באַזיגער האָבן נאָך אָבער זייער כלי־זין פון האַנט נישט געקאָנט אַרויסלאָזן. זיי זיינען געווען גאַנץ איבערצייגט, אַז ליזיאַס, וועלכער האָט פון זיין מלך באַקומען דעם באַפעל, גאַנץ יהודה צו פאַרטיליקן, וועט זיך נישט אָפזאָגן צוליב דער מפלה פון איינעם פון זיינע שרים, פון זיינע פּלענער; פאַרקערט, מען האָט געקענט דערוואַרטן, אַז דער דאָזיקער פאַר־ביסענער יידן־פיינט וועט נאָך פאַרגרעסערן די סירישע מחנה אין יהודה. זיי זיינען דעריבער געבליבן באַוואָפנט און קריגס־פאַרטיק, צו באַגעגענען צו יעדער צייט דעם שונא אין לאַנד. זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צו זען, ווי זייערע רייען וואַקסן אָן אויפהער און דערגרייכן שוין די צאָל פון אַ מאַן צען־טויזנט, און אויב די געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון „הייליקע מלחמות״, האָט די דאָזיקע מכבעער־מלחמה געוויס פאַרדינט דעם דאָזיקן נאָמען. אין אַ יאָר אַרום, ווען ליזיאַס איז אָנגעקומען מיט אַ געוואַלטיק גרויסן חיל קיין יהודה און פונדאַסניי אָנגעהויבן די מלחמה, האָט ער שוין דאָרט געטראָפן אַ שטאַרקע פאַרטיידיקונג, נאָך אַ פּיל שטאַנדהאַפ־טיקערע און מוטיקערע, ווי פריער. ער באַפעסטיקט זיין לאַגער אין בית־צור, אַ שעה פינף גאַנג פון ירושלים. יהודה המכבי גייט אים אָבער אַנט־קעגן מיט זיין צען־טויזנטיקער מחנה; עס צעפלאַקערט זיך אַ ביטערע מלחמה, און די העלדיש־שטורעמדיקע אַנטשלאָסנקייט פון די יידישע קעמ־פער האָט דורכאויס גובר געווען די קריגס־קונסט פון די סיריער. אָן מוט ציט ליזיאַס אָפּ פון יהודה. ער איבערצייגט זיך, אַז די יידן זיינען געווען צוגעגרייט נישט נאָר צום קאַמף, נאָר אויך צום אמתן טויט; קעגן אַזאַ באַגייסטערונג האָט ער זיך געפילט אינגאַנצן מאַכטלאָז; ער האָט אָבער געהאָפט, אַז אין גיכן וועט זיך אים ענדלעך דאָך איינגעבן צו מאַכן אַ סוף מיטן יידישן פאָלק, ווען ער וועט זיין אַרמיי גרעסער און פעסטער מאַכן. דערווייל איז אָבער יהודה צייטווייליק באַפרייט געוואָרן פון דעם סירישן יאָך און איינפלוס; נאָר אין אקרא האָבן נאָך די העלעניסטן מיט מענע־לאָסן אין דער שפּיץ זיך געהאַט פאַרפעסטיקט, וואַרשיינלעך מיט דער הילף פון אייניקע סורישע אָפּטיילונגען.

אַ דאַנק די צוויי אַנטשלאָסענע נצחונות ביי עמאוּת און בית־צור האָט זיך די לאַגע אין לאַנד פולשטענדיק געענדערט. די באַדראָענדע גע־פאַר איז פאַרביי, און מערקווירדיק : צייט די רדיפות אויף דער יידישער

אמונה האָבן זיך אָנגעהויבן און צייט דער בית־המקדש איז דורך די סיריער־פּאַראומרייניקט געוואָרן, זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַרום דריי און אַ האַלב יאָר, פּונקט ווי עס האָט פאָראויסגעזאָגט דער ספר דניאל. איצט האָט דאָס לאַנד אָנגעהויבן זיך צו באַרואיקן. דעם דאָזיקן גינסטיקן מאָמענט האָט אויסגענוצט דער מכבי און זיינע אָנהענגער זיך אַריבערצוציען קיין ירושלים, כדי די הייליקע שטעט צו באַנייען. דאָס אויסערלעכע אויסזען פון דער הויפּטשטאָט האָט געמאַכט אַ האַרצרייסנדן איינדרוק אויף אירע זין, וועלכע האָבן נאָר וואָס זייער בלוט פאַרגאָסן פאַר איר הילף און רעטונג. זי איז ענלעך געווען צו אַ מדבר, אין וועלכן ווילדע חיות האָבן נאָר וואָס זייער ווילדן רויב־שפּיל געענדיקט. באַזונדערס פאַרוויסט איז געווען דער בית המקדש. דער אולם איז געווען פאַרברענט, די עזרות — צעשטערט, אומעטום — געצן־אַלטאַרן און ביי יעדן אַלטאַר — דאָס בילד פון גריכישן גאָט צעאוס און די געשטאַלט פון דעם פּרעכן אַנטיוכוס. די העלדישע פאָלקס־קעמפער האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט איבערגעבן די טרויער געפילן און די עגמת־נפשן; זיי האָבן געמוזט וואָס שנעלער זיך נעמען צו דער באַוואָפענונגס־אַרבעט, כדי זיי זאָלן נישט געשטערט ווערן פלוצלינג דורך די אינערלעכע און אויסערלעכע פיינט. ערשטנס, האָבן זיי צעשמעטערט די צעאוס־בילדער ,צעבראָכן די אַלטאַרן און דאָס אַלץ, ווי אויך אַלע איבעריקע אומרייניקייטן, אַרויסגעשליידערט פון דעם בית־המקדש־הויף צוזאַמען דערמיט האָבן זיי אָבער אויך צעשטערט דעם מזבח און אייגעזען, אַז נאָך די אַלע אומווירדיקייטן, וואָס זיינען אויף אים געוואָרן אויסגעפירט דורך די סיריער און העלעניסטן, איז ער שוין מער נישט ראוי צו קיין הייליקע עבודות. עס ווערט אויפגעשטעלט אַ נייער מזבח, אויפגעבויט אַ נייער אולם און עס ווערן אריינגעבראַכט נייע בית־המקדש־כלים. אין אַ משך פון דריי וואָכן ווערט די דאָזיקע אַרבעט פאַר־טיק און אין פרימאָרגן פון דעם פינף־און־צוואַנציקסטן כסליו (166) ווערט געפייערט די באַנייאונג (חנוכה) פון בית־המקדש מיט קרבנות און תפילות. אַזוי התפעלותדיק און אַזוי טיף איניק זיינען נישט געווען די פאַריקע בית־המקדש־באַנייאונגען. די אָנוועזנדע זיינען באַגייסטערט געווען פון די ריינסטע, דערהויבנסטע געפילן; דער טיפער טרויער און די ביטערע ליידן, וואָס האָבן געפּרעסט דאָס האַרץ פון פאָלק די לעצטע יאָרן זיינען פאַר־שוואונדן געוואָרן ;עס האָט אויפגעלעבט די האָפענונג אויף אַ גליקלעכער

צוקונפט. דער „חנוכת־הבית" פון בית־המקדש איז דורכן פאָלק באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נצחון פון יידנטום איבערן העלעניזם, ווי אַ נצחון פון דעם יידישן גאָט איבער די גריכישע אָפּגעטער. די באַנייאונג האָט געדויערט גאַנצע אַכט טעג, די לויים האָבן כאָרן־ווייז געזונגען דאַנק־ און לויב־געזאַנגען און תהילים־קאַפּיטלען. די לעצטע ישועה האָט זיי געגעבן שטאָף צו פּאָעטישע שאַפונגען. דאָס גאַנצע פאָלק פון אַלע שטעט אין יהודה האָבן זיך באַטייליקט אי דער דאַזיקער פייערונג און, ווי ס'ווייזט אויס, האָבן די איינוואוינער פון ירושלים אין די טעג אַנגעצונדן פייערן פאַר דער טיר פון הויז ווי סימבאָלישע צייכנס פון דער אויפלעבונג פון דער היילי־קער תורה, וועלכע איז געגליכן צו ליכט. די חשמונאים מיט די איבער־געבליבענע מיטגלידער פון דער כנסת־הגדולה האָבן עס דאַן באַשטימט ווי אַ געזעץ פאַר זייערע ברידער אויף אייביק; די אַכט טעג פון 25־טן כסליו אָן מוזן אָפּגעהיט ווערן יאָר־יערלעך, אַלס אַ יום־טוב; יעדערער ייד איז מחויב אין יענע טעג צו זינגען לויב־געזאַנגען פאַר גאָט צום אָנ־דענקען פון דער באַנייאונג, און די אָוונטן אילומינירן מיט ליכט. שוין הע־כער צוויי טויזנט יאָר ווערט דער מנהג ביי יידן אָפּגעהיט און יעדעס מאָל וועקט ער אין האַרצן ביי יעדן מיטגליד פון פאָלק אַלטע דעראינערונ־גען און נייע האָפענונגען !...

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלטע אָרדענונג אין בית־המקדש איז פונדאָס־ניי געוואָרן אויפגעשטעלט, די כהנים און די לויים האָבן פונדאָסניי פאַר־נומען זייערע אַמטן. נאָר יענע בני־אהרן, וועלכע האָבן זיך, אונטער דעם איינפלוס פון העלעניזם באַטייליקט אינעם געצנדינסט, זיינען געוואָרן באַזייטיקט פונעם בית־המקדש און פון אַלץ, וואָס איז מיט אים פאַרבונדן. אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען די ריייניקונג פון בית־המקדש, האָט יהודה המכבי, נישט פאַנאַנדערלאָזנדיק זיין חיל, אַרויפגעלייגט אויף אים די אַרבעט פון באַוואַכן די שטאָט כדי צו פאַרהיטן איר פון אַן אָנפאַל, און ווי נאָר די באַנייאונג האָט זיך געענדיקט, האָט ער אַרומגעמויערט דעם בית־המקדש־באַרג מיט אַ הויכער מויער און אים אַרומגעצוימט מיט פיל טורעמס. ווייל ער האָט פאַראויסגעזען, אַז דאָס פאָלק וועט נאָך מוזן אויסשטיין פיל מלחמות, ביז וואַנען עס וועט זיך דערוואַרבן די ווירקלעכע פרייהייט, זאָרגט ער אָן אויפהער פאַר דער באַשיצונג פונעם לאַנד, בויט פעסטונגען, פאַרשטאַרקט די וואַך אא"וו. די שטאָט בית־צור, וואו ליזיאַס

האָט געמיינט זיך אײנצואָרדענען דעם לעצטן מאָל מיט זיין לאַגער, האָט יהודה אויך געלאָזן באַפעסטיקן, און ענדלעך איז דער פלאַץ געוואָרן אַ וויכטיקער פאַרטיידיקונגס־פונקט קעגן די אדומער.

דער נצחון פון די יידישע פרייהייטס־קעמפער קעגן די גוט־באַוואָפנטע און אויסגעריכטעטע סיריער האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קנאה ביי די אַרומיקע פעלקער און פאַרשטאַרקט די פיינטשאַפט צו יידן. זיי הויבן אָן צו פאַרפאָלגן די יידישע איינוואוינער, וואָס האָב זיך שוין פון לאַנג־אָן באַזעצט אין די פרעמדע לענדער פון דער אומגעגנט. די פלשתימער אין דרום־מערב, די פעניציער אין צפון־מערב, די עמונער פון יענער־זייט ירדן, די סיריער און מוקדוניער איז דער גאַנצער שכונה — אַלע זיינען געוואָרן גלייך דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרביסענער שנאה צום יידישן פאָלק; מער פון אַלע האָבן אָבער זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט די אדומער. די רו פון פאַלעסטינע האָט געפאָדערט איינצושטילן די דאָזיקע פיינטלעכע שכנים. יהודה המכבי האָט אונטערגענומען אַ קריגס־צוג קעגן די בני־עשו, האָט אָפּגעהאַלטן איבער זיי אַ גלענצנדן נצחון און פאַרנומען ביי זיי אַ שטיק לאַנד. גיך און ראַשיק באַפאַלט ער נאַכהער די עמונער פון איבערן ירדן ,וועלכע האָבן געהאט ווי אַן אָנפירער דעם באַרימטן טימאָטעאוס, אַן עקשנותדיקן און אומדערמידלעכן יידן־פיינט. מיט זיינע גלענצנד־געלונגענע קריגס־צוגן האָט יהודה פאַרזיכערט די לאַגע פון די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די דאָזיקע געגנטן און אויף די יידישע שונאים האָט ער אָנגעוואָרפן אַ שרעק און זיי געצוואונגען צו אַכטן די יידישע ק ר אַ פ ט אויב זיי האָבן ביז איצט נישט געוואוסט צו אַכטן דעם יידישן ג יי ס ט . . .

ווען דאָס יידישע חיל האָט זיך אָבער צוריקגעקערט קיין ירושלים, האָט אים דאָרט באַגעגנט פונדאָסניי אַ טרויערדיקע ידיעה, אַ ידיעה וועגן נייע יידישע פאַרפאָלגונגען. פון גלעד און בשן האָבן די יידן געשיקט שלוחים צו יהודה המכבי מיט יאָמערלעכע בקשות, זיי צו ראַטעווען, ווייל די אָרטיקע געצנדינער האָבן זיך פאַרזאַמלט און באַשלאָסן, זיי צו פאַרטיליקן. שוין טויזנט מאַן האָבן זיי אויסגעקוילעט און קינדער און פרויען אין קנעכטשאַפט פאַרקויפט. אומגעזאַמט קומען אָן אַזעלכע בקשות אויך פון גליל — דאָרטן געפינען זיך אויך די יידן אין גרויס געפאַר, אומעטום איז נויטיק די גיכסטע הילף, אומעטום מוז געשיקט ווערן רע־

שונג. יהודה המכבי טיילט זיין חיל אויף אייניקע טיילן: איין טייל גיט ער איבער זיין ברודער פון גליל; די איבעריקע צוויי טיילן נעמט ער צו־זאַמען מיט זיין ברודער יהונתן, מיט וועלכן ער קומט גיך אָן קיין גלעד און בשן; אויף די איבעריקע אָפּטיילונגען באַשטימט ער צוויי אָנפירער, וועלכע מוזן בלייבן אין לאַנד, צו באַוואַכן די מערב־גרענעצן פון יהודה קעגן די אָנפאַלן פון די פלשתימער. שמעון דערפילט זיין שליחות שנעל און גליקלעך. די פיינטלעכע חילות, וועלכע באַגעגענען אים פון פאַרשי־דענע זייטן, ווערן דורך אים פולשטענדיק צעשלאָגן, פאַריאָגט און צוריק־געשטויסן ביז די האַפן־שטעט. שמעון באַפרייט די גאַנצע גליל־געגנט און די יידישע איינוואוינער פון דאָרטן רעדט ער צו זיך איבער־צוציען אין צענטער פון פּאַלעסטינע, כדי דאָס לאַנד זאָל ווערן שטאַרקער, באַ־פעלקערטער און באַפעסטיקטער. אַ פיל שווערערן קאַמף איז אויסגעקומען צו פירן זיין ברודער יהודהן; אין גלעד און אין בשן זיינען געווען פעסטע, אויף בערג געבויטע און גוט געשיצטע פיינטלעכע שלעסער און יהודה האָט זיי געמוזט נעמען מיטן שטורעם. אויפן וועג האָבן אים יעדעס מאָל באַגעגנט גרויסע פיינטלעכע מחנות, וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון דעם זעלביקן יידן־פיינט טימאָטעאוס. יהודהן האָט זיך אָבער דער קאַמף דאָך איינגעגעבן: ער פאַרנעמט דעם גרעסטן טייל פון דעם שונאס פעסטונגען, צעשטערט זיינע מויערן, מאַכט די איינוואוינער אומשעדלעך און באַפרייט פון דאָרטן די יידן, וועלכע ער פירט איבערן ירדן קיין יהודה. אַרום שבועות צייט קומט ער אָן מיט זיין חיל און מיט די אַרויסגעראַטע־וועטע יידן צוריק קיין ירושלים (164). פון אַלע שטעט אין יהודה קומט דאָס פאָלק באַגריסן די זיגער און דעם יום־טוב צו פייערן מיט פרייד און דאַנק־געזאַנגען, נייע לויב־הימנען פאַרהילכן דעם באַנייטן בית־המקדש!

אינצווישן צייט, וואָס יהודהס שווערד האָט געהאַלטן אין איין אויפטון וואונדער אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט דער קעניגלעכער הויף פון סיריע גאָרנישט געפּראוווט אים צו מאַכן וועלכע ס׳איז שטערונגען. האָט די סירישער געפעלט חיל? האָבן זיי געליטן פון מאַנגל אין געלט־מיטלען? און אפשר זיינען דערביי געווען אַנדערע פּאָליטישע אורזאַכן? עס ווערט אָנגעוויזן, אַז אין הויף האָט באַקומען אַ גרויסע ווירקונג איינער אַ מאַן פון אַן ערלעכן געוויסן מיטן נאָמען תלמי מרקון, וועלכער זאָל האָבן געוועזן קעגן די יידן־פאַרפאָלגונגען און וועלכער האָט געשטיצט די

פרייהייט פון דער יידישער רעליגיע. דערווייל איז אנטיוכס געוואָרן שטערבלעך־קראַנק, געלאָזט נאָך זיך דעם מינדעריעריקן טראָנפאָלגער אויפטער, און האָט באַשטימט פאַר אַ רעגענט זיין פאַרטרויטן פיליפוס; ליזיאַסן, וועלכער איז געווען דעם מלכס רעכטע האַנט אין דער רעגירונג, האָט די זאַך פאַרדראָסן און נאָך אַנטיוכסעס טויט — די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער משוגע געווען — הייבן זיך אָן אין הויף שטאַרקע אינטריגעס.

צוליב די דאָזיקע אינערלעכע קריגערייען האָט מען אין סיריע כמעט ווי פאַרגעסן אין גאַנצן אין פּאַלעסטינע.

אויב אָבער פּאַלעסטינע איז געווען רואיק פון די אויסערלעכע מלחמות, האָט זיך נישט געענדערט די אינערלעכע לאַגע אין לאַנד. יאָן ירושלים זיינען געווען צוויי פאַרפעסטיקטע פלעצער, וואו די פיינטלעכע פאַר־טייען פלעגן זיך אַרומרייסן. אין אקרא האָבן נאָך ווי פריער געהערשט די העלעניסטן מיט זייער כהן־גדול מענעלאוס, וועלכע האָבן פאַרגעזעצט זייערע פיינטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן די נאַציאָנאַליסטן, קעגן די חסידים און קעגן דעם באַנייטן בית־המקדש. יהודה המכבי האָט באַשלאָסן איינגאַנצן צו פאַרניכטן דעם אינערלעכן שונא. ער טרעט דעריבער אַרויס מיט זיין חיל קעגן אקרא, בויט אויף וואַלן, שטעלט אויף שליידער־מאַשינען, און נעמט זיך די העלעניסטישע פעסטונג צו צעשטורעמען. ווען די הע־לעניסטן האָבן זיך געפילט שוואַך קעגן יהודהס אָנגריף, האָבן זיי געשיקט שלוחים קיין סיריע צו בעטן ביי אויפטערן הילף. זיי דערקלערן דעם קעניג אָדער זיין רעגענט, אַז אויב אקר"א וועט איבערגיין אין די הענט פון די חשמונאים, פאַרלירט סיריע אינגאַנצן איר השפעה אין פּאַלעסטינע; זיי האָבן אַלזאָ געפאָדערט, אַז דער מלך זאָל שיקן חיל קיין פּאַלעסטינע און מיט געוועהר אויפשטעלן די העלעניסטישע ווירקונג אין לאַנד. די פריד־לעכע שטימע פון תלמי מרקון, וועלכער האָט געפּרוווט פאַרטיידיקן די אינערלעכע זעלבסטשטענדיקייט פון דעם יידישן פאָלק, האָט מער קיין איינדרוק נישט געמאַכט, און ווידער האָט זיך פאַנאַנדערגעגלאַקערט אַ פייערדיק־בלוטיקע מלחמה. גראָד איז יענער מאָמענט געווען נישט קיין גינסטיקער פאַרן יידישן פאָלק. עס איז געווען דאָן דאָס שמיטה־יאָר, ווען דאָס לאַנד איז נישט געאַקערט און נישט געזייט געוואָרן. די באַפעלקערונג האָט זיך נאָר דערנערט מיט די פּרוכט פון די ביימער און מיט די גריבסן

פון די לאַנקעס ,וואָס די ערד גיט פון זיך אַרויס. עס איז אַלזאָ אומעגלעך געווען צו מאַכן די געהעריקע זאַמלונגען פון תבואה און נאַרונגס־מיטלען פאַרן חיל און פאַר די פעסטונגען.

ליזיאַס איז אַרויסגעטראָטן (162) אין באַגלייטונג פון דעם טראַנפּאַל־גער אופּטער מיט אַ גרויס און שטאַרק חיל און אויך מיט עלעפאַנטן קעגן יהודה און האָט געשטרעבט צו גיין מיט דעם וועג קיין דרום, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז דורך יענער זייט וועט אים לייכטער זיין אין לאַנד אריינצו־דרינגען. דער מכבי האָט נאָר געקאָנט אַרויסשטעלן קעגן אים אייניקע טויזנט סאָלדאַטן אויפן שלאַכטפעלד, ווייל ער האָט געמוזט איבערלאָזן אַ געוויסן טייל פון זיין חיל צו פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט, דעם בית־המקדש, די פעסטונגען און אויך בית־צור. די לעצטע האָבן פאַרשאַפט דעם פיינט פיל שוועריקייטן אין זיינע באַוועגונגען. דער גאַרניזאָן, וואָס האָט באַשיצט דעם דאָזיקן פונקט, האָט געקעמפט מיט גרויסער מסירות־נפש, געמאַכט אָפטע אַרויסטרעטונגען און פאַרדאָרבן דעם פיינטס שטורעם־מאַשינעס. דאָך האָט בית־צור לאַנג זיך נישט געקענט האַלטן קעגן דעם שונא, ווייל אין שטאָט גופא האָט פאַרפעלט שפייז און די געהיימע וועגן, דורך וועלכע עס פלעגט צוגעפירט ווערן פּראָוויאַנט פאַרן גאַרניזאָן, זיי־נען דורך ליזיאַסן פאַרכאַפּט געוואָרן, נאָך דעם ווי איינער אַ פאַרעטער פון דעם יידישן לאַגער האָט אים אַנטדעקט דעם סוד. דער גאַרניזאָן איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן די פעסטונג. ליזיאַס האָט זיך שוין גע־גרייט צו גיין גלייך אויף ירושלים. יהודה המכבי איז נאָר געבליבן מיט זיין טייל חיל צו באַגעגענען דעם פיינט. אין בית־זכריה, נישט ווייט פון בית־צור, האָבן די יידן פונדאָסניי געהאָט די געלעגנהייט אַרויסצוואווייזן זייער העלדנמוט .אלעזר, איינער פון דעם מכבים ברידער, ווען ער האָט געזען אויף אַ העלפאַנט איינעם פון די אויסגעפּוצטע סירישע שרים, האָט גע־מיינט, אַז דאָס רייט דער מלך אליין, איז ער אונטער דעם העלפאַנט אַרונטערגעקראָכן און אים דערשטאָכן, אלעזר אליין איז דערשטיקט גע־וואָרן אונטער דער שווערער משא פון דער געפאַלענער חיה. אָנך האָט די גרויסע מאַסע פון סירישן חיל גובר געווען דאָס קליינע הייפל פאַרבי־טערטע פרייהייטס־קעמפער .יהודה המכבי טרעט אָפּ און ציט זיך צוריק קיין ירושלים. ליזיאַס יאָגט אים נאָך. ער איז שוין אַריינגעדרינגען אין דער הויפּטשטאָט, יהודה פאַרטיידיקט מיט העלדנמוט דעם בית־המקדש,

וועלכן ליזיאַס באַלאַגערט, די באַלאַגערונג געדויערט זייער לאַנג. אין בית־המקדש האָט דערווייל אָנגעהויבן צו פאַרפעלן שפּייז; דאָס שמיטה־יאָר געדויערט נאָך און דאָס חיל גייט אויס פון הונגער. אייניציקווייז פאַרלאָזן די קעמפער, פאַרדאַרטע און פאַרשמאַכטע, זייער פּלאַץ. נאָר יהודה המכבּי מיט זיינע ברידער און אַ קליינע צאָל איבערצייגטע אָנהענגער, אַנערקענען נישט ניט דעם פיינט און נישט דעם הונגער. זיי שטרייטן אָן אויפהער און באַקעמפן דעם פיינט. דאָך ווערט זייער לאַגע פון מינוט אומדערטרעגלעכער. נישט קיין לעבעדיקע מענטשן פון פלייש און בלוט, נאָר שאָטנס, באַגייסטערטע פון פרומקייט און פאָלקס־ליבע, שטייען ביים טויער פון בית־המקדש. וואָלט עס דען געקאָנט לאַנג געדויערן? פּלוצלינג איז אָבער געשען אַ וואונדער.

יענער פיליפּוס וועלכן דער פאַרשטאָרבענער אנטיוכס האָט באַשטימט ווי אַ רעגענט און ביי וועלכן דער פאַלשער ליזיאַס האָט אָפּגענומען די מאַכט, האָט אין פּרס און מדי פאַרזאַמלט חיל און איז געגאַנגען אויף אנטיוכיא, די הויפּט־שטאָט פון סיריע, כדי אַרויסצורייסן ביי זיין קעגנער די ממשלה פון די הענט. ווי נאָר ליזיאַס האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער געצוואונגען געווען אַרויסצופירן זיין חיל פון ירושלים, כדי אים צו פירן קעגן פיליפּוסן. ער רעדט איין דעם יונגן מלך מיט די ייד'ן צו שליסן שלום. יהודה איז אָבער איינגעגאנגען מיטן פיינט צו מאַכן שלום נאָר אונטער אַ באַדינג, אז די יידישע גלויבנס־פרייהייט זאָל בשום אופן מער נישט ווערן באַשרענקט. אַזוי האָט זיך די דאָזיקע מלחמה געענדיקט צום גונסטן פון די יידישע פרייהייטס־קעמפער. זייער דערפאָלג איז געווען אַ צווייפאַכיקער: ערשטנס, איז די יידישע רעליגיע באַפרייט געוואָר'ן פון דער פרעמדער באַדריקונג; צווייטנס, האָט דער סירישער הויף אָפּגעטון זיין שיצנדע האַנט פון די העלעניסטן, און זיי האָבן דאָך געמוזט פאַרלאָזן ענדלעך זייער פעסטונג אקרא. מענעלאוס, וועלכער האָט פאַרשאַפט דעם יידישן פאָלק אַזוי פיל ליידן, ווערט דורך ליזיאסן גופא אנערקענט פאַר אַ פאַרדאָרבענעם מענטשן, און נאָכדעם ווי ער האָט פאַרשוועכט צען יאָר די כהונה־גדולה מיט זיינע מעשים, האָט ער באַקומען דורך דעם סירישן חיל־אָנפירער זיין טויט־שטראָף.

נאָך דעם פרידנס־אָפּמאַך צווישן דעם סירישן הויף און דעם יידישן פאָלק, נאָך דעם ווי אין לאַנד איז ווידער רואיק און די אָרדנונג פונדאָסניי

געוואָרן אויפגעשטעלט, האָט געמוזט ווידער ווערן געוויילט אַ כהן־גדול, וועלכער זאָל זיין דער פאַרטרעטער פון פאָלק און באַפולמעכטיקטער פון לאַנד. און ווער איז געווען מער פּאַסנד פאַר דעם הייליקן פּאָסטן און פאַר דער ממשלה פון יהודה המכבי ? ער באַטרעט טאַקע די דאָזיקע שטעל און נוצט איר אויס פאַר דעם גליק פון זיין געליבטן פאָלק און צום גונסטן פון זיין הייליקן גלויבן.

אין דער דאָזיקער שלום־צייט האָבן די קעמפער געקאָנט אָוועקלייגן פון האַנט די שווערד און זיך פאַרנעמען מיט פרידלעכער אַרבעט. דער לאַנד־באַזיצער האָט באַאַרבעט זיין פעלד, די געלערנטע האָבן געלערנט תורה, די טיפע וואונדן פון דער נאָענטסטער פאַרגאַנגענהייט האָבן שוין אָנגעהויבן זיך צו פאַרהיילן און מיט אַ פרישער הויט באַצויגן צו ווערן, די רואיקייט איז אָבער נישט געווען קיין דויערהאַפטע. צוליב די פריער־דיקע פאַרטיי־סכסוכים זיינען די גייסטער נאָך צו אויפגערעגט געווען, כדי צו פאַרדעקן מיט אַ שלייער די נאָענטע פאַרגאַנגענהייט. אין ירושלים האָבן זיך נאָך געפונען אָפענע אָדער געהיימע העלעניסטן, וועלכע האָבן אין האַרצן געטראָגן אַ שנאה צו יהודה המכבי און צו זיינע אָנהענגער. די זעלביקע האָבן אויסגענוצט יעדע גינסטיקע פּאָליטישע געלעגנהייט, כדי נקמה צו נעמען פון זייער קעגנער. גראָד איז צו יענער צייט פאָרגע־קומען אַ גרויסע ענדערונג אין סירישן הויף. דער פּרינץ דימיטריוס, דער פּרעטענדענט אויפן טראָן, האָט פאַרכאַפּט די ממשלה און אופּטערן, ווי־אויך ליזיאַסן, באַזייטיקט פון דער רעגירונג. די העלעניסטן האָבן פאַר־מסרט יהודה המכבין מיט זיינע אָנהענגער פאַרן נייעם מלך. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע מוסרים איז געשטאַנען דער כהן אליקום אָדער אַלקימאַס, פון וועלכן ס׳איז באַוואוסט נאָר דאָס, אַז ער איז געווען דעם באַרימטן יוסי בן יועזרס פלעמעניק; אַלקימאַס איז געווען באַזונדערס אויפגעבראַכט אויף יהודה המכבי דערפאַר, וואָס יענער האָט אים באַ־זייטיקט פון בית־המקדש צוליב זיין געצנדינערישער פאַרגאַנגענהייט אין מענעלאַסעס צייט. מיט פאַרשידענע גאָלדענע מתנות האָט ער זיך אויס־געטראָטן אַ וועג צום מלך, און דאָס האָט ער אויסגענוצט, אויף צו פאַרמסרן יהודה המכבי מיט די חסידים. איבערהויפּט איז די מסירה גע־ווענדעט געווען קעגן דעם ערשטן, און ער מיט זיינע חברים האָבן איינ־געשמועסט דעם קעניג, אַז כל זמן די חשמונאים לעבן וועט קיין רו אין

לאַנד גישט זיין. דימיטריוס איז פון דער מסירה געווען שטאַרק צופרידן: דאָס האָט אים געגעבן אַן אויסרייד פון דאַסניי אונטערצעוואָרפן אונטער דער מאַכט פון סיריע דאָס קליינע האַלב־באַפרייטע מדינהלע. ער האָט אָבער גישט געוואָלט אָנהייבן די אונטערדריקונג פון פאַלעסטינע מיט די זעלביקע מיטלען, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט זיינע פאָרגייער, די פריערדיקע הערשער פון אַנטיוכיע. ער האָט נישט געוואָלט אָפן באַ־שרענקן די יידישע רעליגיע פרייהייט; לכתחלה האָט ער נאָר געוואָלט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אנערקענען דעם כהן־גדול, וועלכן ער וועט באַשטימען און וועלכער דאַרף אין דער זעלבער צייט זיין אויך דער פאָרטרעטער פון לאַנד. דאָס האָט דעם פאָלק גדעראָפט שטענדיק דער־מאָנען אין זיין אָפהענגיקייט. כדי צו פאָרהיטן וועלכן עס איז ווידער־שטאַנד, שיקט ער קיין ירושלים זיין ווילדן גענעראַל באַקכידוס מיט אַ גרויסן חיל. דער זעלביקער איז אָנגעקומען אין דער יידישער הויפט־שטאָט מיט פרידן אויף די ליפּן, אָבער יהודה, מיט זיינע ברידער און טרייע אָנהענגער האָבן זיך נישט געלאָזט פאָרפירן. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז באַקכידוס זוכט זייער טויט און זיי האָבן זיך באַציי־טנס געראַטעוועט, פאַרלאָזנדיק ירושלים. די חסידים, ווייטער, וואָס האָבן נישט געהאַט אין האַרצן קיין שום חשד, האָבן זיך געלאָזט איינריידן. זיי האָבן געגלויבט אלקימאסן, וועלכער שטאַמט פון אהרן הכהנען. אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון אָנגעזעענע סופרים, אפשר אויך דער גאַנצער קאָרפּוס פון דער באַנייטער כנסת־הגדולה גיבן זיך אונטער אַלקימאָסן, און באַקכידוסן דריקן זיי אויס זייער צוטרוי און בעטן, צו זאָרגן פאַר דער רואיקייט פונעם לאַנד, און אַן ענדע מאַכן צו די געוואַלטטאַטן, דער נייער כהן־גדול פון זיין זייט פאַרזיכערט, אַז דאָס זעלבע איז אויך זיין ציל און זיין שטרעבונג, דאָס לאַנד צו באַרואיקן און אויפצושטעלן די אָרדענונג. ער זוכט נאָר דאָס גליק פון זיין פאָלק און זיין וואויל־שטאַנד, דערויף גיט ער אויך אַ שבועה אין בית־המקדש. ווי נאָר אָבער ער האָט באַקומען די הערשאַפט איבערן בית־המקדש און איבער דער שטאָט ירושלים, האָט ער באַלד אין איין טאָג געלאָזט אויסקוילן זעכ־ציק חסידים פון דער כנסת־הגדולה, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען זיין פעטער יוסי בן־יועזר. דער דאָזיקער שענדלעכער טאָט צו־זאַמען מיט דער שבועה־פאַלשונג האָט באַלד אויפגעבראַכט דאָס גאַנצע

לאַנד קעגן דעם מערדערישן כהן־גדול און דאָס פאָלק האָט אויפגעהויבן זיינע פּאַרוויינטע אויגן ווידער צו די מכבייער. אַ סך פון יענע, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען אין אַלקימאָסעס פּאַרטיי, פאַרלאָזן אים אויף דאָס ניי און לויפן צו די חשמונאים קיין מודיעין.

ווען באַקכידוס האָט נישט ווייט פון ירושלים אַרומגעריגגלט אַ גרופּע אַלקימאָסעס קעגנער און זיי געטויט, האָט זיך אין לאַנד פון דאָס ניי פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער בירגער־קריג. עלטערע לייט און יונ־גערע מענטשן, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען געווען מיט ליבע צום פאָלק און לאַנד, מיט טרייהייט צו דער אמונה און אַ שטרעבונג צו פרייהייט, האָבן זיך ווי פריער, צונויפגעקליבן אַרום די חשמונאים־ברידער. נאָך אַלקימאָסן, ווייטער, זיינען נאָכגעגאַנגען די אַלע זינדיקע און פאַר־דאָרבענע. אַזוי שטייען ווידער אַמאָל צוויי פיינטלעכע פּאַרטייען קעגן אַן אַנדער. אין אָנפאַנג איז די העלעניסטישע פּאַרטיי געווען שטאַרקער. האָט זי דאָך געהאַט צו הילף דאָס סירישע חיל! מיט דעם זעלביקן האָט אַלקימאָס אַרומגערייזט דאָס לאַנד און געצוואונגען די איינוואוי־נער געהאָרכזאַם צו זיין דימיטריוסן און אים, אַלקימאָסן, צו אנערקענען ווי אַ כהן גדול. אומעטום און אָן אויפהער וואַקסט אָבער די אויטאָריטעט פון יהודה המכבי; ער באַנייט דעם קאַמף קעגן די העלעניסטן, באַ־שטראָפט די פאַרעטער און וואַרפט אָן אויף זיינע קעגנער אַזאַ אימה, אַז די אנהענגער פון אַלקימאָסן קענען זיך עפנטלעך אין דער פּראָווינץ מער נישט ווייזן, זיי בלייבן באַגרענעצט נאָר אין ירושלים. אַלקימאָס האָט אויך אַזוי ווי זיין פאָרגייער מענעלאוס, געשטיצט זיין מאַכט נישט אויף דער ליבע פון פאָלק, נאָר אויף דער סירישער אַרמיי. ער קומט פון דאָס ניי קיין אַנטיוכיע מיט נייע מסירות אויף יהודה המכבי און זיינע פּאַרטיי־לייט, און באַגעגנט שטענדיק די געהעריקע אויפמערק־זאַמקייט.

מיט די יידישע מורדים האָט דימיטריוס געהאַפּט גיך פאַרטיק צו ווערן; ער שיקט קיין פּאַלעסטינע איינעם פון זיינע פעלד־מאַרשאַלן מיטן נאָמען ניקנור, מיטן באַפעל אָנצואווענדן אַלע שטרענגקייטן קעגן די אויפגעבונטעוועטע. דער סירישער שר האָט אָבער נישט געקאָנט צו־מורעטן באַלד צו דער אַרבעט. ער האָט געמוזט אָפּוואַרטן נאָך אַ טייל היל, וועלכער איז אים באַשטימט געוואָרן. דערווייל האָט ער זיך אָנ־

געהערט אַ סך דערציילונגען פון יהודהס גבורה און העלדישקייט; פיל גרויסע מעשים האָט ער מסתמא אַליין צוגעזען; סוף כל סוף איז דער דאָזיקער סירישער פעלדמאַרשאַל געוואָרן יהודהס פאַרערער און ער האָט זיך באַמיט שלום צו מאַכן צווישן אים און דעם מלך. ער האָט געשיקט צו דעם מכבי דריי באַפולמעכטיקטע מיט אַ פרידנס־פּלאַן, ווי אַזוי אויסצוגלייכן דעם קריג. די שלוחים זיינען אויך באַלד געוואָרן יהודהס פריינט און זיינען טאַקע אויסן געווען אַן ענדע צו מאַכן צו דער בלוטיקער שלאַכט. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אויך צענויפ־געפירט ניקנורן און דעם מכבי, כדי זיי זאָלן זיך פערזענלעך דורכריידן. דער איינדרוק פון דעם יידישן העלד אויף דעם סירישן פעלדמאַרשאַל איז געווען אַ באַצויבערנדיקער. דער לעצטער האָט אים געוואונטשן, אַז די דורות וואָס וועלן פון אים אַרויסקומען, זאָלן אין אים זיין געראָטן. די דאָזיקע גוטע באַציאונגען צווישן ניקנורן און דעם מכבי האָט אלקימאָס געזוכט צו צעשטערן. ער האָט געמסרט פאַרן מלך, אַז ניקנור שפּילט דאָ ווי אַ פאַרמיטלער זייער אַ פאַלשע ראָלע, אַז ער זוכט נאָר יהודהס טובה, אַז ער האָט אים צוגעזאָגט צו באַשטימען פאַר אַ כהן גדול. דאַן שיקט דימיטריוס זיין פעלדמאַרשאַל אַ שטרענגן באַפעל, אַז ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון אַלע אונטערהאַנדלונגען מיטן יידישן לאַגער, און אַז פרידן וועט נאָר דאַן קענען געשלאָסן ווערן, ווען יהודה וועט אַ געשמידטער אין קייטן געבראַכט ווערן קיין אַנטיוכיע.

יהודה באַקומט אַן אָנצוהערעניש, אַז ער זאָל אין די סירער מער נישט אָנטרויען די פריינטלעכקייט און ער פאַרשליסט זיך פון דאָס ניי צווישן די בערג. ניקנור מיט זיין חיל יאָגט אים דאָרטן נאָך; צווישן ביידע לאַגערן איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס, אין וועלכן די סירער האָבן געליטן אַ גרויסע מפּלה; ניקנור האָט געמוזט אָפּטרעטן צוריק קיין אקרא. זייער פאַרביטערט פון דעם אומגעלונגענעם געשלעג זוכט ניקנור די מלחמה צו באַנייען מיט פאַרגרעסערטע כוחות, נאָר דער עיקר האָט ער געזוכט יהודהן גופא אין געפענגעניש צו פאַרכאַפּן. ער איז אַרויפ־געשטיגן אויף דעם בית־המקדש־באַרג (הר הבית) און פון דאָרטן געלאָזט פאַרזאַמלען דאָס יידישע פאָלק. ווען די כהנים און די מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה האָבן אויסגעדריקט זייערע אונטערטעניקסטע געפילן דעם מלך פון אַנטיוכיע אינעם נאָמען פון גאַנצן לאַנד, ענטפערט ער זייער

גראַב, הויבט אויף דראָענדיק זיין האַנט קעגן בית־המקדש און שווערט, אַז ער וועט דאָס דאָזיקע הייליקטום אין פייער פאַרברענען, אויב יהודה המכבי וועט אים נישט ווערן אַרויסגעגעבן. און כדי נאָך מער צו ווירקן אויפן פאָלק, האָט ניקנור געלאָזן פאַנגען דעם געערטסטן און באַליבטסטן מאַן פון ירושלים, מיטן נאָמען רגש, וועלכער איז צוליב זיין גרויסער חשיבות אָנגערופן געוואָרן „דער פאָטער פון די יידן". ער האָט אים געשמידט אין קייטן און גענומען פאַר אַ משכון אנשטאָט יהודה המכבי. דער אַלטער רגש האָט אָבער אַליין זיך דאָס לעבן גענומען, כדי זיין אויסלייזונג זאָל נישט צווינגען דאָס פאָלק צו באַגיין אַ שענדלעכן און שעדלעכן טאָט. ניקנור האָט נישט גערוט און האָט ענדלעך אויפגעזוכט יהודהן צווישן די בערג, וואו דעם יידישן העלד האָט באַגלייט אַ גרויסע מאַסע. די נייע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין בית־חורון. דאָרטן האָט יהודה אַרויסגעשטעלט קעגן דעם צען־טויזנטיקן סירישן חיל בלויז דריי טויזנט מאַן; די דאָזיקע פאַרהעלטענישמעסיק קליינע צאָל קעמפער זיינען אָבער געווען באַגייסטערט מיט אומענדלעכער ליבע צו זייער פאָלק און גרענעצלאָזער פיינטשאַפט צו זייערע באַדריקער. דער רעזולטאַט פון דער שלאַכט איז געווען נאָך גלענצנדיקער פון די פריערדיקע: דאָס יידישע חיל באַזיגט דעם שונא און ניקנור אַליין לאָזט זיין לעבן אויפן שלאַכט־פעלד. די סיריער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער אָנפירער, לויפן זיך פונאַנ־דער אין דער גרעסטער אומאָרדענונג און ווערן פאַרשוואונדן צווישן די בערג.

די מלחמה ביי בית־חורון (אָדער ריכטיקער: אדרתא) איז פאָרגעקו־מען אין 160־טן יאָר, דעם 13־טן אדר, און דער איינדרוק פון דעם וואונדערבאַרן נצחון איז געווען אַזוי גרייס, אַז יאָרנלאַנג איז דער דאָ־זיקער טאָג געפייערט געוואָרן צווישן יידן אונטערן נאָמען יום ניקנור. דער קאָפּ און דער אָרעם פון דעם געהרגעטן סירישן מאַרשאַל איז גע־בראַכט געוואָרן קיין ירושלים און איז אויפגעהאנגען געוואָרן ביים טויער ווי אַ צייכן פון גרויסן זיג.

יהודה און די חשמונאים־פּאַרטיי זיינען ווידער געוואָרן די בעלי־בתים פון ירושלים, פון וואַנען אַלקימאָס איז אַנטלאָפן, נאָך דער מפּלה פון סירישן מיליטער. יהודה המכבי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דער נצחון איז נאָך נישט קיין פולשטענדיקער. דימיטריוס איז נישט ענלעך

צו די פריערדיקע מלכים פון אַנטיוכיע: ער איז מער עקשן פון זיי און כל זמן ער האָט נאָך ביי זיך מיליטער, וועט ער פון מלחמה זיך נישט אָפּזאָגן. יהודה האָט דערפאַר פאַרקניפּט באַציאונגען מיט רוים און מצרים, וועלכע האָבן אים צוגעזאָגט הילף. ווייטער פון צוזאָגן זיינען זיי אָבער נישט געגאַנגען.

דערווייל האָט דימיטריוס ווירקלעך צוזאַמענגעשטעלט אַ פרישע אַרמיי, וועלכע ער האָט געשיקט קיין ירושלים אונטער דער אָנפירונג פון דעם פריערדיקן אכזריותדיקן באַקכידוסן. דער זעלביקער האָט זיין מאַרשרוט דורכגעמאַכט דורכן גליל און האָט אויפן וועג חרוב געמאַכט פיל שטעט און אויסגעהרגעט פיל יידן. יהודה האָט דערווייל פאַרלאָזן די הויפּט־שטאָט: איר שיצן איז שוין געווען אומעגלעך, ווייל ניקנור נאָך האָט איר פעסטונג און מויער צעבראָכן. די בערג האָבן שוין אויך מער נישט געקענט דינען ווי אַ זיכערונג פאַרן יידישן חיל; דער פיינט האָט פאַר דער צייט פון די לעצטע מלחמות שוין געוואוסט אַלע זייערע באַהעלטענישן. דער מכבי באַפעסטיקט זיך אין דרום פון פּאַלעסטינע און דערווייל לאָזט ער אַרויס אַן אויפרוף צום פאָלק: יעדער, וועמ'ס האָט נאָך אין האַרצן אַ פונק ליבע צום פאָטערלאַנד, צו גאָט און צו זיין תורה, זאָל קומען צו אים אין לאַגער און פאַר דעם געווער זיך נעמען. אויף דעם אויפרוף זיינען געקומען אַ מאַן דריי טויזנט צו יהודה קיין אלעשה; באַקכידוס פאַרפאָלגט אָבער דעם יידישן חיל מיט אַן אומגעהייערע אַרמיי, מיט פוסגייער, רייטער און עלפאַנטן. שוין אַליין ביים אָנקומען פון דער דאָזיקער אומצייליקער מאַסע פאַלט ביי די יידישע קעמפער דער מוט. זיי באַשליסן ביי זיך, די שלאַכט דורכויס נישט אָנצוהייבן. זיי ווילן דערווייל זיך צעשפּרייטן איבערן לאַנד און אָפּוואַרטן ביז וואַנען זייער מחנה זאָל ווערן פאַרגרעסערט, ווען פון דער פּראָווינץ וועלן אָנקומען נאָך יונגעלייט. אומזיסט האָט יהודה אָנגעווענדעט זיין רעדנער־קראַפט, זיי צו דערמונטערן, זיי זאָלן זיין ביי זיך פעסט. דער גרעסטער טייל איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר אַ מאַן אַכט הונדערט זיינען מיט יהודהן געבליבן. מיט דעם קליינעם, אָבער איבערגעגעבענעם הייפל פאַלט יהודה אָן אויף באַקכידוסעס רעכטן פליגל און רופט דאָרט אַרויס אַ פולשטענדיקן חורבן: די חיל־אָפּטיילונגען טרעטן אָפּ, נאָר יהודה מיט אַ טייל קעמפער פאַרפאָלגט זיי ביזן סאַמע גרענעץ פון באַרג בנימין.

דערווייל האָבן אָבער די איבערגעבליבענע יידישע סאָלדאַטן געמוזט אַריינטרעטן אין שלאַכט מיט דעם רעכטן פליגל, וועלכן זיי האָבן נישט געקענטביישטיין. און ווען יהודה האָט זיך אומגעקערט פון דער נאָכיאָגעניש, האָט ער שוין די שלאַכט געפונען אין רעכטן ברען. ער ווייזט פון דאָס ניי שרעקלעכע וואונדער פון דרייסטקייט, גבורה און קלוגשאַפט. פון ביידע זייטן פאַלן טויטע און פאַרוואונדעטע; די שלאַכט געדויערט פון מאָרגנס ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָך ביי דער קליינער צאָל יידישע העלדן, ווערט אַלץ קענטיקער דער פאַרלוסט פון יעדן איינציקן וועלכן דאָס בלוטדאָרשטיקע פעלד רויבט אָוועק. דעם פיינט געלינגט ענדלעך ארומצורינגלען דעם קליינעם העלדישן יידישן גאַרניזאָן; דאָך הערן די ארומגערינגלטע נישט אויף צו קעמפן. ענדלעך פאַלט אָבער דורך אַ פייל דער גרויסער, דער מעכטיקער יהודה המכבי מיטן שווערד אין דער האַנט. דאַן צעלויפן זיך די עטלעכע איבערגעבליבענע קעמפער. די ברידער פון יהודה דענקען שוין נישט פון נצחון, זיי קעמפן נאָר איבער זייער ברודערס טויטן קערפּער און זיי געלינגט אים פון פיינט אָפּצונעמען, כדי עס זאָל קיין שענדלעכער שפּאָט איבער דעם געפאַלענעם העלד נישט פאַלן. די שלאַכט ביי אלעשא (160) האָט געמאַכט צונישט די אַלע גרויסע נצחונות, וואָס די לייבן־העלדישע יידישע קעמפער האָבן איבער דעם פיינט ביז אַהער אָפּגעהאַלטן. דעם מכביס חיל איז צעזייט געוואָרן און אַלקימאָס באַקומט פון דאָס ניי די מאַכט איבער דער הויפּטשטאָט און איבערן בית־המקדש.

די יאָרנדויערנדיקע מכבים־מלחמות זיינען נישט געגאַנגען פאַרלוירן שפּורלאָז. זיי האָבן דאָס פאָלק געוועקט פון זיין מוטלאָזיקייט; דער אַלט גרייזער ישראל איז יונגער, פרישער געוואָרן. מען זאָגט, אַז מאַרטירער־בלוט היילט וואונדן. אין דערווירקלעכקייט זיינען פיל אַלטע וואונדן ביים פאָלק אויסגעהיילט געוואָרן מיט דעם בלוט, וואָס די יידישע קעמפער האָבן פאַרגאָסן אונטער יהודה המכביס פאָן. די גריכן עפּענען שוין מער נישט זייער מויל צום לאַכן, ווען זיי באַגעגענען אַ יידישע מחנה, און די יידן דאַרפן שוין מער נישט מיטמאַכן די קינדישע אָלימפּןשפּילן, כדי זייער העלדישקייט צו ווייזן. נאָך די ערשטע אין מלחמה געפאַלענע קעמפער, האָט דאָס פאָלק זיך אַליין דערקענט און פאַרשטאַנען זיין היסטאָרישע אויפגאַבע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ פאָלק,

וואָס עקזיסטירט און מוז עקזיסטירן,וואָס טראָגט אין זיך זיין אייגענע תורה און זיין אייגענע מאָראַל; און דערוויזן האָט עס, אַז עס האָט גענוג קראַפט די דאָזיקע הייליקע גיטער צו באַשיצן: דער הערלעכסטער באַווייז און דער גלענצענדסטער צייכן איז דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון די מכבים־העלדן!...

# קאַפּיטל איינס

## די ממשלה פון די חשמונאים

אַ טיפער טרויער נעמט ארום דאָס גאַנצע יידישע פאָלק נאָך יהודה המכבים טויט. דאָס יידישע לאַנד איז טאַקע פאַריתומט געוואָרן. גלידער, גלידער, אייבצלנע פונאַנדערגעטיילטע גלידער, אָן אַ קאָפּ, אָן אַ האַרץ, אָן אַ צענטראַלן פאַרבאַנד — אַזוי האָט אויסגעזען די יידישע אומה צו יענער צייט. ס׳איז נישט געווען קיין איין גרויסע וויכטיקע פּערזענלעכ־קייט, וואָס זאָל קענען אָנפירן דאָס פאָלק און זאָרגן פאַר זיינע אינטע־רעסן. דער כהן גדול אַלקימאָס האָט פאַרנומען דעם העכסטן פּאָסטן אין לאַנד, ער איז אָבער נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין שטול: דאָס פאָלק האָט אים נישט געליבט, נישט געאַכטעט; קיין אַנדערע אויטאָריטעט איז נישט אויסגעוואַקסן. און דערווייל האָבן די יידן רואיק געטראָגן אויף זיך דעם פרעמדן יאָך, געבויגן דעם רוקן אונטער דער סירישער קנעכט־שאַפט. נאָך דער גרויסער באַגייסטערונג, וואָס יהודה המכבים ערשטע נצחונות האָבן אַרויסגערופן אין לאַנד, איז אָנגעקומען אַ שווערע מידקייט, אַן אַפּאַטיע. דאָס פאָלק האָט געלעכצט דאַרשטיק נאָך מנוחה. צו זיין אָפּהענגיקייט איז עס שוין געוואָרן געוואוינט; דעם אויפשטאַנד פאַר די מכבים האָט אייגנטלעך אַרויסגערופן נישט פּאָליטישע פאַרשקלאַפונג, נאָר דער רעליגיעזער דרוק. לויט ליזיאַסעס אָפּמאַך מיט יהודהן זיינען אָבער די יידן פריי געוואָרן צו דינען זייער גאָט לויט זייער געזעץ; די־מיטריוס האָט דעם דאָזיקן אָפּמאַך נישט געוואָלט אונטערברעכן. ווייטער, אויב אין דער שפּיץ פונעם בית המקדש איז לויט דעם מלכס פאַרלאַנג געשטאַנען נישט דער פּאַסנדיקער מענטש, איז דאָך אָבער דער נייער העלעניסט אַלקימאָס אין אַ געוויסער הינזיכט נישט ענלעך געווען צו זיין פאָרגענגער מענעלאַס, ווייל ער איז דאָך געווען אַן אמתער כהן, האָט געשטאַמט פון די ווירקלעכע בני אהרן, און אויב ער האָט צוליב פּאַרטיי־צוועקן געהאַלטן פון דער גריכישער קולטור, האָט ער דאָך נישט דערלויבט זיך קיין שום צו־להכעיסדיקע פאַרשוועכונגען און פאַרברעכן אין דעם זין

פון דער תורה. אין בית־המקדש זיינען רעגולער קרבנות געבראַכט געווארן צו דעם איינציקן יידישן גאָט, אין לאַנד זיינען אָפּגעהיט געוואָרן די געטלעכע געזעצן; דאָס אַלץ איז געווען געוויס פאַר דעם געפּלאָגטן און מידן פאָלק, זיך מיט זיין לאַגע צופרידנצושטעלן. דאָך איז אָבער געווען צווישן פאָלק אַ געוויסער טייל, וואָס האָט נישט געקענט צוזען מיט אַ גרינגן האַרצן ווי די סיריער באַלעבאָטעווען אין זייער היסטאָרישן לאַנד; זיי האָבן טיף און קרענקלעך געשטרעבט אויפצוהייבן דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ, און צו באַפרייען זיך פון דעם פּאָליטישן יאָך. דאָס זיינען איבערהויפּט געווען די אַלטע איבערגעגעבענע אָנהענגער פון דעם העלדישן מכבי, דאָס זיינען געווען אַלטע קעמפער אין דעם לייבן־לאַגער, וועלכע האָבן, באַגראָבנדיק דעם טויטן קערפּער פון זייער פירער, דאָך אין האַרצן פאַרשלאָסן זיין לעבעדיקן גייסט, וועלכער האָט זיי גערופן צו טאַטן, צו העלדן־וואונדער פאַר דער באַפרייאונג פון דעם פאַרשקלאַפטן פאָלק, וואָס האָט זיין קאָפּ פאַרן באַדריקער געבויגן.

באַקכידוס, וועלכער איז פאַרבליבן מיט זיין חיל אין ירושלים אויף צו שטיצן די סירישע מאַכט און דעם קעניגלעכן איינפלוס, האָט זיך פאַרהאַלטן מיט דער גרעסטער אכזריות צו יעדן, וועמען ער האָט חושד געווען אין דער נייגונג צו אַ מרידה. די אַלע, אין וועמענס האַרצן עס האָט געגליט דער מינדסטער פונק פון נאַציאָנאַלער ליבע, זיינען פאַררעכנט געווען ווי פאַרברעכער און זיינען אָדער אין געפענגעניש אריינגעשליידערט געוואָרן, אָדער זיי האָט באַגעגנט שטראָף און פּיין. די העלעניסטן, ווען זיי האָבן באַקומען די ממשלה, האָבן אָנגעטון צרות זייערע אייגענע ברידער און גענומען נקמה פאַר די פאַריקע מפּלות. די פאַרשידענע פאַרטייען האָבן זיך געקריגט צווישן זיך. אין לאַנד איז פאַרגאָסן געוואָרן ברידערלעך בלוט און דער סופר פון יענער צייט, וואָס שילדערט די לאַגע אין ארץ ישראל, שרייבט, אַז אין לאַנד האָט געהערשט אַזאַ הימלשרייענדיקע אויפרעגונג, וואָס פון דער צייט פון די נביאים אָן איז אַזוינס נישט געווען.

קליין איז געווען די צאָל פון די באַגייסטערטע פּאַטריאָטן — דאָס פאָלק בכלל איז מיד געווען פון די אַלע מלחמות און אַרומרייסענישן און האָט געבענקט נאָך מנוחה, נאָך שטילן פרידן. די קליינע גרופּע מורדים־העלדן האָט זיך אָבער דערמיט גערעכנט גאַנץ ווייניק. זיי האָבן נאָר

געזען אַ י י ן בילד פאַר זיך: די אונטערטעניקע לאַגע פון דעם יידישן פאָלק, און נאָר איין ליכטיקע שטרעבונג געטראָגן אין האַרצן: — באַפרייען דאָס פאָלק, אים צוריקקערן זיין אַמאָליקע זעלבסטשטענדיקייט, זיין אַמאָליקן רום און גלאַנץ. און זיי האָבן אים באַפרייט: אַ סך בלעטער אין אונדזער געשיכטע זייגען אַ דאַנק זייער העלדנמוט פאַרשריבן מיט גאָלדענע אותיות.

גרופירט האָבן זיך די דאָזיקע ענטוזיאַסטן רעוואָלוציאָנערן אַרום די געליבטע ברידער פון דעם געפאַלענעם מכבי — יהונתן, שמעון און יוחנן, פון וועלכע דער ערשטער איז אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ פירער און הויפּטמאַן. יהונתן האָט נישט געהאַט אין זיך די לייבן־שטאַרקייט און דעם גליענדיקן קריגס־ברען פון זיין געפאַלענעם ברודער. ער איז געווען מער פּאָליטיקער, מער דיפּלאָמאַט, ווי קריגס־פירער; יעדן טריט זיינעם האָט ער פריער געדולדיק און פאָרזיכטיק גוט באַקלערט, און שטענדיק אויסגעוויילט פאַר זיינע אַרויסטרעטונגען דעם פּאַסנדיקסטן מאָמענט. ער האָט דעריבער געפונען פאַר בעסער נישט אַרויסצוטרעטן מיט זיינע קליינע כוחות קעגן באַקכידוסן, נאָר זיך צו פאַרטיידיקן. און די גאַנצע גרופּע, מיט די חשמונאים־ברידער אין דער שפּיץ, האָט זיך באַפעסטיקט אין דעם מדבר תקו, נישט ווייט פונעם ים המלח. דאָ האָבן זיי זיך אָבער אויך נישט געפילט אין גאַנצן זיכער און כדי זיך צו קענען פרייער באַוועגן, האָבן זיי אַריבערגעשיקט זייערע ווייבער און קינדער אויף יענער זייט ירדן, צו דעם פריינטלעכן אַראַבישן שבט נבט. די פירונג פון דער מחנה איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם חשמונאי יוחנן; אינמיטן וועג אָבער זייגען אויף זיי אָנגעפאַלן אַ באַנדע רויבער פון דעם פיינטלעכן שבט בני עמרי, און האָבן דעם פירער געהרגעט און די גאַנצע מחנה באַרויבט. דאַן איז יהונתן מיט זיין גרופּע אויך אַריבער דעם ירדן און האָט זיך שרעקלעך נוקם געווען אין די מערדער פאַר זייערע אכזריותדיקע מעשים.

אינעם פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט האָט באַקכידוס נישט אויפגעהערט זיי צו זוכן און צו פאַרפאָלגן, און צוזאַמענשטויסנדיק זיך מיט דער קליינער חשמונאים־גרופּע נאָך דעם דערמאָנטן קאַמף מיט די מערדער, האָט זי אים געשטעלט אַ קליינעם ווידערשטאַנד און איז אַנטלאָפן צוריק איבערן ירדן. באַקכידוס מיט זיין שווער־באַוואָפנטער אַרמיי איז נישט געווען אומשטאַנד זיי נאָכצויאָגן איבערן וואַסער, און איז געבליבן

אויף דער אַנדערער זייט און געזוכט מיטלען, ווי אַזוי אָפּצושניידן די חשמונאים פונעם לאַנד און זיי צו פאַרשפּאַרן יעדן צוטריט. ער האָט צו דעם צוועק צוריק אויפגעשטעלט די צעשטערטע פעסטונגען און זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט מיט וואפן און פּראָוויאַנט. אויסער דעם האָט ער נאָך גענומען געפאַנגען די קינדער פון די אָנגעזעענסטע משפחות אין ירושלים און זיי איינגעזעצט אין דער שטאָט־פעסטונג אקרא, ווי אַ גאַראַנטיע פאַר דער רואיקייט און לאָיאַליטעט פון פאָלק.

די דאָזיקע ענערגישע טעטיקייט פון דעם פאַרטרעטער פון דער מאַכט האָט אויף אַ קורצער צייט פּאַראַליזירט דעם העלדנמוט פון די מכביער און וואָלט עס געלעגן דעם קעניג דימיטריוס זיך מיט געוואַלט אַריינצורייסן אין די רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן פון דעם יידישן פאָלק, וואָלט דער איצטיקער מאָמענט זייער גינסטיק געווען דערפאַר; צופיל אָבער איז דער צווייטער יורש פון אנטיוכס עפּיפאַנוס געווען אַריינגעטון אין זיינע ווילדע פאַרשווענדערייען און אויסגעלאַסנקייטן, כדי זיך אָפּ־צוגעבן מיט אַזעלכע זאַכן. פאַר אים איז גענוג געווען די אָפּיציעלע אונטערטעניקייט פונם לאַנד יהודה, און דער יערלעכער מס, וואָס פלעגט אריינקומען פון דאָרטן אינעם אוצר המלוכה.

אונטער דער צייט איז געשטאָרבן אַלקימאָס (159). אויף וויפיל דער דאָזיקער העלעניסטישער כהן גדול איז נישט געאַכטעט געווען פון פאָלק קען עדות זאָגן דאָס, וואָס די פאָלקס־לעגענדע באַטראַכט זיין פּלוצימדיקן טויט, ווי אַ שטראָף פון גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט צעשטערט די הילצערנע וואַנט ארום דעם הויף פון בית־המקדש, וועלכע האָט געדינט ווי אַ מחיצה פאַר טמאים פון געצנדינער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן קלערן וועגן אַ נייעם כהן גדול און דער סירישער הויף האָט זיך דאָס מאָל געהאַלטן אין גאַנצן פון דעררווייטנס בנוגע דער פראַגע. באַקכידוס מיט זיין מחנה האָט זיך אויך דאַן צוריקגעקערט קיין אַנטיוכיע, און גאַנצע צוויי יאָר (159—157) האָבן די איינוואוינער פון יהודה גענאָסן דעם טעם פון מנוחה און פרידן.

נישט גערוט אין דער צייט האָבן נאָר די חשמונאים. ווען ער איז אַריינגעקומען אין לאַנד האָט יהונתן נישט אויפגעהערט צו פאַרגרעסערן זיין מחנה און צו פאַרשטאַרקן זיינע פּאָזיציעס. אין אַן אָאַזיס פונעם מדבר יריחו, נישט ווייט פון ירדן, האָבן זיי איצט באַפעסטיקט. דאָרט

האָט זיך געפונען אַ שאָטנדיקער וואַלד און נעבן אים — אַ טייכל מיט קלאָרן, זיסן וואַסער. דערביי האָט זיי געדינט דער ירדן ווי אַ גוטע שוץ־וואַנט פון הינטן און ווי אַ זיכער ווינקל צום אַנטלויפן אין פאַל פון אַ מפלה. זיך געפילט פרייער און פעסטער ווי פריער, האָט יהונתן איצט אָנגעהויבן צו פירן אַן אָפענעם קאַמף קעגן די העלעניסטן און די אַנהענגער פונעם סירישן הויף. דאַן האָבן זיך די העלעניסטן געווענדעט מיט אַ ביטע צו דער אַנטיוכישער רעגירונג, זי זאָל צושיקן מיליטער און באַרואיקן די פאַטריאָטישע חשמונאים.

ווידער איז באַקכידוס געקומען מיט זיין אַרמיי אין יהודה. דאָס מאָל אָבער איז אים די „באַרואיקונג" נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. אַ לענגערע צייט האָט ער באַלאַגערט די פעסטונג פון די חשמונאים; זייער מחנה איז שוין איצט אָבער באַדייטנדיק גרויס געווען, און זיי האָבן זי צעטיילט אויף צוויי אָפטיילונגען, פון וועלכע איינע, אונטער יהונתנס פירונג, האָט זיך דערשלאָגן ביז באַקכידוסעס לאַגער, איז באַפאַלן די העלעניסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און האָט אָפגעשניטן די גאַנצע אַרמיי פון לאַנד, און די צווייטע, אונטער שמעונס אָנפירונג, האָט פאַרברענט די באַלאַגערונגס־מאַשינען. אַזוי צוגעדריקט פון ביידע זייטן, איז באַקכידוס געצוואונגען געווען אויפצוגעבן די באַלאַגערונג, און זיין גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צו די העלעניסטן, פון וועלכע ער האָט אַ סך געטייט.

די דאָזיקע שטימונג פון דעם סירישן קריגס־פירער האָט יהונתן געפונען פאַר גינסטיק אויף צו אונטערהאַנדלען מיט אים וועגן אַ שלום און באַקכידוס האָט אָנגענומען מיט צופרידנקייט דעם פאָרשלאָג. אים איז שוין אויך איבערדריסיק געוואָרן דאָס אומענדלעכע אַרומיאָגן זיך מיט די נישט רעגולערע אָפטיילונגען פון דער חשמונאים־גרופע, וועלכע זיינען גענוי באַקאַנט געווען מיט אַלע באַהאַלטענע ווינקעלעך פון לאַנד און האָבן נישט אויפגעהערט אים צו באַאומרואיקן מיט זייערע קליינע אָנפאַלן. אַזוי אַרום איז דאַן געשלאָסן געוואָרן אַן אָפמאַך צווישן די ביידע אָנפירער, לויט וועלכן די סירישע רעגירונג לאָזט איבער די פירונג פון אַלע אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן אין יהודה — דעם פאָלק אַליין, און דערלויבט די חשמונאים צו וואוינען אומגעשטערט אין גאַנצן לאַנד, אויסער דער הויפטשטאָט. די קריגס־געפאַנגענע פון ביידע זייטן זיינען

געוואָרן באַפרייט און באַקכידוס מיט זיין אַרמיי האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

די העלעניסטן, וועלכע זיינען געוואָרן די גאַנצע צייט געשיצט פונעם סירישן הויף, זיינען איצט בכן געבליבן „אויף הפקר" און די פּאַקטישע הנהגה פון אַלע פּאָלקס־אַנגעלעגנהייטן איז איבערגעגאַנגען צו דער נאַ־ציאָנאַליסטישער פּאַרטיי. בראש פון דער פּאַרטיי איז געשטאַנען יהונתן, און אַזוי ווי ער האָט זיך באַזעצט אין מחמת, איז דאָרטן געוואָרן דער צענטער פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

לאַנג האָט זיך דער צושטאַנד נישט געצויגן (156—152); יהונתן האָט אָבער באַוויזן אין דער קורצער צייט אַ סך אויפצוטון. די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז געווען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און פּאָפּולערער. די צאָל פון אירע אָנהענגער איז כסדר געוואַקסן און צוזאַמען דערמיט זיינען די ארומיקע פּאָליטישע באַדינגונגען געוואָרן אויך זייער גינסטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אַלטן אידעאַל. אַן אומדערוואַרטע געשעעניש אין דעם סירישן מלוכה־לעבן האָט געגעבן אַ האַסטיקן שטויס פאַרויס די שטרעבונג פון די חשמונאים צו פאַרברייטערן די יידישע זעלבסט־שטענדיקייט און צו באַפעסטיקן די יידישע מלוכה־מאַכט.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען די סעלעווקידישע דינאַסטיע האָט געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פון די פּרעטענדענטן אויפן טראָן, וועלכע פלעגן געשטיצט ווערן פון אירע פאַרביסענע שונאים, די מלכים פון עגיפּטן און קליין־אַזיע. דער לעצטער פון די דאָזיקע פּרעטענדענטן איז געווען אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן פון סמירנע, מיטן נאָמען באַלאַס, וועלכער האָט אויסגעזען זייער ענלעך צו דעם פאַרשטאָרבענעם אנטיוכס עפּיפאַנוס און האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר זיינעם אַ זון. מיט דער הילף פון פאַרשידענע באַשיצער און שטיצער, האָט זיך דעם דאָזיקן אַלעק־סאַנדער באַלאַס איינגעגעבן צונויפצוזאַמלען ארום זיך אַ גאַנצע אַרמיי, וועלכע האָט אים געזאָלט העלפן אָפּנעמען די קרוין ביי דעם קעניג דע־מיטריאָס. דער לעצטער האָט שנעל באַגריפן די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע און אָנגעהויבן אונטערצוחנפהנען זיינע שכנהשע מלכים און וואַסאַלן (אונטערטעניקע פירשטן), כדי זיכער צו זיין אין זייער הילף און שטיצע. צו דעם צוועק האָט ער זיך פאַר אַלעמען געווענדעט מיט אַ פריינטלעכן בריוו צו דעם חשמונאים־פירער, יהונתן, אין וועלכן ער האָט אים באַשטימט פאַר אַ הויפטמאַן פון אַלע יהודהשע סאָלדאַטן, און באַ־

פוילן מען זאָל אים אַרויסגעבן די געפאַנגענע קינדער פון די אָנגעזעענס־טע יידישע משפחות, וועלכע האָבן זיך געפונען, ווי אַ משכון, אין דער שטאָט־פעסטונג אקרא. יהונתן האָט אויסגענוצט די דאָזיקע גינסטיקע געלעגנהייט און איז גלייך אריבערגעפאָרן וואוינען קיין ירושלים, וואו זיין ערשטע אַרבעט איז געווען — צו באַפעסטיקן דעם באַרג ציון, די מויערן פון שטאָט אאז״וו.

מיט דימיטריאָס איינפאַל האָט זיך אָבער באַנוצט אויך זיין קעגנער און — מיט מער דערפאָלג. אַלעקסאַנדער באַלאַס האָט געזוכט צוצו־ציען דעם פירער פון יהודה אויף זיין זייט און ער האָט מער פון דימיט־ריאָסן פאַרשטאַנען, וועלכן פרייז אים דערפאַר פאָרצולייגן. ער האָט באַשטימט דעם חשמונאי יהונתן פאַר אַ כהן גדול, האָט אים געשאַנקען אַ פורפור־מאַנטל מיט אַ גאָלדענער קרוין און דערמיט אים באַשטעטיקט פאַר אַן אָפיציעלן וואַסאַל (אונטערטעניקן פירשט) פון דער סירישער מלוכה און פאַר אַ פערזענלעכן פריינט פון קעניג. יהונתן האָט מיט פרייד אָנגענומען דעם טיטל, צו וועלכן ער האָט, ווי ס׳איז צו גלויבן, שוין לאַנג געשטרעבט און סוכות, אין יאָר 153, האָט ער צום ערשטן מאָל דערפילט די עבודה אין בית־המקדש ווי אַ כהן גדול. אַזוי איז דאָס טיף דערנידעריקטע לאַנד, וואָס איז שוין געשטאַנען ביי דער שוועל פון אונ־טערגאַנג, צוריק דערהויבן געוואָרן, אַדאַנק דער העלדישער זעלבסט־אָפּ־פערונג פון דעם קליינעם הייפל באַגייסטערטע רעוואָלוציאָנערן, און ווידער איז ירושלים געוואָרן דער צענטער פון דער יידישער מאַכט און דעם יידישן גייסט, אין דער געשטאַלט פונעם בית־המקדש, וואו דער עלטסטער ברודער פון דעם גרויסן מכבי האָט געטראָגן אויף זיך די כהן גדול־קליידער און דערפילט די הייליקע עבודה.

און זיין בליק האָט אים נישט אָפּגענאַרט. יהונתן האָט זיך אָפּן געשטעלט אויף דער זייט פון דעם פרעטענדענט באַלאַס, כאָטש דימיט־ריאָס, ווי איינער וואָס האָט שוין גאָרנישט צו פאַרלירן, האָט נישט אויפגעהערט זיך צו ווענדן צו דעם „פאָלק פון יהודה״ און אים צוצוזאָגן די גלענצנדיקסטע הנחות און פרייהייטן. דאָס פאָלק האָט זיך אָבער פון דעם באַליבטן חשמונאים־הויז נישט געוואָלט אָפּקערן, און יהונתן האָט גאַנץ ווייניק געגלויבט אין די דאָזיקע „גאָלדענע בערג״, וועלכע זיינען צוגעזאָגט געוואָרן אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך

פעסט געהאַלטן אין אַלעקסאַנדערן און אים אַזוי לאַנג געשטיצט, ביז יענער האָט ענדלעך באַזיגט זיין קעגנער און איז געוואָרן קעניג פון סיריע (150).

דער אויפגעקומענער אַלעקסאַנדער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן די שטיצע, וואָס יהונתן האָט אים אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ קריטישער לאַגע, און ער האָט דעם געוועזענעם רעוואָלוציאָנערן אָנפירער באַערט מיט אַלערליי קעניגלעכע כיבודים. צו דער פייערונג פון זיין חתונה מיט דער טאָכטער פון דעם עגיפּטישן קעניג, האָט ער פאַרבעטן דעם יידישן פירער, און אים באהאַנדלט, ווי זיינעם אַ גלייכן. דאַנט ביי האַנט מיטן סירישן קעניג איז יהונתן געזעסן אין אַ פורפור־מאַנטל און מער כבוד איז אים אָפּגעגעבן געוואָרן פון אַנדערע שכנהשע קעניגן. יהונתן איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרן פון אַלעקסאַנדערן פאַר זיעם מיליטערישן און בירגערלעכן פירער פון יהודה אַזוי, אַז פאַקטיש איז שוין דאָס לאַנד געווען כמעט אין גאַנצן זעלבסטשטענדיק און פאַר זיין צייט האָט עס זיך ווירקלעך דערהאָלט פון די פאַרשידענע וואונדן און קראַנקהייטן, וואָס עס האָט איבערגעטראָגן ביז דאַן.

אַרום זעקס יאָר (152—146) איז אַלעקסאַנדער באַלאַס געזעסן אויף דעם סירישן טראָן און, ווי דער גרעסטער טייל פון דער גריכיש־סירישער אַריסטאָקראַטיע אין יענער צייט, האָט ער אויך מער געקלערט וועגן זיינע אויסגעלאַסענע תאוות און פאַרגעניגנס, ווי וועגן די אָנגעלעגנהייטן פון דער מלוכה. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט דימיטריאָס דעם צווייטן, מיט דעם ביינאָמען ניקאַטאָר, דעם זון פון דימיטריאָס דעם ערשטן, אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד אין לאַנד און אַרויסצוטרעטן אַלס געזעצלעכער יורש פון דעם סירישן טראָן. יהונתן האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו שטיצן אַלעקסאַנדערן, כאָטש עגיפּטן און רוים האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט, און ווען דער פאַרטרעטער פון צעלאָ־סיריע, אַפּאָלאָניוס, איז איבערגעגאַנגען אויף דימיטריאָס זייט, איז יהונתן ארויסגעטרעטן קעגן אים מיט געווער. ער האָט באַלאַגערט די האַפּנשטאָט יפו, וואו ס׳האָט זיך אויפגעהאלטן אַפּאָלאָניוס מיט זיין חיל, און זי איינגענומען דערנאָך האָט ער צעשטערט די שטאָט אשדוד און פאַרברענט דעם טעמפּל פון אָפּגאָט דגון. ווי אַ באַלוינונג פאַר דעם

אַרויסטריט האָט יהונתן באַקומען פון אַלעקסאַנדערן די אַלטע פלשתים־שטאָט עקרון מיט איר אומגעגנט (147).

נאָך דעם אַלעמען איז אַלעקסאַנדערן דאָך נישט געלונגען צו דער־האַלטן פאַר זיך דעם סירישן טראָן. צוזאַמען מיט דער סירישער באַפעל־קערונג זיינען צוגעשטאַנען צו דימיטריאָסן אויך גרויסע טיילן פון דער אַרמיי, און שפּעטער איז איבערגעגאַנגען אויף זיין זייט אויך אַלעקסאַנ־דערס שווער, דער עגיפּטישער קעניג, וועלכער האָט אָפּגענומען זיין טאָכ־טער פון אַלעקסאַנדערן און זי חתונה געמאַכט פאַר אים, דימיטריאָסן. דער איצטיקער איידעם צוזאַמען מיטן שווער זיינען אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפּענעם קאַמף קעגן אַלעקסאַנדערן, און נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן קיין אַראַביע, איז דימיטריאָס אַרויף אויפן סירישן טראָן (145).

מיט דער דאָזיקער איבערקערעניש אין סיריע האָט זיך יהונתן גע־וואַלט באַנוצן, כדי אויסצוקעמפן פאַר יהודה נאָך מער זעלבסטשטענדי־קייט, און ער האָט באַלאַגערט דעם וויכטיקסטן פונקט פון דער סירישער מאַכט און דער העלעניסטישער פאַרטיי — די עקרא. די פאַרפאָלגטע האָבן זיך דאַן געווענדעט צום נייעם סירישן קעניג נאָך הילף און ער האָט אַרויסגעפאָדערט דעם יידישן פירער צו זיך, קיין פּטאַלעמעאיד; יהונתן האָט זיך אָבער פאַר דעם דאָזיקן אַרויסרוף נישט דערשראָקן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ביי דער איצטיקער לאַגע פון דעם סירישן הויף לויגט נישט פאַר אים זיך איינצוקריגן מיט יהודה, און ער האָט איבער־געלאָזט די באַלאַגערונג אין איר פולער קראַפט און ער איז אַוועק צום קעניג. דער לעצטער האָט זיך באמת געגוויטיקט אין געלט און שטיצע און האָט זיך באַצויגן צום פירער פון יהודה, ווי צו אַ באַדייטנדיקער מאַכט, וואָס קען ברענגען פיל נוצן. דאַן האָט יהונתן אים פאַרגעלייגט אַ געוויסע געלט־סומע (300 טאַלאַנטן) און געבעטן, ער זאָל באַפרייען יהודה פון יעדן אָפּצאָל און עס פאַרגרעסערן מיט עטלעכע ראַיאָנען פון שומרון: אַפרימה, לוד און רמה. דימיטריאָס האָט אים אין דעם אויך נישט אָפּגעזאָגט, כאָטש ער האָט באַלד חרטה געהאַט! אַבי נאָר זיכער צו זיין אין דער אָפּיציעלער איונטערטעניקייט פון יהודה און איר שטיצע.

מיט רום און נצחון האָט זיך יהונתן אומגעקערט אַהיים. דערצו האָבן זיך אין דעם סירישן מלוכה־לעבן באַלד ווידער אָנגעהויבן שטאַרקע אומרוען, און יהונתנס אַרמיי האָט אומדערוואַרט איבערגעלעבט עפּעס

אַזוינס, וואָס האָט געקענט באַפרידיקן דעם יידישן דאָרשט, איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך נוקם צו זיין אין די סיריער פאַר זייער אריינרייסן זיך צענדליקער מאָל אין ירושלים און פאַר זייער אַריינמישן זיך אין די אינערלעכע יידישע אָנגעלעגנהייטן. מיט זיין נאַכלעסיקייט און שוואַכ־קייט האָט אויך דימיטריאָס אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט אין לאַנד און אין דער אַרמיי און אַזוי ווי אַלעקסאַנדערס קריגס־פירער, טריפאָן, איז אין יענער צייט אַרויסגעטראָטן ווי אַ רעגענט אינעם נאָמען פון אַלעקסאַנדערס מינדעריעריקן זון, אַנטיוכס דעם פינפטן, איז די גאַנצע באַפעלקערונג אויפגעשטאַנען קעגן קעניג און די סאָלדאַטן האָבן פשוט באַלאַגערט זיין פּאַלאַץ. ער האָט זיך דאַן געזען געצוואונגען צו בעטן הילף ביי דעם יידישן פירער, און דער לעצטער האָט אים ווירקלעך געהאָלפן: דריי טויזנט יהודהשע סאָלדאַטן האָבן אָוועקגעמאַרשירט אין דער הויפּטשטאָט פון סיריע, און באַהערשנדיק דעם גאַנצן גאַרניזאָן, האָבן זיי געצוואונגען די סאָלדאַטן אַראָפּצונעמען די באַלאַגערונג פון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און ביי אים בעטן מחילה. אַזוי האָבן יהודהשע סאָלדאַטן, אונטער דער פירונג פון אַ חשמונאַי, געראַטעוועט דעם טראָן פון אַנטיוכס עפּיפאַנוסעס יורש!

דימיטריאָס האָט אָבער די דאָזיקע טובה באַלד פאַרגעסן און ווי גאָר ער איז באַפרייט געוואָרן פון דער געפאַר, האָט ער אָנגעהויבן צוריק־ציען די אַלע הבטחות, וואָס ער האָט פריער געגעבן, און זיך צו באַציען פיינטלעך צו דעם יידישן פירער. דאָס האָט אַרויסגערופן אין ירושלים אַ ביטערע שנאה צום סירישן קעניג, און יהונתן האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דעם דערמאָנטן טריפאָן. דער לעצטער האָט מיט צופרידנקייט אָנגענומען יהונתנס פאָרשלאַג און געשלאָסן מיט אים אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן די סירישע רעגירונג אָנערקענט אַלע רעכטן און פרייהייטן פון דעם יידישן פירער און כהן גדול, וואָס פאַרפליכטעט זיך פון זיין זייט מיליטעריש צו שטיצן דעם קרוין־פּרעטענדענט אנטיוכס דעם פינפטן. שמעון, יהונתנס ברודער, איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ סירישן סטראַטעג, ד. ה. פאַר אַ מיליטערישן קאָמאַנדיר איבער דער גאַנ־צער לענג פון מיטעללענדישן ים. מוטיק און העלדיש האָבן דאַן דיביידע חשמונאים־ברידער געקעמפט פאַר דעם קליינעם אַנטיוכס, מיט דעם

נצחון פון וועלכן ס׳איז געווען פאַרבונדן אויך די זעלבסטשטענדיקייט פון יהודה.

אין דער מלחמה זיינען פאַרגעקומען פאַרשידענע מאָמענטן; ענדלעך אָבער האָבן די חשמונאים געזיגט. יהונתן האָט איינגענומען די שטעט אשקלון און עזה און איז צוריקגעקומען קיין ירושלים, וואו ער האָט זיך גענומען באַפעסטיקן די שטאָט פון אַלע זייטן. די מויער־ווענט ארום דער שטאָט האָט ער אויפגעהויבן העכער, און אינמיטן, צווישן דער עזרה און בית־המקדש, האָט ער אויפגעשטעלט אַ הויכע וואַנט, וואָס האָט גע־זאָלט אָפּשניידן דעם הייליקן שטאָט־טייל פון דעם סירישן אקרא־גאַרני־זאָן. שמעון, ווידער, איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַ צווייטער מחנה, און האָט אויך אָפּגעהאַלטן גלענצנדיקע נצחונות. ער האָט פאַרטריבן דימיטריאָס גאַרניזאָן פון דער דרום־פעסטונג בצרה און אים פאַרביטן מיט אַ יהודהשן; ער האָט אויך איינגענומען די נאָענטסטע שטאָט פון ירושלים, יפו, און בכלל געזוכט צו באַפעסטיקן די גרענעצן פון יהודה.

ביז פערציק טויזנט אויסגעוויילטע סאָלדאַטן האָט יהודה דאַן גע־האָט אַרויסגעשטעלט אויפן קריגס־פּלאַץ, און עס לאָזט זיך גלויבן, אַז דער גרויסער פירער פון פאָלק האָט שוין אין יענער צייט שטאַרק גע־קלערט וועגן אָפּרייסן זיך אינגאַנצן פון סיריע און פּראָקלאַמירן יהודה פאַר אַ פאָלקאָם זעלבסטשטענדיקע מלוכה; און פאַרויסזעענדיק די קאָנ־פליקטן, וואָס וועלן דעריבער מוזן סוף כל סוף אויסברעכן צווישן אים און דעם סירישן הויף, האָט ער זיך, ווי די היסטאָרישע קוועלן גיבן איבער, געווענדעט צום רוימישן סענאַט מיט אַ פאָרשלאַג, צו באַנייען דעם אָפּ־מאַך פון יהודה מיט דער רוימישער מלוכה, וועלכן עס האָט געהאט אַמאָל געשלאָסן מיט איר זיין ברודער — יהודה המכבי.

און עס איז ווירקלעך אַזוי געווען. דער סירישער מלוכה־פירער האָט גלייך באַמערקט, אַז יהודה שטרעבט נישט בלויז צו פולשטענדיגער פּאָ־ליטישער זעלבסטשטענדיקייט, נאָר אויך צו דער ווייטערדיקער פאַרברייטערונג פון אירע גרענעצן אויף דער רעכענונג פון די ערטער, וואָס זיינען נאָר־וואָס איינגענומען געוואָרן דורך די חשמונאים־ברידער פאַר אַנטיוכסן. ער האָט דעריבער גלייך נאָך דער מלחמה מיט דימיטריאָסן אָנגעהויבן קלערן וועגן אַ קאַמף מיט דעם מעכטיקן יהודהשן כהן גדול. אַרויסטרעטן אין אַן אָפּענער מלחמה קעגן דעם עלטסטן חשמונאי איז אָבער פאַר אים

געווען צו געפערלעך, און דער מערדערישער טריפאָן האָט זיך באַנוצט מיט אַ געמיינעם שווינדל, כדי צו פאַרפירן דעם קליגסטן פון די חשמו־נאים און אים אָפּרוימען פון וועג. ער איז אַריין מיט זיין מחנה אין פּאַלעסטינע און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי בית־שאן (סקיטאָפּאָליס); אַז ער האָט זיך דערוואוסט דערפון, איז אים גלייך יהונתן ארויס אַנטקעגן מיט טויזנטער באַוואָפנטע סאָלדאַטן. צו זיין איבעראַשונג האָט אים אָבער טריפאָן זייער פריינטלעך באַגעגנט און נאָך מיט טייערע מתנות. דער סירישער פירער האָט אים דערנאָך דערקלערט, אַז ער מיינט גאָר־נישט זיך צו שלאָגן מיט יהודה און איז בלויז געקומען אים, דעם כהן גדול, איינלאָדן קיין עכו (פּטאָלאָמעאוס), וואו עס דאַרפן געענדיקט ווערן די אונטערהאַנדלונגען וועגן אריינרעכענען די שטאָט אין די גרענעצן פון יהודה. יהונתן האָט געגלויבט דעם באַטריגער, און צוריקגעשיקט דעם גרעסטן טייל פון זיינע סאָלדאַטן און זיך געלאָזט אַליין מיט זיין סירישן „פריינט" קיין עכו. דאָרט אָבער איז שוין אַלץ צוגעגרייט געווען, און יהונתן איז גלייך נאָך זיין אַנקומען אַהין געפאַנגען געוואָרן פון טריפאָנס סאָלדאַטן. די יהודהשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געזאָלט בלייבן אין עמק יזרעאל און אין גליל, האָבן זיך דערוואוסט פון דעם שווינדל און געבראַכט די ידיעה קיין ירושלים, וואו אַ שרעקלעכער טרויער האָט ארומגענומען דאָס גאַנצע פאָלק.

דאַן איז דער לעצטער פון די חשמונאים־ברידער, שמעון, געקומען צו לויפן אין דער הויפּטשטאָט. אין טיפער עלטער, האָט דער דאָזיקער חשמונאי דאָך נאָך פיל יוגנטלעכע קראַפט אַרויסגעוויזן. ער האָט פאַר־זאַמלט דאָס פאָלק אין הויף פון בית־המקדש, און די זעלביקע יהודים, וואָס זיינען פריער פאַרזונקען געווען אין טרויער און פאַרצווייפלונג, האָבן איצט צוריק זייער העלדישן מוט באַקומען און באַגייסטערטע נקמה־און פרייהייטס־געשרייען האָבן זיך פון זייערע הערצער ארויסגעריסן.

„איך בין נישט בעסער פון מיינע ברידער, וועלכע זיינען פאַר אונד־זערע הייליקייטן און פאַר אונדזער פרייהייט אומגעקומען! — האָט שמעון אויסגערופן, און די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט אים איינשטימיק אַנטקעגן־געשריען: „זיי אונדזער קריגס־פירער, ווי דיינע ברידער יהודה און יהונתן!"

דער לעצטער גליד פון דעם העלדישן חשמונאים־שטאַם איז איצט

אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פון פאָלק, און די אָנגעהויבענע באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג פון יהודה האָט ווייטער געמוזט געפירט ווערן נאָך מיט מער גלוט, נאָך מיט מער באַגייסטערונג. קודם כל האָט מען אָבער געמוזט זען באַפרייען דעם כהן גדול אָדער — זיך נוקם זיין פאַר אים. טריפאָן האָט זיך מיט זיין אַרמיי אָליך מער דערנעענטערט צו די גרענעצן פון יהודה, פירנדיק מיט זיך דעם יידישן ליבלינג אין קייטן געשמידט, כדי אָפּצושרעקן די באַפעלקערונג פון יהודה און זי צו באַפאַלן נאָך איידער זי וועט צו זיך קומען. דאַן האָט שמעון צוזאַמענגענומען זיין אַרמיי ביי חרידה און איז אים אַרויס אַנטקעגן; דאָס האָט אויף דעם סירישן קריגס־פירער אָנגעוואָרפן ווידער אַ שרעק און ווידער האָט ער זיך גענומען צום געמיינעם שווינדל. ער האָט דערקלערט, אַז ער פאָדערט נישט מער, ווי הונדערט טאַלאַנטן און צוויי קינדער יהונתנס ווי אַ גאַראַנטיע פאַר יהודהס אונטערטעניקייט. שמעון האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען דעם שווינדל פון די דאָזיקע כלומרשטע פאָדערונגען; ער האָט זיי אָבער געמוזט דערפילן, נישט וועלנדיק אַרויפציען אויף זיך דעם פאַרדאַכט, אַז ער האָט נישט געוואָלט העלפן באַפרייען זיין ברודער פון טויט. טריפאָן האָט באַקומען די פאַרלאַנגטע סומע מיט די צוויי קינדער און האָט דעם קריג ווייטער געפירט; די יידישע אַרמיי האָט אים אָבער געשטערט אַריינצוקומען אין ירושלים מיטן גלייכן וועג. ער האָט זיך דעריבער גענומען מיט דעם וועג צו דער דרום־גרענעץ, און דאָ האָט דאָס גליק פאַרלאָזן דעם דאָזיקן געמיינעם מערדער. אַן אומגעהייערער שניי־פאַל האָט אים געצוואונגען זיך אַריבערצעוואַרפן מיט זיין חיל אויף יענער זייט ירדן, אין גלעד, און דאָרט האָט ער אויסגעלאָזן זיין כעס צו דעם געפאַנגענעם: אויף זיין באַפעל איז געטויט געוואָרן דער גרויסער יהונתן כהן גדול (143). זיינע ביינער זיינען שפּעטער דורך שמעונען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין מודיעין, וואו זיי זיינען באַערדיקט געוואָרן אין דער פאַמיליען־מערה פון די חשמונאים. אַזוי האָט געענדיקט זיין לעבן דער פערטער חשמונאי, וועלכער האָט מער פון זיינע פאָרגענגער אויפגעטון פאַר זיין פאָלק; פון טיפן אָפּגרונט האָט ער דאָס יהודהשע מלוכה־וועזן אַרויסגעצויגן און עס אָוועקגעשטעלט אויף אַ באַדייטנדיקער הויכקייט. יהונתן האָט אויסגעקעמפט מאַכט און איינפלוס פאַר זיין

פאַלק, און פאַר זיין דינאַסטיע — דעם היוכן כהן גדול טיטל, וועלכער האָט איצט צוריק באַקומען זיין אַמאָליקן רום און גלאַנץ.

יהודה האָט זיך איצט אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דער השפעה פון מתתיהוס לעצטן זון, שמעון, און אין זיין פערזאָן האָט עס ווירקלעך באַקומען אַ העלדישן און באַגאַבטן פירער. ער האָט נישט בלויז פאַרגעזעצט דעם בלוטיקן באַפרייאונגס־קאַמף, נאָר אים אויך געענדיקט, און מיט זיין נאָמען איז פאַרבונדן די פולשטענדיקע פאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט פון יהודה. עס וואָלט אָבער דאָך נישט ריכטיג געווען צוצושרייבן דעם דאָזיקן גלענצנדיקן דערפאָלג בלויז זיין פערזענלעכער גרויסקייט. שמעון איז דער לעצטער געווען פון אַלע חשמונאים־ברידער, און אים איז באַשערט געווען צו שניידן מיט געזאַנג דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרזייט מיט טרערן און בלוט! אין איין הינזיכט איז שמעונס איצטיקע לאַגע ענלעך געווען צו דער, אין וועלכער יהונתן האָט זיך געפונען נאָך דעם טויט פון זיין עלטערן ברודער — דעם מכבי, ווי אַנדערש אָבער האָט דאָס פאָלק איצט אויסגעזען און ווי אַנדערש דאָס לאַנד! יהודהס נאָכפאָלגער האָט אין אָנהייב געהאַט ארום זיך בלויז אַ קליינעם הייפל רעוואָלוציאָנערן; איז אַליין געווען אַ פירער אָן וועלכע ס׳איז רעכט און אָן אַ שום טיטל; האָט נישט געהאַט נישט קיין באַפעסטיקטע פלעצער, נישט קיין אַנדערע הילפס־מיטלען און איז בכלל פון אויסווייניק און פון אינעווייניק געווען ארומגערינגלט מיט בלוטיקע שונאים. דאַקעגן אָבער האָט יהונתנס נאָכ־פאָלגער איבערגענומען די מלוכה איבער אַ שטאַרק פאָלק. ער האָט גע־פונען פאַר זיך פעסטונגען, גוט אָוועקגעשטעלטע קריגס־פונקטן, אַ גוט אָרגאַניזירטע, שטאַרקע אַרמיי, און געהאַט נאָר איין־איינציקן פיינט קעגן זיך. דערצו האָט דער מערדערישער טויט פון דעם געליבטן חשמונאים־כהן־גדול נאָך מער אויפגעוועקט דאָס פאָלק און נאָך שטאַרקער פונאַנ־דערגעפלאַמט אין אים די שנאה צו דער סירישער אַרמיי אַזוי, אַז שמעונען איז פאַרגעשטאַנען בלויז צו פירן און גוט צו אָפערירן מיט דעם דאָזיקן דאַנקבאַרן מאַטעריאַל.

און דאָס האָט דער יינגסטער חשמונאי גלענצנד פאַרשטאַנען. אים האָט דער אַלטער מתתיהו נאָך באַשטימט פאַר אַ יועץ בנוגע צו די מל־חמות קעגן דער סירישער הערשאַפט, און פון דאַן אָן האָט ער נאָך זיין יוגנט־פרישקייט און זיין פייערדיקן מוט נישט פאַרלוירן.

געהאַלטן האָט ער זיך ביי דער פּאָליטיק פון זיין ברודער, — אויס־
צונוצן דעם קעגנערס שוואַכקייט, דאָס לאַנד צו באַפעסטיקן און זיינע
גרענעצן ווייטער צו ציען. און זיין ערשטער שריט איז גלייך געווען אַן אַקט
פון אומאָפּהענגיקייט — ער האָט ניט געוואַרט ביז די אויבערשטע מאַכט
וועט אים באַשטעטיקן אַלס כהן־גדול. ער האָט פאָראויסגעזען דעם קאַמף,
וואָס דער דאָזיקער טריט וועט מוזן אַרויסרופן, און ער האָט זיך גלייך
גענומען פאַרשטאַרקן די פעסטונגען פון לאַנד און זיי פאַרזאָרגן מיט
אַלעם נויטיקן; דערנאָך האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דעם אַראָפּגעזעצטן סי־
רישן קעניג דימיטריאָס דעם צווייטן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער
זעלביקער איז זיך אַזוי ניט אנשטענדיק באַגאַנגען מיט זיין ברודער.
ער האָט אים געשיקט אַ גאָלדענע קרוין ווי אַ צייכן פון אנערקענונג און
צוגעזאָגט מיליטערישע הילף קעגן טריפאָנען, וועלכער האָט אונטער דער
צייט געהרגעט זיין קעניגלעכן שיצלינג, אַנטיוכס דעם זעקסטן, און אַליין
פאַרכאַפּט דעם טראָן; דערביי האָט ער אָבער פאַרפליכטעט דימיטריאָסן
צו אָנערקענען די פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פון יהודה. דער לעצ־
טער האָט זיך דערפרייט מיט דעם פאָרשלאָג, און האָט זיך פאָרמעל אָפּ־
געזאָגט פון די אַלע הערשאַפט־סימנים, וואָס די סירישע קרוין האָט
ביז אַהער אַרויסגעוויזן בנוגע צו יהודה. פון דעם מאָמענט אָן האָט יהו־
דה אָנגעהויבן פריי צו אָטעמען און — ווי דער כראָניקער דריקט זיך
אויס — „דער יאָך פון די געצנדינער איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון יש־
ראָלס האַלדז". דאָס פאָלק האָט גלייך אויפגעהערט זיך צו באַנוצן מיט
דער צייטרעכענונג לויט די רעגירונגס־יאָרן פון דער סעלעווקידישער די־
נאַסטיע, און אָנגעהויבן צו שרייבן אין אַלע עפנטלעכע דאָקומענטן (142):
„אינעם ערשטן רעגירונגס־יאָר פון כהן־גדול, קריגס־פירער און פאָלקס־
הערשער שמעון". די שמחה אין ירושלים איבער דער דערוואָרבענער
פרייהייט איז אַזוי געווען געוואַלדיק, אַז די פירער פון פאָלק האָבן זיך
געפילט פאַרפליכטעט, מיטצוטיילן די בשורה זייערע ברידער אין מצרים.

שמעון אָבער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געפילט אינגאַנצן זיכער: —
דער סירישער גאַרניזאָן האָט זיך נאָך געפונען אין דער שטאָט־פעסטונג
פון ירושלים. ער האָט דעריבער באַלאַגערט די אקרא מיט סאָלדאַטן און
זי אַזוי לאַנג געהאַלטן אָפּגעשניטן פון דער אַרומיקער וועלט, ביז זי האָט
געמוזט זיך אונטערגעבן, און דעם 23־טן אייר (מאַי, 141) איז פאַרגעקו־

מען די פייערלעכע אַריינטרעטונג פון די ירושלים־איינוואוינער אין די טויערן פון דער דאָזיקער מעכטיקער פעסטונג־קייט, וואָס האָט געשטיקט דאָס פאָלק אין אַ משך פון גענויע פערציק יאָר און אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אים.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער פינף און צוואַנציק יעריקער קאַמף פון יהודה פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט. אָנגעפירט מיט דעם קאַמף האָט די העלדישע חשמונאים־פאַמיליע, צו וועלכער ס'איז פריער איבערגעגאַנגען דער כהן־גדול־טיטול, און וועלכע איז איצט, צוזאַמען מיט דער דערוואָר־בענער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט, ממילא פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלער הערשער־דינאַסטיע; דאָס פאָלק, וואָס האָט איבערגעטראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון פיר מלוכות איינע נאָך דער אַנדערער — די בבלישע, פּערסישע, עגיפּטישע און גריכיש־סירישע — האָט זיך מיט אַמאָל דערשפּירט פריי פון יעדן יאָך, פון יעדן אויסערלעכן דרוק, און עס האָט מיט האַרציקער דאַנקבאַרקייט אַלץ (די כהונה־גדולה מיט דער קרוין) אונטערגעטראָגן די באַפרייער, זיך גאָרנישט רעכנענדיק דערמיט, וואָס אין זייערע אָדערן פליסט נישט דאָס בלוט, נישט פון דוד המלך און נישט פון דעם אַלטן צדוק הכהן. געמיינט האָט דאָס פאָלק גוט: פון אייביק־אָן (פון זיין ערשטן געזעגעבער ביז די לעצטע סופרים פון דעם פּערסישן פּעריאָד) האָבן זיך זיינע בעסטע זין באַמיט, איינצופלאַנצן אין אים די שטרעבונג צו אַ טעאָקראַטישער רעגירונגס־פאָרם, צו מענטשלעכער מאַכט, וואָס זאָל פאַרקערפּערן מיט זיך דעם אייביקן אידעאַל, דעם געט־לעכן ווילן, — און עס האָט באַשטימט זיין הערשער אויף פאַר אַ כהן גדול. געמיינט גוט האָבן אויך די ערשטע חשמונאים; אינעם נאָמען פון דעם יידישן גייסט, פון די פאַרשוועכטע יידישע הייליקייטן, זיינען זיי אַרויסגעטראָטן קעגן דער פרעמדער מאַכט. די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע גוטע כונות זיינען אָבער געווען גאַנץ אַנדערע. עס איז געוואַקסן די יידי־שע מלוכה, דאָס יידישע קעניגרייך, און וואָס פעסטער ס'איז געוואָרן די מאַכט אין די הענט פון דער נייער דינאַסטיע, אַלץ מער איז זי געוואָרן אַ ציל פאַר זיך; וואָס שטאַרקער ס'איז געוואָרן דער קעניג, אַלץ שוואַכער האָט זיך געשפּירט אין אים דער כהן גדול... דאָס האָט, נאַטירלעך, געמוזט ברענגען צו פאַרשידענע סכסוכים און קאָנפליקטן, ווי צווישן דער דינאַס־

טיע און דעם פאָלק, אַזוי אויך צווישן די מיטגלידער פון דער דינאַסטיע גופא, און ענדלעך האָבן אַזעלכע סכסוכים ווירקלעך מיטגעווירקט די ענדע פון דער פאָליטישער חשמונאישער מאַכט, ווי פון דער יידישער זעלבסט־שטענדיקייט בכלל — יידן זיינען געבליבן ביי זייער תורה, ביי דער מאַכט פון גייסט.

## קאַפּיטל צוויי

### די חשמונאים־פירשטן שמעון און יוחנן־הורקנוס

(106—142)

מיט דער הערשאַפט פון דעם ערשטן חשמונאים־פירשט, שמעון, הייבן זיך אָן ליכטיקע, רואיקע יאָרן פאַר דער באַפעלקערונג פון יהודה. די איינגענומענע האַפן־שטאָט יאַפאָ (יפו) האָט רייכער געמאַכט דאָס לאַנד נישט בלויז מיט אַ וויכטיקן פאַרטיידיקונגס־פּונקט, נאָר אויך מיט אַן אומגעהויערן קוואַל פון הכנסות. יהודה איז איצט פאַרייניקט געוואָרן מיטן מיטללענדישן ים, און האָט פאַרבונדן האַנדלס־באַציאונגען מיט דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט; דאָס באַפרייטע לאַנד האָט אויפגעלעבט און דאָס פרייע פאָלק האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין פרידלעכן אַרבעטס־לעבן; האַנדלס־קאַראַוואַנען האָבן זיך געצויגן איבער די וועגן פון יהודה, און פאַנען פון האַנדלס־שיפן האָבן געפלאַטערט איבער די כוואַליעס פון יהודהשע וואַסערן. רייך איז דאָס פאָלק געוואָרן און מעכטיק האָט עס זיך געפילט: די איינגענומענע שטעט (גזר) און פעסטונגען האָבן געשיצט די גרענעצן פון לאַנד און זיי באַוואָרנט פון יעדן אויסערלעכן אָנפאַל.

„זיי (די יהודהער) האָבן איצט אין פרידן געקענט באַאַרבעטן זייער ערד; די ערד האָט אַרויסגעגעבן אירע תבואות, און די ביימער — זייערע פרוכטן; די אַלטע לייט זיינען געזעסן אין די גאַסן און געשמועסט וועגן דער גוטער לאַגע פון לאַנד. די יונגעלייט האָבן זיך אויסגעפּוצט אין קריגערישער קליידונג. די שטעט האָט ער (שמעון) באַזאָרגט מיט שפּייז און די פעסטונגען — מיט כלי־זין, און זיין נאָמען האָט זיך געטראָגן איבער אַלע עקן פון דער ערד... יעדערער איז זיך געזעסן אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים, פון קיינעם נישט געשטערט... שמעון האָט געהאָלפן אַלע אומגליקלעכע פון זיין פאָלק... ער האָט דעם בית המקדש באַפּוצט און פאַרטאָפּלט זיינע כלים...“

מיט אַזעלכע אידילישע פאַרבן מאָלט „דאָס ערשטע בוך פון די מכבעער" דאָס לעבן אין יהודה אין שמעונס צייטן. דער לעצטער האָט נישט אויפגעהערט צו באַפעסטיקן דאָס לאַנד און זיך איינצושטעלן פאַר דער מינדעסטער פּאָזיציע, און דאַקעגן איז דאָס פאָלק אַליין דורכגעדרונגען געוואָרן מיט זיין נאַטירלעכער פרומקייט און פרידלעכקייט, און האָט אָפט נישט אנערקענט אפילו די נייטיקייט פון אַזאַ אומאויפהערלעכן באַפעסטיקונגס־דראַנג. אַזוי האָט דאָס פאָלק געוואָלט אינגאַנצן פאַרניכטן די מויערן פון דער אקרא, ווייל אירע הויכע טורעמס האָבן איבערגעשטיגן דעם באַרג פון בית־המקדש, בשעת שמעון האָט געזען אין זיי אַ גלענצנדן פאַרטיידיקונגס־פונקט אין פאַל פון אַ מלחמה, און האָט זיי נישט געוואָלט פאַרניכטן. ער האָט דעריבער אויסגעאַרבעט אַ פשרה־פּלאַן: די שפּיצן מיט זיי טורעמס זאָלן אַראָפּגעטראָגן ווערן, און די מויערן מיט די הויפן און פּלעצער זאָלן בלייבן. דאַן האָט מען אויך דעם פאַרהאַסטן נאָמען פון דער פעסטונג געענדערט, און אים פאַרביטן מיט דעם נאָמען, וואָס נחמיה האָט נאָך געהאַט איינגעפירט, בירה (באַריס). אין דעם דאָזיקן איבערגעענדערטן פּלאַץ האָבן געהאַט די יהודהישע סאָלדאַטן זייער קוואַרטיר און זייער וואָפן־אַרסענאַל, און דאָ, ארומגערינגלט פון זיין איבערגעגעבענעם חיל, האָט שמעון אויך איינגעריכטעט זיין וואוינונג.

גינסטיק פאַר יהודה איז געווען אויך די לאַגע אין סיריע; דאָרט האָט מען זיך ווידער געשלאָגן פאַר דער קרוין, יהודה האָט דערפון פאַרדינט אין צווייען: ערשטנס, איז דערווייל די סירישע מלוכה געוואָרן אַלץ מער אָפּגעשוואַכט; און צווייטנס, האָט זי געלאָזט יהודה צורו. אינגאַנצן נייטראַל האָט אָבער שמעון דאָך נישט געקענט בלייבן; דער קאַמף אין סיריע האָט זיך איצט געפירט צווישן דימיטראָס דעם צווייטנס ברודער, אַנטיוכס סידעט, און דעם פריערדיקן אוזורפּאַטאָר טריפאָן. שמעונען איז, נאַטירלעך, געגאַנגען אין דעם, אינגאַנצן צו דערשלאָגן דעם מערדער פון זיין ברודער, און ווען אַנטיוכס האָט באַלאַגערט טריפאָנען אין דער פעניצישער פעסטונג דור, האָט אים שמעון געשטיצט מיט סאָלדאַטן, מיט געלט און מיט שפּייז־מיטלען. אַנטיוכס האָט דערפאַר באַשטעטיקט די אַלע פרייהייטן, וואָס זיין ברודער האָט געשענקט יהודה (240), און האָט נאָך דערצו באַפעסטיקט דאָס רעכט פון יהודה, אויסצוגיסן אייגענע מטבעות.

אין יענער צייט האָט שמעון געמאַכט נאָך איין שריט, מיט דעם

צוועק צו פאַרזיכערן די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון יהודה. שווער איז צו זאָגן, וואָס עס וואָלט סוף כל סוף געוואָרן פון דער פאַרהעלטנישמעסיק־קליינער יידישער מלוכה, ווען איר ערשטער זעלבסטשטענדיקער פירער וואָלט נישט געמאַכט דעם דאָזיקן שריט; דאָס אָבער איז זיכער, אַז אַט דער געמאַכטער שריט האָט דירעקט געפירט צו דעם שפּעטערדיקן אונטער־גאַנג פון יהודה. שמעון האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל געוואָלט אינגאַנצן באַפרייען דאָס לאַנד פון די קליינע סירישע טיראַנען און האָט באַשלאָסן, אָנצוטרויען יהודהס גורל יענעם פאָלק, וואָס איז געווען אין זיין עצם נאַטור און אַ דאַנק זיין אומדערזעטלעכער תאוה איינצונעמען אַנדערע און זיי איינצושלינגען אין זיין אומגעהויערן אָרגאַניזם, — קעגן יעדער נאַ־ציאָנאַלער פרייהייט; פון די קליינע סירישע טיראַנען האָט ער דאָס לאַנד באַפרייט, און עס צוגעטראָגן יענעם מעכטיקן טיראַן, רוים, וואָס האָט דערשטיקט די אים איבערגעגעבענע פעלקער קושנדיק און אַרומנעמענדיק. ער האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, כדי צו באַנייען דעם אַמאָליקן אָפּמאַך, און דער רוימישער סענאַט האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג: יהודה איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם בונד פון די מלוכות, וואָס די גרויסע רוימישע רעפּובליק האָט פאַראייניקט אַרום זיך, און דער סענאַט האָט איר גאַראַנטירט די אומבאַרירלעכקייט פון איר טעריטאָריע און איר פּאָ־ליטישע אומאָפּהענגיקייט.

די ביטערע פּרוכטן פון דעם אָפּמאַך, האָבן אָנגעהויבן אַרויסוואַקסן ערשט אין אַ לאַנגער צייט אַרום, און דערווייל האָט זיך דאָס פאָלק גע־פרייט מיט דעם כבוד און באַשלאָסן, אויסצודריקן זיין דאַנקבאַרקייט דעם גרויסן פירער אין אַ פייערלעכן אַקט. דעם אַכט און צוואַנציקסטן טאָג אין אלול (סעפּטעמבער, 140) אויפן דריטן יאָר פון שמעונס הערשן אין ירו־שלים ווי אַ כהן־גדול, האָט זיך פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע פאָלק מיט די כהנים, עלטסטע און אַלע פאָרשטייער, אַרום בית־המקדש און באַשלאָסן, צו אָנערקענען שמעונען פאַר דעם העכסטן פירער פון פאָלק און איבער צולאָזן אים און זיינע קינדער ביז משיח וועט קומען דעם טיטול כהן גדול, קריגס־פירער און פירשט; שמעון זאָל, ווי אַן אויסגעצייכנטער פון פאָלק, טראָגן אַ פּורפּור־מאַנטל מיט גאָלדענע באַפּוצונגען, אַלע עפנטלעכע דאָ־קומענטן זאָלן אויסגעשטעלט ווערן אין זיין נאָמען; ער זאָל האָבן דאָס רעכט, צו באַשליסן וועגן קריג און פרידן און וועגן באַאַמטע אין לאַנד,

און זאָל דער איינציקער האָבן צו זאָגן איבער די וואָפן און פעסטונגען, ווי אויך איבער דעם בית־המקדש מיט זיינע הייליקייטן. דער דאָזיקער באַ־שלוס פון פאָלק איז אויסגעקריצט געוואָרן לזכרון אויף קופּערנע טאָוו־לען, וואָס זיינען באַהאַלטן געוואָרן אין אַרכיוו פון בית־המקדש. צו יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן אויסגיסן אין יהודה אויך אייגענע מטבעות. יע־דע מטבע האָט געטראָגן אויף איין זייט דעם אויפשריפט „שקל ישראל" מיט דעם אָנגעבן פון איר ווערט, און אויף דער צווייטער זייט נאָך אַן אויפשריפט: „ירושלים הקדושה"; אויף יעדער מטבע האָט זיך געפונען אויך די צאָל פון יאָר, מען האָט גערעכנט דעם אָנהויב פון שמעונס הערשן אין לאַנד, און די עמבלעמען פון כהונה: מאַנדל־צווייג, אַ לאָרבער־בלאַט, אַ גלעזל מן, אַ טרומייט אדג״ל. די אותיות פון די דאָזיקע אויפשריפטן זיינען געווען אַלט־העברעאישע אָדער שומרונישע, וועלכע זיינען באַקאַנט געווען צווישן די אָרום־וואוינענדיקע פעלקער.

עטלעכע יאָר כסדר האָט אין יהודה געהערשט גליק און פרידן. דער־נאָך איז ווידער פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַזוי ווי אויסגע־פּרוווט די שטאַרקייט פון פאָלק, צי זי איז נאָך נישט איינגעשלאָפן. אַנטיוכס סידעט האָט מיט שמעונס הילף באַזיגט טריפאָנען און זיך גע־פילט פעסט אויף דעם סירישן טראָן; דאַן האָט אים אָנגעהויבן אויפצו־פאַלן אין די אויגן די גרויסקייט פון דער געוועזענער סירישער וואַסאַלין, און ער האָט זיך געגומען מאָנען ביי יהודה אַלטע חובות. ער האָט געשיקט צו שמעונען זיין קריגספירער קענדעבאַיאָס פון הירקאַניע מיט דער טענה, אַז ער, שמעון, האָט זיך צוגענומען אָן אַ שום רעכט די סירישע שטעט יפו און גזר און די אקרא פון ירושלים, און דאַרף זיי צוריק אומקערן דער סי־רישער קרוין אָדער באַצאָלן פאַר זיי טויזנט טאַלאַנטן. שמעון האָט אויף דעם געענטפערט, אַז די דאָזיקע ערטער האָבן שוין אַמאָל אָנגעהערט צו יהודה און ער האָט זיי בלויז צוריק אָפּגענומען, נאָר, כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע סכסוכים, איז ער גרייט צו געבן הונדערט טאַלאַנטן. דאַן האָט אַנטיוכס באַשלאָסן זיך צו נעמען פאַרן געווער, און האָט אַריינגע־שיקט ז'עם זעלביקן קענדעבאַיאָס קיין יהודה מיט אַ גרויסער מחנה פוס־גייער און רייטער. שמעון, ווידער, פון זיין זייט, האָט זיך אויך צוגעגרייט צו אַ האַרטנעקיקן קאַמף, און אַזוי ווי ער אַליין איז שוין געווען זייער אַלט, האָט ער באַשטימט פאַר קריגספירער זיינע ביידע זין יוחנן און יהודה.

דער שונא האָט זיך שוין געהאַט אַרייַנגעריסן טיפער אין לאַנד און גע־פייניקט און געטויט די אייַנגעזונמענע אייַנוואוינער; אים איז אָבער נישט לאַנג באַשערט געווען אַזוי צו ווילדעווען: ביי דער שטאָט עקרון האָבן אים געטראָפן די יידישע קריגספירער, און דאָרט האָבן זיי אים צעשלאָגן מיט זיין מחנה אינגאַנצן; די אַנטלאָפענע האָט יוחנן נאָכגעיאָגט ביז דער שטאָט אַשדוד און האָט זיך אומגעקערט מיט נצחון קיין ירושלים. דאָס איז געווען דער לעצטער קריגס־אַקט פאַר שמעונס לעבן, און די גלענ־צנדיקע קאָנסעקווענצן זיינע האָבן איבערגעצייגט דעם אַלטן פירער, אַז ער מעג זיך פאַרלאָזן אויף זיינע זין: — זיי וועלן וויסן צו שיצן די מאַכט פון יהודה.

ווידער האָט דאָס פאָלק אָפּגעאָטעמט פריי, און צוזאַמען מיט אים האָט געהאָפט רואיק צו פאַרברענגען דעם לעצטן טייל פון זיין קריגערישן לעבן אויך דער אַלטער פירער; אים איז אָבער באַשטימט געווען אויך צו שטאַרבן נישט נאַטירלעך, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אַלע זיינע פיר ברידער. ער האָט געהאַט אַן איידים מיטן נאָמען פּטאָלאָמעאוס בן־האַבוב, וועמען ער האָט באַשטימט פאַר אַ פירער פון דעם יריחור־ראַיאָן. דאָס איז אָבער דעם ערגייציקן פּטאָלאָמעאוס ווייניק געווען — אים האָט זיך געוואָלט אָפּירשענען די גאַנצע אויבערשטע ממשלה איבער יהודה, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף זיינע סאָלדאַטן און אויף דער הילף פון אַנטיוכס סידעט. צו דעם דאָזיקן פאַרברעכערישן צוועק האָט ער זיך באַ־נוצט מיט דעם מערדעריש־שענדלעכן מיטל, וואָס פלעגט זיך דאַן געוויינ־לעך פּראַקטיצירן אין די אַזיאַטישע הויפן; ווען ער איז אַרומגעפאָרן באַ־קוקן דאָס לאַנד, אום זיך נענטער צו באַקענען מיט דעם לעבן און די באַ־דערפענישן פון פאָלק, האָט זיך דער גרייז־גרויער שמעון אָפּגעשטעלט אין דער פעסטונג דגון, נישט ווייט פון יריחו, וואו עס האָט זיך געפונען זיין איידים (שבט 135). באַגלייט האָבן אים אין וועג זיין פרוי און זיינע צוויי יינגערע זין יהודה און מתתיהו, און ווען די הויכגעשטעלטע געסט האָבן זיך אונטערגעהאַלטן אויף דעם גרויסאַרטיקן מאָלצייט, וואָס דער איידים האָט אייַנגעאָרדנט לכבוד זיי, און זיך גאַנץ גוט געפילט אין דעם נאָענטן פאַמיליען־קרייז, זיינען שמעון מיט זיינע צוויי זין באַפאַלן און געטויט גע־וואָרן פון פּטאָלאָמעאוסן מיט זיין רויבערישער משרתים־באַנדע. דער מער־דער האָט גלייך אַרויסגעשיקט שלוחים צו דעם סירישן קעניג, יענער זאָל

אים שטיצן מיט סאָלדאַטן; דאַן אויך שלוחים קיין גזרה, וויו יוחנן האָט זיך אויפגעהאַלטן, אום אויך אָפּצוהאַקן דאָס לעצטע צווייגל פון דעם פרעכ־טיקן חשמונאים־בוים; און ענדלעך אויך קיין ירושלים — כדי איינצו־נעמען פאַר זיך די שטאָט מיטן בית־המקדש. זיין מערדערישער פּלאַן האָט זיך אים אָבער נישט אינגאַנצן איינגעגעבן: — איינער פון די פעסטונגס־סאָלדאַטן איז גלייך געלאָפן קיין גזרה, וואו ער האָט געבראַכט די בשורה פון דער שענדלעכער רציחה, אַזוי, אַז די געדונגענע מערדער זיינען גלייך ביי זייער אָנקומען אין שטאָט געכאַפּט און באַשטראָפט געוואָרן; יוחנן האָט באַוויזן אָנצוקומען פריער פון פּטאָלאָמעאוסעס שלוחים אויך קיין ירושלים, וואו דאָס גאַנצע פאָלק האָט אים אויפגענומען מיט באַגייסטע־רונג, און ווען דער רוצח בן־האַבוב איז צוגעקומען מיט מיליטער צו די טויערן פון שטאָט, האָט מען אים שוין פאַרשפּאַרט דעם וועג, און ער איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקערן צוריק אין זיין פעסטונג דגון, לאָזנדיק ביי זיך אַלס געפאַנגענע זיין שוויגער — יוחננס מוטער.

דער לעצטער האָט אים אָבער נישט געלאָזן אַזוי רואיק זיצן, און זיין ערשטע אַרבעט, איבערנעמענדיק די רעגירונג איבערן פאָלק, איז געווען צו פאַרפאָלגן דעם שענדלעכן רוצח פון זיין פאָטער און זיינע ברידער. ער האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פון אַ פעסטער אַרמיי, און איז אַוועק באַלאַגערן פּטאָלאָמעאוסן מיט זיין פעסטונג; דאָ אָבער האָט זיך אָפּגע־שפּילט די שרעקלעכסטע טראַגעדיע, פון וועלכער די מענטשלעכע ווירק־לעכקייט ווייסט צו דערציילן, און וועלכע האָט אינגאַנצן פּאַראַליזירט זיין באַלאַגערונגס־טעטיקייט: ביי יעדן נענטערן צוטריט צו דער פעסטונג פון יוחננס אַרמיי, האָט דער מערדער אַרויסגעפירט די געפאַנגענע מוטער אויפן שפּיץ טורעם און געדראָט זי אַראָפּצוואַרפן! לאַנג איז געשטאַנען דער געפייניקטער זון ביי דער פעסטונג און האָט נישט געוואַגט נענטער צוצוגיין, כאָטש די אַלטע חשמונאים־מאַמע האָט, ווי די לעגענדע דער־ציילט, אים אויפגעמונטערט און געשריגן צו אים, ער זאָל זיך נישט רעכ־נען מיט אירע ליידן, און בעסער דעם מערדער פון איר מאַן און קינדער באַ־שטראָפן; און ענדלעך האָט ער אויפגעגעבן די באַלאַגערונג. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט פונדעסטוועגן דעם מערדער צו טויטן די אַלטע מו־טער, און אַליין איז ער אַנטלאָפן קיין פילאַדעלפיע, די אַמאָליקע הויפּט־שטאָט פון עמון (רבת־עמון), וואו ער איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן געוואָרן.

די ביינער פון דעם אַלטן פירער זיינען דאַן איבערגעפירט געוואָרן אין זיין געבורטס־שטאָט מודיעין, וואו דאָס פאָלק האָט זיי באַגראָבן אין דער פאַמיליען־מערה פון די חשמונאים. איבער דער דאָזיקער מערה האָט שמעון נאָך פאַר זיין לעבן געלאָזט אויפשטעלן אַ הויכן טורעם, פון ווייסן, פּאָלירטן מאַרמאָר־שטיין, וואָס האָט זיך געזען ווייט איבערן וואַסער און געדינט ווי אַ ליכט־זייל פאַר די ים־רייזנדע.

דער נייער פירער און כהן גדול, יוחנן הורקנוס, איז צוריקגעקומען קיין ירושלים, און דאָ האָט אים ווידער דערוואַרט זייער אַ שווערער צוזאַמענשטויס. נאָך דער מפּלה פון זיין קריגספירער, האָט זיך אַנטיוכס אַליין געשטעלט בראש פון אַ גרויסער אַרמיי, מיט וועלכער ער האָט זיך געלאָזט מאַרשירן צו דער הויפּטשטאָט. ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אין יהודה אויף זיין גאַנצן וועג — טויט און פאַרוויסטונג. יוחנן, וועלכער האָט זיך אומדערוואַרטעט דערוואוסט פון דעם אָנפאַל בעת דער באַלאַגערונג פון דגון, האָט זיך געפילט צו שוואַך, כדי אַרויסצוטרעטן קעגן אַנטיוכסן, און ער האָט באַשלאָסן, צו בלייבן אין דער גוט־באַפעסטיקטער הויפּטשטאָט. דאַן האָט אַנטיוכס אַרומגענומען די שטאָט פון אַלע זייטן, און זי אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט. אָפט האָבן זיך קליינע גרופּעס פון די באַלאַגערטע אַרויסגעריסן פון שטאָט און גורם געווען באַדייטנדיקע חורבנות אין דער באַלאַגערונגס־אַרמיי, וועלכע האָט, אויסער דעם, געליטן אויך פון וואַסער־מאַנגל. די באַלאַגערטע, ווידער, האָבן אָנגעהויבן שפּירן מאַנגל אין שפּייז־מיטלען, און אַזוי ווי דער דאָזיקער צושטאַנד האָט צוגענומען אַ גאַנצן זומער, און די סיריער האָבן נישט געזען פאַר זיך קיין מעגלעכקייט, איינצונעמען די שטאָט מיטן שטורעם, זיינען ביידע זייטן גענויגט געווען איבערצורייסן די מלחמה, און אַ קורצע צייט פאַר דעם יום־טוב סוכות האָט הורקנוס געשיקט בעטן וועגן אַ וואָפנשטילשטאַנד איבער די טעג פון יום־טוב. אַנטיוכס האָט נישט בלויז דערפילט דעם דאָזיקן פאַרלאַנג, נאָר אויך אַריינגעשיקט, צו אַלעמענס איבעראַשונג, פאַרשידענע רייכע מתנות פאַר דער יום־טובדיקער עבודה אין בית־המקדש. דאָס האָט געבראַכט דערצו, עס זאָלן אָנגעהויבן געפירט ווערן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ שלום. אַנטיוכס האָט געפאָדערט, אַז די יהודער זאָלן אים אָפּגעבן דאָס געווער; צאָלן אַ געוויסן מס פאַר די פעסטונגען יפו, גזרה און בצר און ענדלעך, לאָזן אַריינפירן אַ סירישן גאַרניזאָן אין ירו־

שלים. יוחנן האָט די ערשטע פונקטן אָנגענומען, ווייל ער האָט זיך געזען געצוואונגען; פון דעם לעצטן פונקט אָבער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אָנט־שלאָסן, און ענדלעך איז געבליבן ,ער זאָל אויסצאָלן אַנטיוכסן דערפאַר פינף הונדערט טאַלאַנטן און אים געבן אַ געוויסע צאָל געפאַנגענע; דערצו האָט אַנטיוכס צעשטערט אויך די אויבערשטע טיילן פון די שטאָט־מויערן. אַזוי זיינען די פינצטערע וואָלקנס, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף יהודה, אַריבער אָן אַ באַדייטנדן שאָדן פאַרן לאַנד.

די מפּלה פון יהודה אין דעם קאַמף קעגן אַנטיוכסן האָט ביי איר פי־רער נישט אָפּגענומען דעם מוט. ער האָט זיך גלייך גענומען צוריק באַ־פעסטיקן די אָפּגעשוואַכטע קרעפטן, און צוזאַמען דערמיט אויך אויסגע־פּרואווט דעם טראַדיציאָנעלן מיטל, מיט וועלכן עס האָבן זיך באַנוצט אַלע חשמונאישע פירער איינער נאָכן אַנדערן: ער האָט אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, כדי צו באַנייען דעם אַלטן אָפּמאַך. די דעפּוטאַציע איז פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן און דער סענאַט האָט שריפטלעך באַ־שטעטיקט, אַז אַנטיוכס מוז צוריק אומקערן יהודה די אַלע פלעצער, וואָס ער האָט איינגענומען און האָט קיין שום רעכט נישט איבער יהודה און אירע איינוואוינער (332). אַנטיוכס, ווידער, האָט דערווייל אונטערגענו־מען אַ נייעם קריגס־צוג קעגן די פּאַרטאַנער, וועלכע האָבן אויך אָנגעהערט פריער צו דער סירישער קרוין און וועלכע האָבן זייט צען יאָר געהאַלטן געפאַנגען זיין ברודער דימיטריאָס, און דאָ האָט זיך דאָס גליק פון אים אָפּגעקערט: זיין אַרמיי איז צעשלאָגן געוואָרן און ער אַליין האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון אַ פעלדז, כדי אויך נישט צו ווערן געפאַנגען. אויף דעם סירישן טראָן איז דאַן ווידער אַרויף דימיטראָס (פון 128 ביז 125), וועלכן די פּאַרטאַנער האָבן באַפרייט; ער איז אָבער געווען פאַרהאַסט ביים פאָלק און נאָך דעם, ווי ער איז צעשלאָגן געוואָרן פון דעם נייעם פּרעטענ־דענט אַלעקסאַנדער צעבינא, האָט ער געמוזט אַנטלויפן. דערמיט האָבן זיך נאָך די אומרוען אין סיריע נישט געענדיקט: דאָרט האָט מען זיך נאָך אַ לאַנגע צייט געריסן און געשלאָגן איבערן טראָן און געענדיקט האָבן זיך די דאָזיקע אַרומרייסענישן צוזאַמען מיט דער ענדע פון דער גאַנצער סע־לעווקידישער דינאַסטיע.

די דאָזיקע שוואַכקייט פון סיריע האָט געגעבן דעם פירער פון יהודה די מעגלעכקייט אינגאַנצן צו איגנאָרירן דעם אָפּמאַך, וואָס ער האָט גע־

שלאָסן מיט אַנטיוכסן, און צוריקצושטעלן די פולשטענדיקע אומאָפּהענ־גיקייט פון זיין לאַנד. ער האָט זיך אָבער אָבער דערמיט אַליין נישט באַ־גוגנט; אים האָט זיך געוואָלט פאַרברייטערן די גרענעצן פון לאַנד און צו־ברענגען יהודה צוריק צו דעם אומפאַנג, וועלכן זי האָט פאַרנומען אין די גליקלעכע צייטן פון די אַמאָליקע מלכים. צו דעם צוועק האָט ער פאַר אַלעמען געזוכט צו פאַראייניקן אַלע אָפּגעריסענע טיילן פון דעם יידישן פאָלק און צו פאַרשטאַרקן זייער באַציאונג צום צענטער, צו ירושלים. די כנסת הגדולה האָט דאַן ווידער (124) אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו די יידישע קהלות אין מצרים און צו זייער אָנגעזעענסטן, יהודה אַריסטאָבול, דעם קעניגס לערער, אין וועלכן זי האָט זיי אויפגעפאָדערט מיטצופייערן דעם טאָג פון דער באַנייאונג פון בית־המקדש.

אַ שטערונג אויף דעם וועג פון דער פולשטענדיקער פּאָליטישער און רעליגיעזער צונויפשמעלצונג פון אַלע טיילן פון פאָלק זיינען געווען אויך די שומרונים. די דאָזיקע באַפעלקערונג, וואָס האָט פון אייביק אָן זיך באַ־צויגן מיט אַזאַ טיפער שנאה צו יהודה, האָט פאַרנומען דעם סאַמע צענ־טער פון פאַלעסטינע, און אויסער דעם, וואָס זי האָט געאָגראַפיש גע־שטערט דעם דירעקטן פאַרקער צווישן יהודה און גליל, האָט זי בכלל גע־רייצט דאָס רעליגיעזע געפיל פון די יהודהער מיט איר הויכן טעמפּל אויף דעם באַרג גריזים, ביי דער שטאָט סיחון. יוחנן הורקנוס האָט דערי־בער באַשלאָסן, איינצונעמען דעם דאָזיקן צענטער פון לאַנד און אונטער־טעניק צו מאַכן אויך די צוויי אַנדערע שכנישע פיינטלעכע שבטים, פון וועלכע יהודה איז אַמאָל פיל אויסגעשטאַנען: די אדומער פון דרום זייט, און די גריכן פון מזרח זייט. בכדי איינצושליסן אַזעלכע דריי טעריטאָ־ריעס אין די גרענעצן פון יהודה האָט זיך אָבער געפאָדערט אַ געוואַלדיקע מיליטערישע מאַכט, און יוחנן האָט זיך געזען געצוואונגען, איינצופירן ביי זיך אַ רעגולערע שטאַרקע אַרמיי פון געדונגענע סאָלדאַטן. די געלט־מיט־לען אויף דעם האָט יוחנן, ווי ס'האָט זיך דערציילט אין פאָלק, גענומען פון דעם אוצר, וואָס ער האָט געפונען אין דוד המלכס קבר.

דער ערשטער שריט אויף דעם וועג פון דער נייער ריכטונג אין דער פּאָליטיק פון יהודה, — די ריכטונג פון אָנפאַלן און איינגעמען, אַנשטאָט דער ביז איצטיקער פאַרטיידיקונגס־פּאָליטיק — איז געווען געווענדעט קיין מזרח, אויף יענער זייט ירדן. דאָ האָט ער באַלאַגערט די אַמאָליקע

מואב־שטאָט מידבא און זי באַזיגט. פון דאָרטן לאָזט ער זיך אַוועק צו דער הויפּטשטאָט פון שומרון, שכם, און נעמט זי איין צוזאַמען מיטן באַרג גריזים, וואו ער צעשמעטערט דעם שומרונישן טעמפּל, וועלכער איז שטענדיק געווען, ווי אַ דאָרן אין די יידישע אויגן. דער צעשטערונגס־טאָג פון דעם טעמפּל („יום גריזים") איז פון דאַן אָן געוואָרן אַ יום־טוב: „נישט צו פאַסטן, נישט צו טרויערן" (120).

צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן נצחון פון יהודה איז דער גלאַנץ פון שומרון שוין אויף אייביק פאַרשוואונדן געוואָרן. ווי דורך אַ וואונדער האָט זיך אַ קליינע צאָל מיטגלידער פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן שטאַם דערהאַלטן ביז צו דער איצטיקער צייט; דאָס איז אָבער נישט מער, ווי אַן עלנדער שאָטן, וואָס האַלט זיך קוים ביי זיינע רעליגיעזע טראַדיציעס, און „וואַקלט זיך צווישן יידנטום און געצנדינסט".

אַ שווערן קאַמף האָט יוחנן געהאַט צו פירן מיט די אַדומער. דאָס איז געווען אַ קליין פאַרביסן פאָלק, וואָס האָט נאָך פון די עלטסטע צייטן געטראָגן אין האַרצן אַ שנאה צו יהודה, און האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איינציקע געלעגנהייט איר צו טון שלעכטס. אין אַ מלחמה־פאַל איז די שכנות פון דעם דאָזיקן אומאָפּהענגיקן פאָלק, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין דעם דרום־טייל פון לאַנד, געווען אַ גרויס געפאַר, ווייל די פאַרביסענע אדומער האָבן גערן דורכגעלאָזן דעם שונאס אַרמיי דורך זייער לאַנד און אַזוי אַרום געעפנט פאַר אים דעם קירצסטן וועג צו דער יהודהשער הויפּט־שטאָט. הורקנוס האָט דעריבער גענומען אויף זיך די מיסיע, זיי צו מאַכן אומשעדלעך, און האָט באַלאַגערט זייערע צוויי פעסטונגס־שטעט חדרה און מרשה, נישט ווייט פון חברון. די באַלאַגערטע אַדומער האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן, און ווען דער פירער פון יהודה האָט זיי פאָרגעלייגט, אָדער זיך מגייר צו זיין, אָדער אויסצוואַנדערן פון לאַנד, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף דאָס ערשטע. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך געלאָזן מלה־זיין, זייערע געצן־טעמפּלען האָט מען צעשטערט און זיי האָבן זיך אויסערלעך גערעכנט פון דאַן אָן פאַר יידן — יעקב מיט עשון האָבן זיך פאַראייניקט, און דער עלטערער ברודער האָט געדינט דעם יינגערן! דאָס איז געווען אַ גלענצנדיקער נצחון, און כמעט דער ערשטער פאַקט אין דער יידישער געשיכטע פון אַסימילירן אין זיך אַ גאַנץ פאָלק און צווינגען אים, אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן; באַלד אָבער האָט זיך דער איינגעשלונ־

גענער קערפּער שטאַרק אָנגעהויבן צו פילן אין דעם יידישן אָרגאַניזם, און — מיט טיפע, שמערצלעכע ווייטיקן. אומגליק און בלוטפאַרגיסונג האָבן די דאָזיקע פּאַריידישטע אדומס קינדער מיט זיך אין יהודה מיטגעבראַכט. און ווען יידן וואָלטן דאַן האָבן צווישן זיך אַ ווייט־ווייטזיכטיקן נביא, וואָלט ער געגאַנגען איבער די פרייַלעכע גאַסן פון ירושלים און פאַר דעם באַלויכטענעם חשמונאישן פּאַלאַץ און וואָלט מיט אַ צעוויייטיקט האַרץ געשריגן צו די פאַרשיכורטע „זיגער": עס וועט קומען אַ טאָג, און דער טראָן פון די חשמונאים וועט צעשמעטערט ווערן, און בלוט וועט פליסן טייכנווייז אין די גאַסן פון יהודה, און יידן וועלן פאַרטריבן ווערן אין אַלע עקן פון דער וועלט — דורך די הענט פון אדומער און רוימער!

דער נצחון איבער די אדומער האָט באַלד אַרויסגערופן אַ נייעם קריג מיט דער שטאָט שומרון, וואָס איז געווען באַוואוינט פון מאַקעדאָניער און סירייער. הורקנוס האָט באַזעצט אַ גרופּע אדומער נאָענט פון דער שטאָט, און זיי זיינען אַלע מאָל באַפאַלן געוואָרן פון זייערע שטאָטישע שכנים; ער האָט דאַן אַרויסגעשיקט אהין אַ מחנה סאָלדאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון זיינע צוויי זין אַריסטאָבול און אַנטיגאָן, וועלכע האָבן באַלאַגערט די שטאָט; און ווען דער סירישער קעניג, אַנטיוכס דער ניינטער קיזיקען, איז איר געקומען צו הילף, איז ער געוואָרן באַזיגט פון אַריסטאָבולוסן און האָט געמוזט אַנטלויפן קיין בית־שאָן. דאַן האָט ער זיך געווענדט צו דעם עגיפּ־טישן קעניג, און ווען ער האָט באַקומען פון אים טויזנט מאַן, האָט ער זיך נאָך אַמאָל אַריינגעריסן אין יהודה און חרוב געמאַכט עטלעכע שטעט און דערפער. די יהודהשע פרינצן האָבן זיך אָבער איצט אויך פאַר אים נישט דערשראָקן און נישט אָוועק פון שומרון, און אים געצוואונגען אָפּצוטרעטן. דער דאָזיקער נצחון האָט אויפן פאָלק אַ געוואַלדיקן איינ־דרוק, און די לעגענדע דערציילט, אַז אין דעם אויגנבליק, ווען די שלאַכט האָט זיך אַזוי גליקלעך געענדיקט, האָט דער אַלטער כהן גדול, יוחנן הורקנוס, געטון די עבודה פון יום כפור, און אַ בת־קול פון הימל האָט זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן: „דיינע יונגע פרינצן האָבן באַזיגט אַנטיוכסן!"

דער לעצטער האָט אָבער דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן און אַריינ־געשיקט קיין יהודה צוויי קריגספירער, קאַלימאַנדאָס און עפּיגראַטאָס, מיט אַ נייער מחנה סאָלדאַטן; האָבן זיי אָבער אויך נישט בעסער געמאַכט. דער ערשטער איז אינגאַנצן צעשלאָגן געוואָרן, און דער צווייטער האָט

פאַרראַטן דעם סירישן קעניג און פאַר געלט איבערגעגעבן אין רשות פון יהודה די שטאָט בית־שאן און נאָך אַנדערע פלעצער פונעם עמק יזרעאל ביזן באַרג כרמל, וועלכע האָבן אַנגעהערט ביז אַהער צו די גריכן. דער־נאָך האָט זיך אויך אונטערגעגעבן די שטאָט שומרון, און הורקנוס האָט זי געלאָזט פאַרוויסטן ביז צו דעם לעצטן שטיין, און דורכציען מיט וואַסער־גראָבנס און קאַנאַלן, כדי עס זאָל קיין שפור נישט בלייבן פון דער אַמאָ־ליקער בליענדיקער שטאָט. דאָס איז פאַרגעקומען דעם פינף און צוואַנ־ציקסטן טאָג אין חודש חשון (109), וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער ריי פון די נאַציאָנאַלע געדענק־טעג, צוזאַמען מיטן 15־טן און 16־טן אין חודש סיון, — די טעג ווען יידן האָבן צוריק באַזעצט די שטאָט בית־שאן און די אַנדערע פלעצער.

אַזוי האָט יוחנן הורקנוס פאַרווירקלעכט די גרויסע פלענער פון די חשמונאים. די זעלבסטשטענדיקייט פון יהודה איז געווען פעסט געזיכערט, אירע שונאים — די סיריער, אדומער, שומרונים, — זיינען ס׳רוב גע־ווען באַזיגט; דאָס לאַנד האָט זיך פריי אַנטוויקלט און פאַר דעם יידישן פאָלק האָבן זיך צוריק אומגעקערט די טעג פון דוד און שלמה; אַלע טיילן פון דעם יידישן פאָלק האָבן זיך פאַראייניקט: עס איז געוואָרן איין גוף — יהודה, און איין נשמה — דער בית־המקדש.

ווי זיין פאָטער, האָט אויך יוחנן געלאָזט אויסגיסן יהודהשע מטבעות, און ווי יענער, איז ער אויך געבליבן ביי דעם טיטול כהן־גדול און פירשט. צווישן די מטבעות, וואָס זיינען געגאָסן געוואָרן אין זיין צייט, געפינען זיך אַנדערע מיט דעם אויפשריפט: „יהוחנן (הכהן) הגדול וחבר היהודים" (יוחנן דער כהן גדול און די יהודהער־געזעל־שאַפט), וואָס טראָגט אויף זיך מער אַ פרייען, רעפּובליקאַנישן שטעמפל: די מטבעות ווערן אויסגעגאָסן נישט בלויז אין זיין נאָמען נאָר אויך אינעם נאָמען פון פאָלק; דאָקעגן אָבער טראָגן אויף זיך אַ טייל פון זיינע מטבעות אַן אַנדער אויפשריפט: יהוחנן הכהן הגדול ראש חבר היהודים (יוחנן דער כהן גדול און דער עלטסטער פון דער יהודה׳ער־געזעלשאַפט".

## קאַפּיטל דריי

### דאָס אינערלעכע לעבן און דער פּאַרטייען־קאַמף.

(106—142)

די שטורמישע מלחמות מיט די אַרומיקע פעלקער, וואָס יהודה האָט נישט אויפגעהערט צו פירן אין דעם משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונ־דערט, האָבן געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דעם אינערלעכן לעבן פון פאָלק, די נצחונות מיט די מפּלות, די פריינטלעכע און פיינטלעכע באַ־רירונגען מיט פאַרשידענע פעלקער און דער איבערגאַנג פונעם אָרימען דערשלאָגענעם לעבן צו אַ לעבן פון רייכטום און פרייהייט, — האָבן פאַר־נאַנדערגעטרייסלט אַלע לעבנס־באַגריפן פון פאָלק און אויפגעוועקט אין אים אַלע זיינע גייסטיקע כוחות. צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג און פאַר־טיפונג פון דעם אייגענעם, פון דעם פאָלקסטימלעכן, האָבן זיך אַריינגע־ריסן אין דער יידישער גאַס אויך פרעמדע זיטן און לעבנס־פאָרמען; יידן האָבן איבערגענומען פון זייערע שכנים די קריגס־קונסט, און די פּאַלאַצן אין ירושלים האָבן אָנגעהויבן צו ווערן געבויט לויט די געזעצן פון דער גריכישער אַרכיטעקטור און אינעם גריכישן סטיל. אויב די ברייטערע מאַסן פון פאָלק האָבן אַליין, מיט זייער אייגענעם אינסטינקט פאַרשטאַנען, אַרויסצושטופּן ביסלעכווייז דעם אַראַמעאישן דיאַלעקט פון דער יידישער גאַס און אַריינצוברענגען אָנשטאָט אים דעם העברעאישן; אויב דאָס פאָלק פלעגט אין דער שפּראַך זינגען זיינע לידער, פירן זיינע געשעפטן און אפילו אויך לייענען זיינע מלוכה־אַקטן, — האָבן זיינע פירער און בכלל יענע אַלע, וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון דעם מלוכה־לעבן זיך באַ־נוצט מיט דער גריכישער שפּראַך, און פיל פון זיי האָבן זיך אפילו אָנגע־הויבן צו רופן מיט גריכישע נעמען. די דאָזיקע מלוכה־מענטשן און אַריס־טאָקראַטן האָבן אין אַלגעמיין געשטרעבט נאָר צו פאַרגרעסערן די פּאָלי־טישע מאַכט פון יהודה און אויסצושפּרייטן אירע גרענעצן; זיי האָבן גע־זען אין יהודה אַ פּאָליטישן שטאַט, גלייך מיט די וועלטלעכע מלוכות

פון די אַרומיקע אַנדערע פעלקער, — אַ שטאַט מיט אַ קעניג, וואָס דאַרף פירן מלחמות, פאַרגרעסערן אַלע מאָל דאָס לאַנד מיט די טעריטאָריעס פון אַנדערע פעלקער און שטיין שטענדיק אויף דער וואַך פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליטישן לעבן.

אַזאַ מין בליק איז אָבער געווען קעגן די אייביקע טראַדיציעס פון דער יידישער נבואה, וועלכע האָבן זיך נאָך דערהאַלטן ביי די פרומע קלאַסן פון פאָלק. אין די דאָזיקע קרייזן האָט געהערשט די זיכערע איבערצייגונג, אַז נישט דאָס איז די מיסיע פון דעם יידישן פאָלק, צו לעבן אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער און צו זיין גלייך מיט זיי; די יידישע געזעלשאַפט האָט, לויט דער מיינונג, געדאַרפט פאַרנעמען אַ גאַנץ באַזונדערן פּלאַץ צווישן דער ריי פון די אַנדערע פעלקער, און זיך איינגאַנצן שטיצן נישט אויף קיין פּאָליטיק און נישט אויף קיין מלחמה־גבורות, נאָר אויף די יסודות פון דער תורה, פון דער רעליגיעזער מאָראַל, פון „גאָטס וואָרט״. יידן דאַרפן זיין זעלבסטשטענדיק, כדי זיי זאָלן קענען לעבן לויט זייערע אייגענע געזעצן און היטן זייערע נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייטן; קוים אָבער האָבן זיי דאָס דערגרייכט, דאַרפן זיי שוין מער נישט פירן קיין מלחמות, דאַרפן זיי שוין נישט קיין אויסערלעכע פּאָליטיק, נאָר היטן און אויפהייבן ביז צו דער העכסטער מדרגה די אייגנטימלעך־יידישע סאָציאַלע אָרדענונג, וועלכע איז פון גאָט אַליין ספּעציעל באַשטימט געוואָרן פאַר זיין „אויסדערוויילטן פאָלק״.

און אָט, אויף דעם באָדן פון דער מיינונגס־פאַרשידנהייט האָבן זיך אויסגעבילדעט דריי פּאַרטייען: די איסיים, די פּרושים און די צדוקים. די ערשטע האָבן זיך אויסגעטיילט פון די חסידים (חסידים הראשונים), וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן פונעם גאַנצן טומל, פון די אַלע מלחמה געשרייען און בכלל פון דעם גאַנצן וואָכנדיקן לעבנס־געררויש, כדי זיך איבערצוגעבן איינגאַנצן די העכערע אינטערעסן פון גייסט און צו לעבן „מיט גאָט״. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער סעקטע, וועלכע איז בכלל געשטאַנען העכער פון יעדער געזעלשאַפטס־פאָרם און פון יעדן סאָרט בירגערלעכן צוזאַמענלעבן, האָבן זיך איינגעאָרדנט אַ גאַנץ באַזונדערן ישוב אין די בערג און אין די מדבריות, וואו זיי האָבן געלעבט ווי אַ ברודער־געמיינדע לויט באַזונדערע געזעצן.

נישט אַלע פרומע האָבן אָבער געפונען פאַר ריכטיק צו גיין מיט דעם

װעג פון אָפּזונדערן זיך און אַנטלויפן פון לעבן. די מערהייט פון דער פּרו־מער יידישער אינטעליגענץ האָט גאַנץ אַנדערש פאַרשטאַנען דעם באַגריף פון דער יידישער תורה. די תורה הייסט יעדן יידן לעבן מיט גאָט; דאָס הייסט אָבער נאָך נישט, אַז ער דאַרף אַנטלויפן פון לעבן. בלייבן אין פאָלק, שאַפן, אַרבעטן, בויען, אויסנוצן אַלע געביטן פון לעבן און אויספורעמען אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך שטיצן אינגאַנצן אויף דער תורה און פאַרקערפּערן מיט זיך גאָטס ווילן, — דאָס איז דער זין פון די אייביקע יידישע נבואה־אידעאַלן. און ווייל די עקזיסטענץ פון אַזאַ מין געזעלשאַפט איז נאָר דאַן זיכער, ווען דאָס לאַנד געפינט זיך נישט אונטער דעם יאָך פון אַ פרעמדער, געצנדינער־ישער אמונה, — דאַרף מען היטן די אומאָפּ־הענגיקייט פון יהודה און זי פאַרטיידיקן מיט אַלע געזעצלעכע מיטלען. דאָס איז געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון דער צווייטער, נאַציאָנאַל־רעליג־יעזער פּאַרטיי — פון די פרושים.

אַנטקעגן דער דאָזיקער פּאַרטיי, וועלכע איז געווען די מערהייט פון פאָלק, זיינען אַרויסגעטראָטן די פּאַקטישע באַוועגער פון דעם מלוכה־מע־כאַניזם: די דיפּלאָמאַטן, קריגס־פירער און שטאַטס־באַאַמטע. היות זיי האָבן זיך געשטיצט אינגאַנצן אויף אַ רעליגיעזן יסוד, האָבן די פרושים געמוזט שטיין דורכאויס דערפאַר, אַז אַלע עפנטלעכע אַנגעלעגנהייטן זאָלן זיין שטרענג צוגעפּאַסט צו די געזעצן פון דער תורה און צו די הויכע מאָ־ראַלישע אידעאַלן פון דער נבואה, און די פאָדערונג איז די וועלטלעכע רע־גירונג ווי אַזעלכע, נישט אומשטאַנד געווען צו באַפרידיקן. די פּאַקטישע טעטיקייט פון אַ מלוכה־מעכאַניזם לאָזט זיך נישט שטענדיק איינשליסן אין די ענגע ראַמען פון דעם רעליגיעזן געזעץ, און אַט דער קאָנפליקט צווי־שן דעם אייביקן אידעאַל און דער אַלטעגלעכער ווירקלעכקייט האָט אַרויס־גערופן די צוזאַמענשטעלונג פון דער דריטער פּאַרטיי, — פון די צדוקים, וועלכע האָבן געלייגט מער אַכט אויף די וועלטלעכע מלוכה־אינטערעסן, ווי אויף די אינטערעסן פון די אמונה־אידעאַלן.

פון די דריי פּאַרטייען האָבן נאָר די לעצטע צווי זיך אַקטיוו באַטיי־ליקט אינעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד, און אַמשטאַרקסטן האָט זיך אַנטוויקלט דער קעגנזאַץ צווישן דיביידע ריכטונגען אין דער צייט פון יהונתנס מלוכה, ווען דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגערוט פון די אויסערלעכע מלחמות.

די פרושים (אָפגעשיידטע: פון אַנדערע פעלקער, פון זינד) האָבן געוואָלט זען אין יהודה אַ גייסטיקע רעפובליק, וואו ס׳הערשט די רעליגיע־זע מאָראַל, וואו אַלץ איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון די יידישע געזעצן און טראַדיציעס. אָפטרעטן פון דער תורה, הייסט פאַרראַטן דאָס פאָלק, אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען דאָס ווערט געטון צוליב די אינטע־רעסן פון דער מלוכה, — די פרושים זיינען איבערצייגט געווען, אַז דער גורל פון דער מלוכה אַלץ איינס, ווי דער גורל פון יעדן איינצלנעם מענ־טשן, ליגט ביי גאָט אין די הענט און אַז נאָר די געטלעכע השגחה אַליין איז אומשטאַנד צו ברענגען דעם יידישן פאָלק צרות אָדער פריידן.

גאָט האָט אַלץ באַשאַפן, גאָט איז דער איינציקער האַר פון דער וועלט, דער איינציקער פירער פון מדינות און פעלקער, און יידן זיינען זיינע אויסדערוויילטע קינדער, וועלכע דאַרפן גיין אין זיינע וועגן, היטן זיין תורה און דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַלע אַנדערע פעלקער. און וואָס וועלן זיי דערפאַר באַקומען? מיט וואָס וועט זיי די געטלעכע גערעכטיקייט באַ־לוינען פאַר זייער פרומקייט, פאַר זייער גאָטספאַרכטיקער ערלעכקייט? אויף דער פראַגע האָט די תורה אַליין און מיט איר דאָס גאַנצע ביבלישע יידנטום געענטפערט: וועט איר פרום זיין, וועט אייך גוט זיין. איר וועט זיצן אויף אייער ערד, דער רעגן וועט קומען אין זיין צייט, דער וויינשטאָק וועט בליען און אַרויסגעבן זיסע פרוכטן און קיין שונא וועט אייך נישט באַאומרואיקן און קיינער וועט אייערע קינדער פון אייך נישט אַוועקנעמען — איר וועט לעבן גליקלעך און רואיק.

דעם איצטיקן בירגער פון דער חשמונאים־מלוכה האָט אָבער אָט־די תשובה שוין נישט באַפרידיקט. די בילדער פון דער נאָענטער פאַרגאַנ־גענהייט זיינען אים געווען נאָך פריש אין זכרון; אים זיינען נאָך פאַר די אויגן געשטאַנען די תליות מיט די אויפגעהאנגענע יידישע מוטערס, די מערות מיט די הונדערטער פאַרברענטע אויף קדוש השם, די טויזנטער גע־פייניקטע, געשענדטע און געפאַנגענע, און דאָס האָט שוין אַרויסגערופן ביי אים אַ ביטערן פראָטעסט אויך קעגן דער אומגערעכטיקייט, וואָס ווייזט זיך כסדר אַרויס אין דעם אַלטעגלעכן לעבן: ס׳טייטש, פאַרוואָס לעבט זיך דעם רשע גוט און דעם צדיק שלעכט? וואו איז דאָ די הימלישע גערעכטיקייט?

דאַן זיינען די פרושים געקומען און האָבן דערקלערט, אַז דאָס אמתע

לעבן הייבט זיך אָן ערשט נאָכן טויט; די וועלט איז נאָר אַ מין פּאָרהויז צום סאַלאָן — יענע וועלט, און דאָרט וועט ערשט די געטלעכע גערעכטי־קייט באַלוינען דעם צדיק און באַשטראָפן דעם רשע. דערביי „וועלן די צדיקים אויפשטיין צום אייביקן לעבן (תחית המתים) און די רשעים — צו אייביקער שאַנד״, ווי ס׳איז געשריבן אין ספר דניאל. אַזוי ווי זיי האָבן פאַרשטאַנען די גאַנצע וויכטיקייט פון דער דאָגמע, האָבן די פּרושים זי אַריינגענומען אינעם סיסטעם פון יידנטום ווי איינעם פון די עיקרים, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די יידישע אמונה, און ביסלעכווייז האָבן זיך פון דער לערע אויסגעפורעמט נאָך אַנדערע פאַרשטעלונגען און באַגריפן (השארת הנפש, גיהנם, גן־עדן אאַ״וו), וואָס האָבן שפּעטער אויסגעפּילט אַ באַדייטנדן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור.

צוזאַמען מיט דער שטרענגער פּאָדערונג, צוצופּאַסן דאָס גאַנצע אַל־טעגלעכע, וואָכעדיקע לעבן צום רעליגיעזן געזעץ, — איז אָבער אויסגע־וואַקסן אַ נייע שוועריקייט: די געשריבענע געזעצן פון דער תורה זייַנען געווען צו קורץ און צו ווייניק, כדי ארומצונעמען די פאַרשידנאַרטיקע און פאַרפּלאָנטערטע דערשיינונגען פון דעם איצטיקן לעבן, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט אין גאַנצן געענדערט און אָנגענומען אַ גאַנץ אַנד׳ער פאָרעם. דאָ זייַנען ווידער געקומען די פּרושים און אויסגעפּילט דעם חסרון; זיי האָבן צוזאַמענגענומען די אַלע זיטן און פאָלקס־מנהגים, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט געשאַפן אין דעם משך פון צענדליקער דורות און זיי דערקלערט, אויסגעטייטשט און געגעבן אַ באַשטימטע, צום איצטיקן לעבן צוגעפּאַסטע פאָרעם. די דאָזיקע נישט געשריבענע געזעצן, וועלכע האָבן געלעבט אין פאָלק און זייַנען צוזאַמען מיט אים געוואַקסן, האָבן איצט אַ סך מיטגעהאָלפן צו רעפאָרמירן די יידישע געזעצגעבונג, נישט אָנגרייפנדיק אין דער זעלביקער צייט איר אייגנטימלעכן און רעליגיעזן גייסט.

און דערביי אַליין האָבן זיך די פּרושים נישט אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך גענומען אויסטייטשן און דערקלערן די געזעצן פון דער תורה מיט דער הילף פון פאַרשידענע לאָגישע געזעצן, און אויף אַזאַ אופן באַקומען די מעגלעכקייט ארויסצודרינגען פון זיי די אַלע פּראַקטישע געזעצן, וואָס די איצטיקע לעבנס־באַדינגונגען האָבן געפאָדערט. די דאָזיקע אויסטיי־טשונגען און דערקלערונגען זייַנען ווידער, פון זייער זייט, אויך פאַרהיי־

ליקט געוואָרן און האָבן באַקומען די זעלביקע פאַרפליכטונגס־קראַפט, וואָס עס האָבן געהאַט אין זיך די איצטיקע „דברי סופרים", די איצטיקע פאַרמולירטע פאָלקס־געזעצן. אַזוי האָט די רעליגיעזע דיסציפלין ביסלעכ־ווייז און אומבאַמערקטערהייט ארומגענומען דאָס גאַנצע וואָכעדיקע לעבן פון פאָלק, זיך צוגעפּאַסט צו דער אנטוויקלונג פון זיינע באַגריפן און באַדערפענישן. די אַלע געזעצן וועגן שבת און וועגן די יום־טובדיקע ותפלות זיינען אין יענער צייט געוואָרן באַשטימט און אויסגעפּולט; עס זיינען אריינגענומען געוואָרן אין דעם רעליגיעזן געזעץ די אַלע יום־טובים און היסטאָרישע פייער־טעג, וועלכע זיינען אין דער תורה גאָרנישט דער־מאָנט, ווייל דאָס פאָלק אַליין האָט זיי אויסגעפּירט, צום אָנדענקען פון געוויסע געשעענישן אין זיין לעבן. אין די געזעצן וועגן כשר און טרפה, וועגן פאַמיליען־ריינקייט, וועגן די רייניקונגען אין בית־המקדש אאז"וו האָבן זיך די פרושים שטרענג געהאַלטן ביי דער טענדענץ פון אָפּזונדערן יידן וואָס מער פון דער אַרומיקער וועלט, און בנוגע צו די געביטן האָבן זיי אָנגעהויפּנט וואָס מער סיגים און חומרות; דאַקעגן אָבער האָבן זיי איינגעפירט זייער גרויסע פאַרלייכטערונגען אין דעם שטראָף־קאָדעקס פון דער תורה. אין דער הינזיכט האָבן זיי געזוכט אויסצוטייטשן דאָס גע־שריבענע געזעץ אַזוי, אַז עס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די איצטיקע פאָלקס־באַגריפן. אַזוי האָבן זיי, למשל, שאַרף געקעמפט קעגן טויט־שטראָף, און דעם באקאנטן פסוק: עין תחת עין (אַן אויג פאַר אַן אויג) האָבן זיי דערקלערט אין דעם זין, אַז די תורה מיינט דאָ נאָר אַ געלט־שטראָף.

די פרושים האָבן זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט זייער שטרענגער געזעצלעכקייט, מיט זייער צניעות, מיט זייער טעטיקייט בנוגע צו פאַר־שיידענע לעבנס־תאוות, מיט זייער מילדקייט און גאָטספאַרכטיקער גוטס־קייט. איינער פון די באַרימטע פרושים, ר' יהושע בן פרחיה, וועלכער האָט געלעבט (מיט זיין חבר נתאי הארבאלי) אין הורקנוס צייט, פלעגט שטענדיק זאָגן: „מאַך דיר אַ רבין, קויף דיר אַ חבר און אורטייל יעדן מענטשן צום גוטן". די דאָזיקע גוטע זיטן און דער גאַנצער גאַנג פונעם פראַקטישן יודאַאיזם, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביי די פרומע קלאַסן נאָך פון עזראס צייטן אָן, האָבן צוגעצויגן צו זיך די ברייטסטע מאַסן פון פאָלק, אַזוי אַז די אינערלעכע פאַרוואַלטונג פון דער מלוכה און פון בית־המקדש האָט זיך געפונען אין גאַנצן ביי די פרושים אין די הענט.

דאַקעגן האָבן די הויכע מלוכה־שטעלעס, די אַרמיי־פירונג און צו־זאַמען דערמיט אויך די רייכטימער און דער אויסערלעכער גלאַנץ — זיך געפונען אין די הענט פון די צדוקים. די דאָזיקע אַריסטאָקראַטן זיינען געקומען אין אַ נאָענטער באַרירונג מיט דער אויסערלעכער העלעניסטי־שער וועלט, און האָבן איינגעפירט אין זייער פּריוואַטן לעבן אַ סך הע־לעניסטישע זיטן און מנהגים. דאָס זיינען געווען מענטשן מיט הויכער וועלטלעכער בילדונג, וואָס האָבן געשטרעבט צו פאַראייניקן די אידייען פון דער יידישער תורה מיט דער אויסערלעכער שיינער פאָרעם פון דער העלעניסטישער קולטור, און וואָס מער אָפּצושוואַכן די מחיצה צווישן יידן און די אַרומיקע קולטורעלע פעלקער. ווי פּאַטריאָטישע יידן האָבן זיי קודם כל געזאָרגט פאַר דער פּאָליטישער גרויסקייט פון יהודה, פאַר דער אויסשפּרייטונג פון די יהודהשע געזעצן און פאַר דער מאַכט פון דעם חשמונאישן הויף; דערביי זיינען זיי אָבער געווען צו ווייניק דורכגעדרונ־גען מיט דעם רעליגיעזן געפיל, כדי איבערצולאָזן גאָט אַליין די דאגה פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און גרויסקייט פון יהודה. די מלוכה דאַרף פאָרמעל היטן די געשריבענע געזעצן פון דער אייביקער יידישער קאָנס־טיטוציע, פון דער תורה; דאָס דאַרף איר אָבער נישט שטערן צו אַנט־וויקלען זיך אַזוי, ווי עס פאַרלאַנגען פון איר דער צייט־גייסט און די פּראַקטישע אינטערעסן. קוים האָט וועלכער ס׳איז פּאָליטישער אָפּמאַך אָדער וועלכע ס׳איז מלחמה געמוזט אָנרירן אַ געבאָט פון דער תורה, האָבן זיך די צדוקים שטענדיק געשטעלט אויף דער זייט פון די מלוכה־אינטערעסן; איבערהויפּט האָט גאָט, לויט זייער מיינונג, דערפאַר געגעבן דעם מענטשן אַ פרייען ווילן, כדי ער זאָל זיך אַליין אויסטרעטן זיין לעבנס־וועג, כדי ער זאָל אַליין זיין דער בעל הבית פון זיין גורל, און דער גרויסער באַשעפער פון דער וועלט מישט זיך גאָרנישט אין די מענטש־לעכע אָנגעלעגנהייטן. באַלוינט ווערט דער צדיק פאַר זיינע גוטע מעשים באַלד אויף דער וועלט — מיט די גוטע מעשים גופא; און דאָס זעלביקע איז אויך מיט די שלעכטע מעשים פון די רשעים. גוטע מעשים ברענגען גוטס און שלעכטע — שלעכטס פאַרן לעבן גלייך, און מ׳דאַרף גאָרנישט אָנקומען צו קיין גלויבן אין „תחית המתים״ און „יענע וועלט״.

נאַטירלעך, האָט אַזאַ מין אָנשויאונג שוין נישט געקענט פאַרפליכטן קיינעם אויפצוגעבן וואָס ס׳איז פון זיינע איצטיקע לעבנס־פאַרגעניגנס,

און בכלל איינצושליסן דאָס גאַנצע לעבן אין אַ רייע פון גזירות און סיגים. די צדוקים האָבן דעריבער נישט געוואָלט אנערקענען די אַלע אויפטועכצן און נייע פאַרפליכטונגען פון די גיי־פאַרהייליקטע פאָלקס־מנהגים און מסורות. זיי האָבן אָוועקגעשטעלט ווי אַ פּרינציפּ, אַז וויכטיק און הייליק זיינען נאָר יענע געזעצן, וועלכע שטייען דייטלעך און אויסדריקלעך גע־שריבן אין די חמשה חומשי תורה, און די אַלע אַנדערע פאַרפליכטונגען, וועלכע זיינען מיט דער צייט געשאַפן געוואָרן, האָבן קיין באַדייטונג נישט. דאָס האָט געבראַכט פון איין זייט צו פאַרשידענע פאַרלייכטערונגען אינעם אַלטעגלעכן לעבן בנוגע די געזעצן וועגן כשר און טרפה, וועגן אַרבעטן שבת אָדער יום־טוב, וועגן פאַמיליע־באַציאונגען און נאָך אַזעלכע רעלי־גיעזע אָנגעלעגנהייטן, און פון דער צווייטער זייט האָט עס אַרויסגערופן די שרעקלעכסטע אכזריותן בנוגע צו דער געריכט־מאַכט, וועלכע האָט אויסגעטייטשט די פאַרעלטערטע שטראָפן פון דער תורה אין זייער בוכ־שטעבלעכן זין.

די מיינונגס־פאַרשידנקייט צווישן די פרושים מיט די צדוקים איבער פאַרשידענע ריטועלע דינים האָט זיך אָפּט פונאַנדערגעפּלאַקערט אין אַ ליידנשאַפטלעכן ויכוח. צווישן די פראַגן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ מין מחלוקת, האָט זיך געפונען אויך יענע וועגן די דינים פונעם וואַסער־גיסן אויפן מזבח אום סוכות. די פרושים האָבן זיך זייער האַרב באַצויגן צו דער עבודה פון די לויים אין בית־המקדש, און אַרויסגעגעבן מאַסן דינים און גזירות, כדי צו פאַרהיטן די באַרירונג פון אומרייניע מענטשן אָדער כלים; די צדוקים, דאַקעגן, האָבן דערפון געלאַכט און צוזעענדיק, ווי זיי לויפן יעדעס מאָל צום בעקן וואַשן אַן אַנדער כלי, האָבן זיי אי־ראָניש באַמערקט: „אין גיכן וועלן די פרושים הייסן רייניקן אויך דעם זונבאַל".

די צדוקים זיינען אין אלגעמיין געווען אַ קלאַס פון טיפּישע וועלט־מענטשן, וועלכע זיינען שטרענג־קאָנסערוואַטיוו בנוגע צו דער פאָרמע־לער פרומקייט, און ווילן פונדעסטוועגן נישט דערלאָזן, אַז די עטיש־רעליגיעזע באַגריפן זאָלן האָבן אַ השפעה אויף דער ספערע פון די פּראַק־טישע, פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן.

אין אַ זייט פון די דאָזיקע צוויי פאַרטייען, וועלכע האָבן געקעמפט צווישן זיך פאַר דעם סאָציאַלן און רעליגיעזן טיפּ פון דער יהודהשער

מלוכה, איז געשטאַנען די דריטע סעקטע אָדער גרופּע, וואָס האָט אין גאַנצן איינגעאָרדנט איר לעבן אויף די יסודות פון דער אינדיווידועלער זעלבסט־פאַרפולקאָמענקייט און האָט געדינט ווי אַ יסוד פאַר אַ גאַנץ נייער דערשיינונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דער דאָזיקער אָרדן איז באַשטאַנען פון אַ באַדייטנדיקער צאָל איסיים (פון דעם סירישן וואָרט כעסעי־חסיד), ביי וועלכע דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט נאָר אין די רעליגיעזע אידייען און געפילן. דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרטיפט אין זיך אַליין, אין זייער אייגענער אינערלעכער וועלט, און האָבן געזוכט פריער פון אַלץ אַ רעטונג פאַר דער נשמה.

מענטשן הייליקע, ריינע, מיט געוויסע מיסטישע נייגונגען, האָבן זיי געוואָלט לעבן הייליק. די אַלטעגלעכע, די וואָכעדיקע, די וועלטלעכע וועלט האָט פאַר זיי נישט געהאט קיין באַדייטונג. לעבן דאַרף דער מענטש נאָר אין זיך און נאָר מיט גאָט. אָפּטייטן דאַרף דער מענטש אין זיך יעדע תאווה, יעדן פאַרלאַנג, יעדן וועלטלעכן באַגער, און לעבן דאַרף ער ריין, הייליק, זיך באַהעפטן מיט דער אייביקייט, מיט די העכערע וועלטן.

זיי האָבן זיך דעריבער דערווייטערט פון דעם שטאָט־טומל און איינגעאָרדנט זייער ישוב אין די מדבריות. איבערנעמענדיק אין גאַנצן די ריינקייט־געזעצן פון די כהנים אין בית־המקדש, און זייענדיק שטרענג אָפּגעהיט פון באַרירן זיך מיט אומריינע, זיינען זיי געווען געצוואונגען צו פאַרקערן נאָר מיט זייערע גלייכע, און דאָס האָט זיי געטריבן זיך צו פאַראייניקן אין איין אָרדן, וואו יעדער איז פאַרפליכטעט שטרענג צו היטן די געזעצן. כדי אָנצוקומען ווי אַ מיטגליד אין דעם אָרדן, האָט דער קאַנדידאַט געמוזט ווערן אויסגעפּרואווט אַ גאַנץ יאָר און ערשט דאַן איז ער צוגעלאָזן געוואָרן צו דער צערעמאָניע פון די טבילות. דאַן האָט ווידער געמוזט אַוועקגיין אַ לאַנגע צייט, און נאָך דעם האָט דער נייער מיטגליד געמוזט געבן אַ פייערלעכע שבועה, אַז ער וועט זיך אונטערגעבן אַלע באַפעלן פון די עלטסטע, אַז ער וועט נישט באַהאלטן קיין זאַך פון די „ברידער" און וועט קיינעם נישט ארויסגעבן די סודות פונעם אָרדן; דאָס האָט אים שוין געמאַכט פאַר אַ פּראַקטישן מיטגליד פון דער געזעלשאַפט און געגעבן דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אינעם ברידערלעכן מאָלצייט.

די באַלעבאַטישקייט איז ביי די איסיים אינגאַנצן געווען אַוועקגעשטעלט אויף קאָמוניסטישע יסודות. יעדער מיטגליד האָט אַריינגעטראָגן

אין דער קאַסע פון אָרדן זיינע הכנסות, און דער גאַנצער אָרדן איז אויס־געהאַלטן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער סומע. די קליידונג אַפילו איז אויך געווען די זעלביקע פאַר אַלע מיטגלידער: ווייסע גראָבע מאַנטלען ווינ־טער; און לייכטע הילעס זומער. דערביי האָט יעדער איינציקער געמוזט פאַרדינען אויף זיין לעבן פון פיזישער אַרבעט; אַ סך פון זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט און מיט אַנדערע מלאכות — האַנדלען האָט קיין איסי נישט געטאָרט.

לעבן מיט אַ פרוי איז דעם איסי געווען דערלויבט, אָבער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס איז נייטיק, כדי צו האָבן קינדער; די מער־הייט פון די איסיים האָט אינגאַנצן געקוקט אויף דער חתונה ווי אויף עפּעס זינדיקעס, קערפּערלעכעס און האָט אויסגעמיטן יעדן פאַרקער מיט אַ פרוי, אַפילו אויך אַ געזעצלעכע.

אַזאַ קאָלאָניע האָבן די איסיים זיך איינגעאָרדנט צו מערב זייט פון ים המלח, אין דעם אָאַזיס עין־גדי, וואו די פּאַלמען־ביימער האָבן כמעט באַפרידיקט זייערע שפּייז־באַדערפעניש, און פון דעם דאָזיקן צוזאַמענ־לעבן שטאַמט אויך דער באַקאַנטער מאמר: „אַ חסיד זאָגט: דיינס גע־הערט צו דיר און מיינס געהערט אויך צו דיר". עס זיינען ממילא נישט געווען ביי זיי קיין אָרעמע און קיין רייכע, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז זייער גייסט האָט זיך ביסלעכווייז באַפרייט פון אַלע ער־דישע אינטערעסן, און איז אין גאַנצן פאַרזונקען געוואָרן אין אַ ווייטער, טרוימעריש־אידעאַלער וועלט.

די איסיים האָבן זיך אויסער דעם נאָך אויסגעצייכנט מיט פיל אַנ־דערע אייגנטימלעכקייטן. ווי די יידן אַמאָל, וואָס האָבן געוואַנדערט אין דער מדבר, האָט אויך יעדער איסיי שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ רידל, כדי אויפצושאַרן די ערד און צו פאַרדעקן די אומריינקייט, און דערצו איז אין זייער קליידונג אַריין אויך אַ מין פעל־פאַרטוך אָדער האַנטוך, מיט וועלכן זיי האָבן זיך באַנוצט ביי זייערע אָפטע וואַשונגען. די איסיים פלעגן לייענען קריאת־שמע אין דער פרי צוזאַמען מיטן אויפגאַנג פונעם מאָרגנשטערן, און נאָך געוויסע כוונות און פאַרגרייטונגען, אין דער צייט פון וועלכער עס איז קיין וואָכעדיק וואָרט נישט אויסגערעדט געוואָרן, פלעגט זיך יעדער פאַרזינקען אין זיין תפלה, וואָס איז אייגנטלעך באַ־שטאַנען פון פרייע געפילן און האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ מין

פרייער „השתפכות הנפש". נאָך די תפלות האָבן אַלע געמוזט אָוועקגיין אַרבעטן, און קומענדיק צוריק פון דער אַרבעט האָבן זיך אַלע ווידער גע־טובלט און אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו דעם אַלגעמיינעם מאָלצייט, וועל־כער האָט ביי זיי פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די קרבנות אין בית־המקדש.

דער מאָלצייט פלעגט פאָרקומען לויט דעם סדר: „זיך אָפּרייניקנ־דיק, קומען זיי אַריין אין עס־צימער, ווי אין אַ הייליקן אָרט. נאָך דעם, ווי זיי זעצן זיך אויס שווייגנדיק, לייגט דער בעקער אַוועק אַ חלק ברויט פאַר יעדן באַזונדער, און דער קוכער שטעלט אַוועק נעבן יעדן איינציקן אַ כלי מיט איין געריכט. פאַרן עסן ריכט אָפּ דער כהן אַ תפלה, און קיינער רירט זיך נישט צו צום עסן ביז ער האָט זי געענדיקט. נאָכן מאָל־צייט בעט ער ווידער. אָנהייבנדיק און ענדיקנדיק דאָס עסן לויבן אַלע גאָט און דאַנקען אים פאַר דער שפּייז, וואָס ער האָט זיי געשאָנקען. דער־נאָך נעמען זיי פון זיך אַראָפּ זייערע מאָלצייט־קליידער, ווי הייליקע, און לאָזן זיך ווידער אַוועק אַרבעטן ביזן אָוונט. קומענדיק פון דער אַרבעט עסן זיי ווידער לויט דעם זעלביקן סדר" (יוסיפון).

די איסיים האָבן זייער שטרענג אָפּגעהיט די געזעצן וועגן שבת־רו און אַ סך פון די סיגים און גזירות, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען, זיינען שפּעטער אריינגענומען געוואָרן אין די פאַרפּליכטונגען פון תלמוד; די דאָזיקע פּראַקטישע פרומקייט האָט אָבער נאָך נישט אויסגעפילט זייער גאַנצן לעבנס־אינהאַלט. זייער אַסקעטיזם, זייער שטילקייט און זייער רע־ליגיעזע טרוימעריי, האָט זיי ביסלעכווייז אינגאַנצן אָפּגעווענדעט פון דער קלאָרער און לאָגישער תורה מיט איר ניכטערער לעבנס־אַנשויאונג, מיט אירע דייטלעכע, צום לעבן צוגעפּאַסטע געזעצן; זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן אין דער תורה שטאָף פאַר זייער טרוימערישער פאַנטאַזיע, פאַר זייערע מיסטישע נייגונגען, און האָבן אויף אַזאַ אופן געשאַפן דעם יסוד פאַר דעם קומענדיקן יידישן מיסטיציזם. זיי האָבן די ערשטע אָנגעהויבן אַריינצולערנען פאַרשידענע רמזים און סודות אין די אותיות פון גאָטס נאָמען (יהוה), געפינענדיק, אַז קוים איז דער נאָמען אַזוי הייליק, מוז אין זיינע איינצלנע בוכשטאַבן אויך זיין עפּעס געהיימעס, הייליקעס. די דאָ־זיקע רמזים און סודות זיינען וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרטיפט און פאַר־ברייטערט געוואָרן, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט זיך ביי זיי אויס־געפורעמט אַ גאַנצע רייע פאַרשטעלונגען וועגן גוטע און שלעכטע גייס־

טער, וועגן מלאכים און שדים, וועגן כישוף און געהיים־זעעריי און נאָך אַזעלכע פאַרנעפּלטע באַגריפן, וואָס האָבן מיט דערווירקלעכער יידישער לעבנס־תורה גאָרנישט צו טון.

צוליב זייערע אייגנטימלעכע מנהגים און פאַנטאַסטישע לעבנס־באַגריפן זיינען די איסיים באַטראַכט געוואָרן פון פאָלק נישט בלויז ווי הייליקע, נאָר אויך ווי מענטשן, וואָס זיינען אומשטאַנד צו באַווייזן וואונדער. דאָס פאָלק האָט געגלויבט, אַז די איסיים קענען פאָראויסזאָגן די צוקונפט, פּותר זיין חלומות און אויך היילן אַלערליי קראַנקהייטן. דאָס לעצטע איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס עטלעכע פון די איסיים האָבן זיך ווירקלעך באַנוצט מיט געוויסע קרייטעכצער אויף צו היילן קראַנקע.

דערפאַר אָבער האָבן זיי קיין שום איינפלוס נישט געהאט אויף דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. זייער צאָל איז בכלל געווען זייער קליין און אין די בעסטע צייטן אַפילו, האָט אויך זייער אָרדן נישט געציילט מער פון פיר טויזנט מיטגלידער. דערצו איז נאָך צוגעקומען אויך דער אומשטאַנד, וואָס דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דעם אָרדן האָט געלעבט נישט פאַרהייראַט, און די צוגעקומענע מיטגלידער פון אויסוויינִיק האָבן נישט געקענט אויספילן דעם שאָדן פון דער נאַטירלעכער פאַרמינדערונג.

ביים רודער פון דער מלוכה־שיף זיינען בכן געשטאַנען די פירער פון די אַנדערע צוויי פאַרטייען — פון די פרושים מיט די צדוקים און פאַר דער צייט פון יוחנן־הורקנוס איז צו קיין אָפענעם קאָנפליקט צווישן זיי נישט געקומען. דער לעצטער האָט ביידע פאַרטייען גלייך אויסגענוצט: די צדוקים ווי קריגס־פירער און דיפּלאָמאַטן, און די פרושים — ווי געזעץ־לערער, ריכטער און באַאַמטע איבער אַלע אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן. די באַציאונג, ווידער, פון די פאַרטייען צו הורקנוסן איז אויך געווען איינגעטיילט און באַשטימט: די צדוקים האָבן געשעצט אין אים דעם שטאַטס־מאַן און מלוכה־פירער, און די פרושים — דעם פרומען כהן גדול, וועלכער האַלט זיך שטרענג ביי זייערע רעליגיעזע אויסטייטשונגען און באַגריפן.

ווייניקער באַדייטנדיקע סכסוכים צווישן די פרושים מיט די צדוקים פלעגן פון צייט צו צייט אויסברעכן אין דער טעטיקייט פון דער העכסטער יהודהשער רעגירונגס־אינסטיטוציע, פונעם סנהדרין. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג פון אויסגעוויילטע פאָלקס־פאָרשטייער האָט עקזיסטירט אין ירושלים נאָך פון די עלטסטע צייטן, און פלעגט שטענדיק געפירט ווערן פון

דעם כהן גדול, וועלכער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די אָפיציעלע פּערזאָן פאַר דער הערשנדיקער אויבערמאַכט. איצט, נאָך דער איבערקערעניש אין לאַנד, וואָס האָט פאַרוואַנדלט יהודה אין אַ זעלבסטשטענדיקער מלוכה מיט אַן אייגענעם פירשטלעכן כהן גדול, האָט זיך דער כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע אויך געענדערט. די פריערדיקע „גערוזיע" (אויף פערסיש: באַראַטונג, פאַרזאַמלונג) באַקומט איצט דעם גריכישן נאָמען סנהדרין (בית דין הגדול) און אירע פונקציעס ווערן וואָס ווייטער אַלץ ברייטער און זעלבסטשטענדיקער. אין דער שפּיץ פון סנהדרין, ווי אַ פאָרזיצער (נשיא), שטייט איצט דער רעגירנדיקער פירשט, וועלכער איז צוזאַמען דערמיט אויך כהן גדול און שופט, און אין אים באַטייליקן זיך פאַרשטייערס נישט בלויז פון די גייסטיקע און געלערנטע שיכטן, נאָר אויך פון די פּאָליטישע פאַרטייען; אַזוי אָבער ווי דער העכסטער מלוכה־פירער איז אָפט פאַרנומען מיט אַלגעמיינע מלוכה־אינטערעסן, פאַרטרעט אים אין סנהדרין ווי וויצע־פאָרזיצער, דער עלטסטער פון די דינים, וואָס טראָגט דעם טיטל אב־בית־דין. דאָס „גרויסע סנהדרין" אין ירושלים איז באַשטאַנען פון איין און זיבעציק מיטגלידער, וועלכע פלעגן זיך צונויפקלייבן אין דעם אויסערלעכן זאַל פון בית־המקדש, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „לשכת הגזית"; פאַקטיש האָבן אָבער די זיצונגען געקענט פאָרקומען אויך ביי דריי און צוואַנציק מיטגלידער און דאָס האָט געהייסן „דאָס קליינע סנהדרין". צווישן די מיטגלידער פון סנהדרין האָבן זיך געפונען פאַרשטייערס פון דער גייסטיקער און וועלטלעכער אַריסטאָקראַטיע, כהנים, שופטים (ריכטער), געלערנטע און געזעץ־קענער; און אויסער דער דאָזיקער העכסטער געזעצגעבנדיקער אינסטיטוציע אין דער הויפּטשטאָט, זיינען נאָך געווען פאַרשידענע קלענערע בית־דינס אין די קלענערע שטעט.

געשטיצט האָט זיך דאָן די גאַנצע יידישע געזעצגעבונג אויף די געבאָטן און פאַרזאָגן פון דעם אומבאַרירלעכן הייליקן קאָדעקס פון דער תורה. די אַרבעט פון סנהדרין איז דעריבער באַשטאַנען אין דעם, אויסצוטייטשן די דאָזיקע פאַרפליכטונגען פון דער תורה, צוצופּאַסן צו זיי די איצטיקע לעבנס־באַדינגונגען און אַרויסצוגעבן לויט זיי פּראַקטישע אורטיילן. אין די פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן פון לאַנד האָט דאָס סנהדרין געמישט זיך נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די אָנגעלעגנהייט האָט

געהאט אַ שייכות צו די רעליגיעזע באַגריפן פון דער תורה. דאָס סנהדרין האָט אָפּגעהיט די ריינקייט פון די כהנים־משפחות און פון די פאַמיליע־פאַרבינדונגען בכלל, געפירט צו דעם צוועק ספּעציעלע פאַמיליען־ביכער, דורך דער דאָזיקער אינסטיטוציע פלעגן אויך געמאַכט ווערן די אַסטראָנאָמישע באַאָבאַכטונגען און אויסרעכענונגען, כדי צו קענען באַשטימען, ווען עס הייבן זיך אָן די חדשים און יאָרן און ווען זיי ענדיקן זיך.

די געריכט־זיצונגען פון סנהדרין פלעגן פאָרקומען עפנטלעך. דערביי פלעגן די געריכט־מיטגלידער זיין אויסגעזעצט אין אַ האַלבן קרייז, כדי זיי זאָלן קענען זען איינער דעם אַנדערן, און צוויי שרייבערס זיינען געשטאַנען פון דער רעכטער און דער לינקער זייט און האָבן פאַרשריבן די מיינונגען פון די ריכטער. כדי אַרויסצוטראָגן אַ באַפרייאונגס־אורטייל איז גענוג געווען (ביי קרימינעלע פּראָצעסן) אַ מערהייט פון צוויי שטימען, ד"ה דרייצן פון צוויי און צוואַנציק. די אויספרעגונג פון די געריכט־מיטגלידער איבער דער שולדיקייט פונעם אָנגעקלאָגטן פלעגט זיך אָנהייבן פונעם יונגסטן און ענדיקן מיטן פאָרזיצער. דער דאָזיקער סדר איז איינגעפירט געוואָרן כדי די מיינונגען פון די עלטערע מיטגלידער זאָלן נישט ווירקן אויף די יונגערע. אויסער דעם, האָבן זיך שטענדיק געמוזט אַרויסזאָגן פריער די באַפרייער און דערנאָך די באַשולדיקער, און די איין מאָל אַרויסגעזאָגטע באַפרייאונגס־מיינונג האָט שוין נישט געקענט מער גענומען ווערן צוריק.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז אַ טויט־אורטייל געווען אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער פּראַקטיק פונעם סנהדרין, און דאָס איז געווען די פּרוכט פון דער השפעה פון די פּרושים און פון זייער געזעץ־אויסטייטשונג. די צדוקים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן שטרענג ביי די געשריבענע געזעצן פון דער תורה, זיינען געווען פיל שטרענגער אין זייערע אורטיילן; זיי זיינען געווען אין סנהדרין די מינדערהייט. די פּראַקטישע אויסטייטשונג פון געזעץ איז דאָ אין גאַנצן געווען אין די הענט פון די פּרושים. די צדוקים האָבן דערפאַר געהאַט מער איינפלוס אויף דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון לאַנד און זי געפירט אין אַ געוויסער אייגענער ריכטונג.

אַזוי האָבן די ביידע פּאַרטייען איינגעטיילט צווישן זיך זייערע איינפלוס־ספערן אין דער הנהגה פון לאַנד און איבער זיי איז געשטאַנען דער פירשטלעכער כהן גדול, וועלכער האָט, ווי געזאָגט, פיל מיטגעווירקט

דערצו, אַז דער דאָזיקער אויבערפלעכלעכער שלום זאָל מיט קיין זאַך נישט געשטערט ווערן: ער האָט געהיט, פון איין זייט, אַלע דינים און חומרות לויט די געזעץ־דערקלערונגען פון די פרושים, און פון דער צווייי־טער זייט, געלעבט גוט אויך מיט די צדוקים. זיי זיינען געווען זיינע מיטקעמפער, זיינע קריגס־פירער און זיינע מלוכה־יועצים. זייער פירער, יהונתן, איז געווען דעם פירשטס פערזענלעכער פריינד, און ביז זיין טיפער עלטער האָט יוחנן איינגעהאַלטן דעם אינערלעכן אַנטאַגאָניזם צווישן די ביידע פּאַרטייען און געזען, ער זאָל זיך נישט פונאַנדער־פּלאַקערן און אויפרייסן.

לאַנג האָט אָבער דאָס דאָזיקע גלייכגעוויכט זיך נישט געקענט האַלטן און, ווי עס קומט געוויינלעך פאַר ביי אַזאַ פאַל, איז גענוג איין וואָרט, איין באַוועגונג, כדי איינצואוואַרפן דעם בנין, וואָס איז געבויט געוואָרן אין משך פון אַ סך יאָרן. אַזאַ מין וואָרט, וואָס איז גאַנץ צופעליק אַרויס־גערעדט געוואָרן, האָט דאָ אויך געדינט ווי אַן אויפרייס־מאַטעריאַל און געענדיקט האָט זיך דער אויפרייס מיט גרויסע סכסוכים און מחלוקתן און ענדלעך אויך — מיט בלוט־פאַרגיסונגען און שווידערהאַפטע רציחות.

פאַרגעקומען איז דער אויסברוך פון דעם אַזוי לאַנג באַהאַלטענעם קעגנזאַץ אַזוי־אָ: ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ מלחמה, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גלענצנדיקן נצחון איבער אַ שטאַרקן שונא, האָט יוחנן־הורקנוס געלאָזן איינאָרדענען אַ גרויסאַרטיקן מאָלצייט, צו וועלכן ער האָט איינגעלאַדן די חשובים פון די פרושים און די צדוקים — אַן אונ־טערשיד. אויף גאָלדענע טישן זיינען לזכרון דערלאַנגט געוואָרן האַרבע עסנס. און אַזוי ווי ער איז אַריינגעקומען אין אַ זייער הייטערער שטי־מונג, האָט זיך יוחנן געווענדעט צו זיינע געסט מיט דעם פאָרשלאָג, זיי זאָלן אים אָפן זאָגן, צי ער האָט עפּעס עובר געווען קעגן געזעץ און צי ער היט נישט אָפּ פּינקטלעך אַלע באַפעלן און פאַרבאָטן פון דער תורה. די געסט זיינען גערירט געוואָרן פון דער דאָזיקער ערלעכער פראַגע און האָבן אויסגעדריקט זייער אינערלעכע צופרידנקייט מיט זיין הערשן אי־בערן פאָלק; דאַן האָט זיך אויפגעהויבן איינער פון די פרושים, אַ געוויסער אליעזר, און זיך געווענדעט צו הורקנוסן מיט דער שאַרפער אַרויספאָדע־רונג: „אויב דו ווילסט זיין ערלעך, נעם אַראָפּ פון זיך דעם חושן ואפוד (די כהונה־גדולה קליידער) און באַנוג זיך מיט דעם הערשער־טיטל אַליין!‟

און ווען דער דערשטוינטער יוחנן־הורקנוס האָט אים געפרעגט, וואָסער פאַרברעכן ער האָט אים דען אויפצואווייזן, האָט דער פאַנאַטישער אליעזר אים פעסט און דייטלעך געענטפערט: „ווייל מיר האָבן געהערט פון די זקנים, אַז דיין מוטער האָט זיך געפונען אין געפאַנגענשאַפט ביי די סי־ריער (און אַ זון פון אַ געפאַנגענער טאָר אין בית־המקדש נישט זיין)".

טיף אָנגעגריפן פון דער דאָזיקער שענדלעכער באַליידיקונג, האָט יוחנן־הורקנוס זיך דאָך דערווייל גאַנץ רואיק פאַרהאַלטן צו דעם אינצי־דענט און באַפוילן צו באַשטימען אַ גענויע אויספאָרשונג וועגן דער באַ־שולדיקונג. ווען די אויספאָרשונג האָט זיך אָבער געענדיקט און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט ,אַז די באַליידיקונג האָט קיין שום גרונט נישט, האָט זיך זיין כעס פונאַנדערגעפלאַקערט, דאָן האָבן זיך די צדוקים באַנוצט מיט דער גינסטיקער געלעגנהייט, און זייער פירער יהונתן האָט זיך באַ־מיט איינצורעדן דעם באַליידיקטן פירשט, אַז די פרושים האָבן אים מיט אַ כיון אַ שליידער געטון אין פנים אַזאַ שטרענגע באַשולדיקונג, כדי אים צו דערנידעריקן אין די אויגן פון פאָלק. דאָס האָט דעם הערשער נאָך מער אויפגערייצט, און ער האָט געפאָדערט פון די אָנפירער פון דער פרושים־פאַרטיי, זיי זאָלן באַשטימען אַ שטראָף פאַר דעם באַליידיקער. און ווידער איז זיין אייגנליבע פאַרלעצט געוואָרן: ער האָט געגלויבט, אַז די דאָזיקע פאַרטיי־אָנפירער וועלן זיך באַציען צו דעם באַשולדיקטן זייער האַרב און אים משפטן פאַר מאַיעסטעט־באַליידיקונג; אַזאַ מין באַזונדער פאַרברעכן, ווי אַן אויסנאַם, איז אָבער אינגאַנצן גאָרנישט געווען במציאות אין דעם שטראָף־קאָדעקס פון די פרושים, און זיי האָבן אים געמשפט פאַר רכילות.

דאָס האָט אין גאַנצן איבערגעפולט די מאָס פון זיין פאַרדראָס און דעם צדוקישן פירער איז איצט גאַנץ לייכט אָנגעקומען צו איבערצייגן הורקנוסן, אַז די פרושים זיינען אים נישט טריי און ער דאַרף זיי דורכויס דערווייטערן פון דער מלוכה־פירונג.

עס איז שווער צו זאָגן, וויפיל אמת עס איז געלעגן אין דער איבער־צייגונג און אויף וויפיל די פרושים זיינען ווירקלעך נישט צופרידן געווען מיט דעם קריגערישן כהן גדול; זיכער איז אָבער דאָס, אַז דער באַליי־דיקטער פירער האָט זיך געלאָזן איבערצייגן פון די צדוקים, און איז אין גאַנצן אריבער אויף זייער זייט. אַלע עפנטלעכע פאָליטישע, געזעלשאַפט־

לעכע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס פון לאַנד זיינען באַזעצט געוואָרן מיט אָנהענגער פון דער צדוקישער פּאַרטיי, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען — אַ טיפע שנאה צו די חשמונאים, וואָס האָבן אָנגעהויבן וואַקסן אין די רייען פון די פּרושים און זייערע אָנהענגער.

די פּרוכט פון דער דאָזיקער פּיינטלעכער שטימונג האָט הורקנוס אַליין נישט געזען. ער האָט געלעבט אַ גאַנץ קורצע צייט נאָך דער אי־בערקערעניש און איז געשטאָרבן אויף דעם איין און דרייסיקסטן יאָר פון זיין הערשן (106), איבערלאָזנדיק נאָך זיך פאַר די קומענדיקע דורות זכרונות פון ליכטיקע, גוטע צייטן. אין דער עפּאָכע פון זיין הערשן האָט דאָס יידישע פאָלק דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין גייסטיקער און מאַטעריעלער אויפלעבונג; רייך האָט דאָס פאָלק געלעבט, פריי און שטאַרק האָט עס זיך געפילט, און דער איבערפלוס פון זיינע גייסטיקע קרעפטן האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער פאָרעם פון פאַרשידענע סאָציאַלע און עטישע שטרעמונגען, אין דער פאָרעם פון אַ גייסטיקן פּאַרטיי־קאַמף.

# קאַפּיטל פיר

## אַריסטאָבול דער ערשטער אַלעקסאַנדער ינאַי און שלומית אַלעקסאַנדראַ

יוחנן הורקנוס האָט איבערגעלאָזן פינף זין: יהודה־אַריסטאָבול, אַנ־טיגאָנאָס, אַלעקסאַנדער, אבשלום און נאָך איינעם אַ פינפטן, וואָס זיין נאָמען איז געבליבן אומבאַקאַנט. לויט דעם געזעץ פון דער יהודהשער קאָנסטיטוציע האָט איצט די הערשאַפט צוזאַמען מיט דער כהונה־גדולה געדאַרפט איבערגיין צום עלטסטן זון, צו יהודה־אַריסטאָבול. דער לעצטער אינצידענט מיט די פרושים איז אָבער נישט אַריבער אין גאַנצן שפּורלאָז און דער אַלטער פירשט האָט פאַר זיין טויט באַשטימט זיין פרוי ווי אַ הערשערין פון יהודה און זיין עלטסטן זון האָט ער איבערגעלאָזן בלויז דעם כהן־גדול־טיטל.

אַריסטאָבול — דער זעלביקער, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין ברודער אַנטיגאָנאָס אָפּגעהאַלטן אַ גלענצנדיקן נצחון איבער די סאַמאַריער — האָט זיך אָבער מיט די כהן־גדול־קליידער נישט באַנוגנט. ער האָט גע־וואָלט אויך הערשן. און ער האָט עס אויסגעפירט: ער האָט פאַרשלאָסן די מאַמע אין אַ געפענגעניש, וואו זי איז אין גיכן אויסגעגאַנגען פון הונ־גער, באַזייטיקט אויך די ברידער און זיך געלאָזט קרוינען ווי קעניג פון יהודה, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס לויט די טראַדיציעס פון פאָלק האָט געקענט טראָגן דעם טיטל נאָר אַזאַ, וואָס אין זיינע אָדערן פליסט דאָס בלוט פון דוד המלך. דער קעניגלעכער טיטל האָט אָבער נישט פאַרגרע־סערט ני׳שט זיין מאַכט און נישט זיין אָנזען, און אויף די מטבעות, וואָס זיינען געגאָסן געוואָרן אין זיין צייט, שטייט אויך נישט מער, ווי: „יהודה כהן גדול והבר היהודים (יהודה דער כהן גדול און די יהודהער גע־זעלשאַפט)".

אין זיין באַציאונג צו די פּאַרטייען איז אַריסטאָבול נאָך פיל ווייטער אַוועק פון זיין פאָטער אין די לעצטע יאָרן און ווי ס׳איז צו זען פון די ווייניקע ידיעות, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונדז איבער דער קורצער

צייט פון זיין הערשן, האָט ער זיך אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דער השפּעה פון די וועלטלעכע צדוקים. צוליב זיין איבערטריבענער ליבע צו אַלעם גריכישן איז ער פון די גריכישע היסטאָריקער געקרוינט געוואָרן מיטן ביינאָמען „פילהעלען" (העלענער־פריינט); גראָד דאָס אָבער האָט אָפּגע־שטויסן פון אים די ברייטע מאַסן פון פאָלק, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער זייט פון די פּרושים און האָבן זיך געהאַלטן ביי די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און מנהגים.

קעניג אַריסטאָבול איז נישט באַליבט געווען ביים פאָלק אויך צוליב זיינע אכזריותדיקע מעשים קעגן זיין מוטער און קעגן זיינע ברידער. פון די לעצטע האָט אַריסטאָבול געלאָזן ביי זיך נאָר זיין ליבלינג אַנטיגאָנאָס, און ווען זיינע הויף־יועצים האָבן אים איינגערעדט, אַז ער ,אַנטיגאָנאָס, זוכט זיך צו דערווערבן די ליבע פון דער אַרמיי און פון פאָלק, כדי לייב־טער צוצוקומען צו דער מאַכט — האָט ער אויך אים געלאָזן אומברענגען.

דער דאָזיקער טרויעריקער פאַקט ווערט פון פאָלק אַזוי געשילדערט: ס'איז געווען סוכות, און דער קעניג אַריסטאָבול איז געלעגן קראַנק. דער־ווייל האָט זיך אנטיגאָנאָס אומגעקערט פון אַ געלונגענער מלחמה, און גלייך נאָך זיין אָנקומען אין שטאָט, האָט ער זיך, אין פולער באַוואָפענונג און אין דער שפּיץ פון דער אַרמיי, געלאָזן גיין צום בית־המקדש, כדי אָפּצוריכטן די עבודה און אָפּצוהאַלטן אַ תפלה פאַרן קעניגס געזונט. דאָס פאָלק האָט דעם באַליבטן פּרינץ אויפגענומען באַגייסטערט און דערמיט האָבן זיך באַנוצט זיינע שונאים, כדי צו פאַרזיכערן דעם קראַנקן קעניג, אַז זיין ברודער טראָגט זיך ארום מיט אַ פּלאַן פון אַ מלוכה־איבערקערע־ניש און צו דעם צוועק האָט ער זיך עס איצט אַזוי פייערלעך אַוועקגעלאָזן צום בית־המקדש. דער אויפגערייצטער קעניג האָט דאַן אָפּגעגעבן אַ באַ־פעל זיין לייב־וואַך — צו טייטן יעדן, וואָס וועט פּרוּוון אריינגיין אין פּאַלאַץ אַ באַוואָפנטער, און אין דער זעלביקער צייט האָט ער געשיקט אַ געהיימען שליח צו אַנטיגאָנאָסן מיטן אָנזאָג, דער לעצטער זאָל זיך גלייך מעלדן צו אים נישט באַוואָפנט. דער שליח איז אָבער איבערגענומען גע־וואָרן פון די פאַרביסענע הויף־לייט, וועלכע האָבן אים אָנגערעדט, ער זאָל איבערגעבן אַנטיגאָנאָסן אין קעניגס נאָמען, ער זאָל שוין קומען אין פּאַלאַץ אין זיין נייער באַוואָפענונג. אַנטיגאָנאָס האָט דערהאַלטן דעם פאַלשן באַפעל, און איז גלייך אַוועק צום פּאַלאַץ, וואו ער איז דערהרגעט

געוואָרן פון זיין ברודערס לייב־שומרים. דער טויט פון דעם געליבטן ברו־דער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די קראַנקהייט פון דעם פיזיש־שוואַכן קעניג, און ער איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן, זיצנדיק אויפן טראָן נישט מער ווי איין יאָר.

די אויסערלעכע פּאָליטיק פון יהודה האָט זיך ווייטער געפירט אין דער ריכטונג פון דעם אַלטן יוחנן־הורקנוס, און אַריסטאָבול האָט אויך געשטרעבט צו פאַרברייטערן די גרענעצן פון זיין לאַנד. ער האָט אונטער־גענומען אַ קריגס־צוג (צוזאַמען מיט זיין ברודער אַנטיגאָנאָס) קעגן די איטורייער און טראַכאָניטן און האָט איינגענומען דעם גאַנצן געביט, וואָס זיי האָבן באַוואוינט, אין די גרענעצן פון יהודה; דערביי האָט ער זיך אויך געהאַלטן ביי זיין פאָטערס סיסטעם און די באַזיגטע פעלקער זיינען גע־צוואונגען געוואָרן אָנצונעמען די יידישע אמונה.

נאָך אַריסטאָבולס טויט איז דער טראָן פון יהודה איבערגעגאַנגען צו זיין יונגערן ברודער יהונתן אָדער ינאַי, מיט דעם גריכישן נאָמען אַלעקסאַנדער. ער איז געווען דער עלטסטער פון די דריי געפאַנגענע ברידער, וואָס די אלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם קעניג האָט איצט באַפרייט, און אַזוי ווי אַריסטאָבול איז געשטאָרבן אָן קינדער, האָט דער נייער קעניג און כהן גדול, אַלעקסאַנדער־ינאַי חתונה געהאַט (מיבם גע־ווען) מיט דער אלמנה פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, וואָס האָט זיך אויך גערופן מיט אַ טאָפּלטן נאָמען: שולמית־אַלעקסאַנדראַ.

ווי ס׳איז צו גלויבן, האָט דער נייער קעניג אין דער ערשטער צייט זיך דערנענטערט צום פאָלק און אַפילו אויך צוריקגעגעבן די פּרושים זייערע אַלע אַמאָליקע פּאָסטנס. דער פירער פון די פּרושים, שמעון בן שטח, האָט אָנגעהויבן, ווי אַ ברודער פון דער קעניגין, אָפט צו קומען אין הויף, און דאָס פאָלק בכלל האָט זיך באַצויגן צום קעניג מיט צוטרוי און ליבע; דער דאָזיקער צושטאַנד האָט זיך אָבער לאַנג נישט געצויגן. אַ זון פון אַ קריגערישער פאַמיליע איז אַלעקסאַנדער ינאַי פון געבורט אָן געווען אַ סאָלדאַט, און דערצו איז צוגעקומען נאָך אַן אומשטאַנד, וואָס האָט אים געהאָלפן באַזונדערס שטאַרק צו אַנטוויקלען זיינע קריגערישע אייגנשאַפטן. דער אַלטער יוחנן־הורקנוס האָט דעם איצטיקן קעניג אין דער יוגנט נישט ליב געהאַט, און נישט קענענדיק אים פאַרטראָגן נעבן זיך, האָט ער אים אָוועקגעשיקט דערציען קיין גליל, וואו דער נישט־באַ־

גאַבטער פּרינץ האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן זיינע קריגערישע ניי־גונגען. איצט, ווען דער צופאַל האָט דעם קאַמפּס־לוסטיקן אַלעקסאַנדער־יאַנאַי אַוועקגעשטעלט אין דער שפּיץ פון דער יהודהשער מלוכה, האָט ער געזען פאַר זיך נאָר איין איינציקע מיסיע: וואָס מער מלחמות, וואָס מער קאַמפּס־נצחונות. אים האָט אָבער געפעלט די פירער־קראַפט און דער פּאָליטישער טאַקט, און מיט זיינע אומגעלומפּערטע ארויסטרעטונגען האָט ער נאָר פאַרשוועכט די פאָלקס־כוחות און נישט איין מאָל צוגעבראַכט זיין מלוכה ביזן שוועל פון אָפּגרונט. אויב אַלעקסאַנדער ינאַין איז יאָ געלונגען דורכשניטלעך צו פאַרברייטערן די גרענעצן פון יהודה אין די זיבן און צוואַנציק יאָר פון זיין הערשן, האָט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען נאָר זיין גליק און יעדנפאַלס נישט זיין חכמה און קראַפט. ווי זיין פאָ־טער, האָט ער זיך אויך באַנוצט אין זיינע קריגס־צוגן מיט געדונגענע סאָלדאַטן פון די ארומיקע שבטים: די פּיזידייער און ציליצייער. צו די סירישע סאָלדאַטן האָט ער נישט געהאַט קיין צוטרוי, צוליב דער פיינט־לעכער שטימונג, וואָס האָט געגליט ביי זיי אין האַרצן, בנוגע צו זייער אַמאָליקער וואַסאַלן, צו יהודה.

אַלעקסאַנדערס ערשטער בליק איז געווען געווענדעט צו די בערג־לענ־דער פונעם מיטעללענדישן ים, וועלכע זיינען איצט, צוליב די ארומריי־סענישן אינעם סירישן הויף, אין גאַנצן געוואָרן אומאָפּהענגיק; און פון די דאָזיקע פרייע טעריטאָריעס, וועלכע זיינען געווען באַפעלקערט מיט גריכן און פיניציער, האָט באַזונדער צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם יהודהשן קעניג די שטאָט פּטאָלאַמעאוס (עכו) מיט איר רייכער באַפעל־קערונג און אויסגעצייכנטן האַפן. דער קריגערישער אַלעקסאַנדער ינאַי האָט באַלאַגערט די דאָזיקע שטאָט מיט אַ גרויסער מחנה סאָלדאַטן. דאַן האָבן זיך די איינוואוינער געווענדעט נאָך הילף צום עגיפּטישן פּרינץ פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס, וועלכער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן זיין מוטער קלעאָפּאַטראַ. דער לעצטער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פאַרשלאַג, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אי צו פאַרגרעסערן זיין מאַכט, אי זיך צוצורוקן נענטער צו די גרענעצן פון זיין מוטערס מלוכה, און ער איז צוגעקומען מיט דרייסיק טויזנט סאָלדאַטן צו דעם יהודהשן האַפן. אַ קורצע צייט זיינען די פיינטלעכע לאַגערן געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן. און ענדלעך, אין אַ שבתדיקן טאָג, האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די גרויסע

שלאַכט, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דער פולשטענדיקער מפּלה פון דער יהודהשער אַרמיי. טויזנטער געפאַלענע זיינען אויפן שלאַכטפעלד געבליבן, מאַסן זיינען געפאַנגען געוואָרן און די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן. און דערמיט אַליין האָט זיך נאָך דער עגיפּטישער פּרינץ נישט באַפרידיקט: ער איז שרעקלעך אויפגערייצט געווען קעגן דער באַפעלקערונג פון יהודה דערפאַר, וואָס די יהודה׳ייער אין עגיפּטן שטיצן זיין מוטער אין איר קאַמף מיט אים פאַרן עגיפּטישן טראָן, און אויסער זיין נצחון איבער אַלעקסאַנדערן האָט ער זיך נאָך געוואָלט נוקם זיין אויך אין די פרידלעכע איינוואוינער פון יהודה. ער האָט זיך אַריינגעריסן אין לאַנד און געהרגעט און גערויבט, נישט שוינענדיק אַפילו פרויען און קליינע קינדער.

אַלעקסאַנדער ינאי האָט זיך דאַן געזען געצוואונגען נאָכצוגעבן דעם שטאַרקן קעגנער און ער האָט געשלאָסן אַ פרידנס־אָפּמאַך מיט דעם עגיפּטישן פּרינץ. דאָס איז אָבער געווען נישט מער ווי אַ דיפּלאָמאַטישער מאַנעווער, כדי צו געווינען צייט. אַלעקסאַנדער האָט כלומרשט נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען פון דעם עגיפּטישן טראָן־פּרעטענדענט און אין דער זעלביקער צייט האָט ער שוין געהאַט פאַרטיק אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין אין זיין באַזיגער און ווי אַזוי צוריק צו געווינען די אַלע פאַרלוירענע פּאָזיציעס און פּריווילעגיעס. ער האָט געשלאָסן אַ געהיימען אָפּמאַך מיט פּטאָלאָמעאוסעס מוטער, וועלכע האָט געקוקט מיט שרעק אויף דעם אומגעהויערן נצחון פון איר זון און איז אויך געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אים וואָס מער אָפּצושוואַכן.

און דאָ האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן די בלויזע צופעליקייט פון אַלעקסאַנדערס פּאָליטיק, וואָס האָט דעם יהודהשן פאָלק שיער נישט געקאָסט זיין פרייהייט. באַקומענדיק פון אַלעקסאַנדערן דעם פאָרשלאָג, אים צו שטיצן מיט מיליטער, איז אין דעם עגיפּטישן מלוכה־ראַט דערוועקט געוואָרן די פראַגע, צי לוינט נישט פאַר קלעאָפּאַטראַן אויסצונוצן אינגאַנצן די הילפלאָזע לאַגע פון יהודה און זי צוריק איינשליסן אין דער ריי פון די עגיפּטישע פּראָווינצן — אַזוי ווי זי איז געווען אַמאָל. און דער דאָזיקער פּלאַן וואָלט זיכער אַנגענומען געוואָרן און יהודה וואָלט זיכער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון אַ פרעמדער מלוכה; דאָ איז אָבער צוגעקומען אַ זייטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געווירקט צום גונסטן פון דער יהודהשער זעלבסטשטענדיקייט און זי ביים לעבן דערהאַלטן: אין

דער עגיפּטישער אַרמיי האָבן צוויי אַלעקסאַנדרינישע יידן, די ברידער חלקיה און חנניה, פאַרנומען זייער הויכע פּאָסטנס, און אָט דער לעצטער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּלאַן פון פאַרשקלאַפן יהודה. ער האָט דער עגיפּטישער קעניגן פשוט געדראָט מיט אַן אויפשטאַנד פון אַלע אירע יידישע אונטערטאַנען און דערצו איז די באַדייטונג פון זיינע פּערזענלעכע פעאיקייטן ווי אַ דיפּלאָמאַט און קריגס־פירער אויך צו־גרויס געווען, כדי צו קענען זיך נישט רעכענען מיט זיין צופרידנקייט אָדער אומצופרידנקייט.

קלעאָפּאַטראַ האָט זיך בכן געמוזט אָפּזאָגן פון די אַלע פיינטלעכע פּלענער קעגן יהודה, און נאָך דעם אָפּמאַך, וואָס זי האָט געשלאָסן מיט אַלעקסאַנדערן, האָט זי אים אַרויסגעשיקט צו הילף אַ גרויסע מחנה סאָלדאַטן אונטער דער אָנפירונג פון די זעלביקע צוויי יידישע ברידער. די דאָזיקע עגיפּטישע אַרמיי האָט מציל געווען נישט בלויז די פרייהייט פון דעם יידישן פאָלק, נאָר אויך — זיין לעבן, וואָרים פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס האָט זיך נאָך פריער דערוואוסט פון די אונטערהאַנדלונגען, וואָס אַלעקסאַנדער פירט מיט זיין מוטער, און ער האָט שוין געהאט אַ גרויסן טייל פון דער יהודהשער ערד מיט יידיש בלוט פאַרגאָסן — מיט בלוט פון יידישע מוטערס און יידישע קינדער, וועלכע זיינען צעהאַקט געוואָרן אויף קליינע שטיקלעך און געוואָרפן געוואָרן אין קאָכעדיקן וואַסער. לאַטוראָס האָט שוין געהאט איינגענומען די שטאַרקסטע פונקטען פון יהודה; צוקר־מענדיק צו עזה האָט אים אָבער באַגעגנט די עגיפּטישע אַרמיי, און נאָך אַ גאַנצער רייע צוזאַמענשטויסן אויפן ים און אויף דער יבשה האָט דער יידישער אָנפירער פון קלעאָפּאַטראַס מיליטער (חלקיה איז געבליבן אויפן שלאַכטפעלד) באַזיגט איר זון — דעם עגיפּטישן קרוינפּרינץ. דער לעצטער האָט זיך דאַן אומגעקערט צוריק אויף זיין אינדזל ציפּערן, און יהודה האָט פריי אויפגעאָטעמט נאָך די אַלע איבערגעלעבטע בלוטיקע אומרואיקע געשעענישן.

אַרום זעקס־זיבן יאָר האָט זיך געצויגן די שטילע צייט. דאָס אינערלעכע לעבן אין לאַנד איז זיך דערווייל געגאַנגען מיט זיין וועג, און אַזוי לאַנג ווי דער קריגערישער קעניג איז געווען פאַרנומען מיט זיינע מלחמות, האָט ער זיך באַצויגן גאַנץ נייטראַל צו די אייביקע סכסוכים צווישן די פרושים מיט די צדוקים, אָדער ער האָט זיך אין גאַנצן נישט אינטערעסירט

מיט זיי. נענטער צו די סבסוכים איז געשטאַנען זיין פרוי שלומית, וועלכע איז אַליין געווען אַ הייסע אָנהענגערין פון די פּרושים און אַדאַנק איר איינפלוס איז איר ברודער, שמעון בן שטח, אומשטאַנד געווען אויסצו־גלייכן אַלע מחלוקתן און צו דערהאַלטן דעם עפנטלעכן שלום.

די דאָזיקע נייטראַליטעט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אָדער די קריגערישע שטרעמונגען פון דעם מגושמדיקן קעניג האָבן זיך אָנגע־שטויסן אין די אייביקע נבואה־אידעאַלן פון די פּרושים־פאָלקס־פירער, אָדער דער דעספּאָטישער הערשער האָט געזען אין דעם צוריק דערוואָר־בענעם איינפלוס פון די דעמאָקראַטישע פּרושים אַ שטערונג אויף דעם וועג פון זיין מאַכט, אָדער ער האָט סתּם געוואָלט צוציען אויף זיין זייט די קריגערישע צדוקים, — אַ פאַקט איז, אַז אַלעקסאַנדער איז מיט איין מאָל אַרויסגעטראָטן ווי אַן אָפענער קעגנער פון די פּרושים און האָט אויף אַ חוצפּהדיקן אופן אָנגעגריפן זייערע הייליקסטע געפילן. דאָס איז געווען אינעם יום־טוב סוכות, און אַלעקסאַנדער האָט דערפילט די עבודה אין בית־המקדש ווי אַ כהן גדול. דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק איז געשטאַנען טיף באַגייסטערט פון דער אַרומיקער פייערלעכקייט, פון דער אַרומיקער היי־ליקער שטימונג און האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דער כהן גדול וועט, לויט אַן אַלטער מסורה, אַרויפגיסן אַ זילבערן קענדל וואַסער אויפן מזבח. דער לעצטער האָט דאָס אָבער נישט געטון, און אנשטאָט אַרויפצו־גיסן דאָס וואַסער אויפן מזבח, האָט ער עס חוצפּהדיק אויסגעגאָסן פאַר זיינע פיס. פאַרביטערט און אויפגעקאָכט פון דעם דאָזיקן העזהדיקן אַרויסטריט האָבן די פאַרזאַמלטע באַוואָרפן דעם פאַרהאַסטן כהן גדול מיט די אתרוגים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט, און עס וואָלט אפשר דער שענדלעכער באַליידיקער פון די פאָלקס־געפילן מיט זיין לעבן באַצאָלט דערפאַר, ווען ער וואָלט נישט רופן גלייך צו הילף זיינע געדונ־גענע פיזידישע און ציליצידישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען ווי צוגעגרייט געווען צו דעם אויפשטאַנד און האָבן זיך ווי צערייצטע, ווילדע חיות אַרויפגעוואָרפן אויפן פאָלק. ביז זעקס טויזנט מאַן זיינען דאָן געפאַלן אין בית המקדש ווי קרבנות פון אַלעקסאַנדערס אכזריות, און כדי אויסצו־מיידן נאָך אַזאַ אויסברוך פונעם פאָלקס־צאָרן אין דער צוקונפט, האָט ער זיין פּלאַץ אין בית־המקדש אָפּגעטיילט פון דעם זאַל, וואו דאָס פאָלק האָט זיך געפונען, מיט אַ הילצערנער וואַנט. און נישט נאָר אין בית המקדש

— נאָך דעם בלוטיקן צוזאַמענשטויס איז אויך אין לעבן אויסגעוואַקסן אַן אייזערנע וואַנט, אַ וואַנט פון צאָרן און פאַרביטערונג, וואָס האָט אָפּגע־טיילט דאָס פאָלק פון זיין טיראַנישן הערשער מיט זיינע שטיצער און אַנ־הענגער. די אומגליקלעכע שפּאַלטונג אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן פאַר די צייטן פון רחבעם און ירבעם האָט זיך איצט איבערגעחזרט אין דער געשטאַלט פון די ביידע פּאַרטייען, וואָס זיינען גרייט געווען צו קעמפן צווישן זיך — אויף לעבן און טויט.

און דער בלוטיקער הערשער האָט זיך גענומען צוריק צו זיין אַרבעט — שוין צו לאַנג איז ער געזעסן אויף איין אָרט. ער האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעטראָגן מיט זיינע גרויסע קריגס־פּלענער, און איצט האָט ער גע־גלויבט צו געפינען אַן אויסרייד דערצו. ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף די געגנטן פון יענער זייט ירדן און אין דרום־מזרח זייט פון טבריה, און האָט זיך אַוועקגעלאָזן אַהין מיט מיליטער; אים איז אָבער אַרויס אַנט־קעגן דער נאַבאַטעאישער קעניג אָבאָדאַ און האָט אים פאַרנאַרט אין אַ טיפן גראָבן צווישן די גלעד־בערג, וואו אַלעקסאַנדערס אַרמיי איז כמעט אינגאַנצן אומגעקומען און ער אַליין איז קוים אַ לעבעדיקער צוריקגעקומען קיין ירושלים.

דאָס האָט נאָך מער צעפלאַמט די פאַרביטערונג פון די פּרושים און זייי געגעבן נייעם שטאָף צו דער אַגיטאַציע קעגן אַלעקסאַנדערן. אין אַ פאַרלויף פון זעקס יאָר (89 - 84) האָבן נישט אויפגעהערט די בלוט־טיקע אויפשטאַנדן און די אינערלעכע מלחמות. אַלעקסאַנדערן האָט זיך אפילו איינגעגעבן צו דערשטיקן יעדן אויפשטאַנד גלייך ביי זיין אויס־ברוך מיט דער הילף פון געדונגענע סאָלדאַטן; די אינערלעכע פאַרביטע־רונג פון פאָלק איז ער אָבער נישט אומשטאַנד געווען איינצושטילן. ביי יעדער „באַרואיקונג" איז פאַרגאָסן געוואָרן בלוט און דאָס האָט געדינט אַלס אַנהייב פאַר אַ נייעם אויפשטאַנד.

ענדלעך איז דער דעספּאָטישער אַלעקסאַנדער שוין אויך מיד גע־וואָרן, און ער האָט דער ערשטער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו די פּרו־שים; זייער פאַרביטערונג איז אָבער געווען צו שטאַרק, צו גיפטיק און זיי האָבן זיין האַנט אָפּגעשטויסן. אַלעקסאַנדער האָט פאָרגעלייגט די פּרו־שים, זיי זאָלן אים אַרויסשטעלן זייערע פרידנס־באַדינגונגען; אויף דעם

האָבן די לעצטע אים געענטפערט, אַז זייער ערשטער באַדינג איז — זיין טויט.

און ביז אַזוי ווייט איז דערגאַנגען דער פאַרביטערטער כעס פון די פּרושים, און אַזוי שטאַרק האָט געפלאַמט אין זייערע הערצער דער דורשט, זיך נוקם צו זיין אָן דעם בלוטיקן הערשער מיט זיינע יועצים און שטי־צערס, אַז זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט די אומגליקן, וואָס רייסן זיך אַריין אין לאַנד צוזאַמען מיט די בלוטיקע ברידער־מלחמות, און ביי זיי איז רעכט געוואָרן זיך צו ווענדן צו דעם דעמאָלטיקן סירישן קעניג, דימיט־ריאָס אייקעראָס, מיט דעם פאָרשלאָג, ער זאָל אַריינפירן זיינע סאָלדאַטן אין יהודה און קעמפן מיט זיי צוזאַמען קעגן דעם חשמונאישן הערשער, וואָס האָט פאַרפלעקט דעם טראָן מיטן בלוט פון זיין פאָלק.

און ס׳איז ווירקלעך אַזוי געווען. אַנטיוכס עפּיפאַנוסעס אייניקל האָט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון די יהודהשע רעוואָלוציאָ־נערן, און זיך גלייך אַריינגעריסן מיט אַ מחנה סאָלדאַטן אין צענטער פון יהודה; דאָן איז אים אַלעקסאַנדער אַרויס אַנטקעגן ביז שכם, און אויף דער שומרונישער ערד האָט זיך צעפלאַקערט אַ בלוטיקע שלאַכט, אין וועלכער עס האָבן געקעמפט יידן קעגן יידן און גריכן קעגן גריכן.

געענדיקט האָט זיך דער בלוטיקער צוזאַמענשטויס מיט דער פול־שטענדיקער פאַרניכטונג פון אַלעקסאַנדערס געדונגענע מחנות, און ער אַליין האָט געמוזט אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין די בערג פון אפ־רים (98).

דאָ האָבן זיך די יהודהשע רעוואָלוציאָנערן אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך נוקם געווען אָן דעם פאַרהאַסטן קעניג: ער איז עלנט, פאַרטריבן, זיין מאַכט איז דערשלאָגן. וואָס וועט אָבער זיין מיטן פאָלק? סאָלדאַטן פון אַ פרעמדער מלוכה האָבן אין זייערע הענט יהודהשע שטעט, יהודהשע דער־פער; קינדער פון אַ פרעמדן, געצנדינערישן פאָלק קעמפן פאַר די יידישע אידעאַלן, זיינען זיך נוקם פאַר פאַרשוועכטע יידישע הייליקייטן. שטייט דאָ נישט פאַר אַ שרעקלעכע געפאַר פאַר דעם קיום פון דער גאַנצער אומה?

און דאָס פּאַטראָטישע געפיל האָט געזיגט: זעקס טויזנט פּרושים זיינען איבערגעגאַנגען אויף אַלעקסאַנדערס זייט, און דער סירישער הער־שער האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. געבליבן איז אָבער נאָך אַ גרויסע

צאָל פאַרביסענע פּרושים־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן באַשלאָסן ווייטער צו פירן דעם קאַמף קעגן אַלעקסאַנדערן אָן דער הילף פון פרעמדע סאָל־דאַטן; אַלעקסאַנדערן איז אָבער נישט שווער אָנגעקומען זיי צו באַזיגן, און ווען זיי האָבן ענדלעך באַהאַלטן אין דער פעסטונג ביתם, האָט ער זיי באַלאַגערט און איינגענומען. די געפאַנגענע רעוואָלוציאָנערן זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין ירושלים, און ווידער האָט דער מערדערישער קעניג פאַרפלעקט די גאַסן פון דער יהודהאישער הויפּטשטאָט מיט אַ שוידער־לעכן בלוט־באָד: ער האָט געלאָזט (אונטער דער השפּעה פון זיין צדוקישן פּריינט דיאָגאָן) אויפהענגען אַכט הונדערט פון די געפאַנגענע רעוואָלו־ציאָנערן, און געטויט פריער זייערע ווייבער און קינדער — זיי אין די אויגן.

די לעגענדע גיט נאָך צו, אַז בשעת די דאָזיקע בלוטיקע סצענעס, האָט אַלעקסאַנדער זיך געפונען אין דער געזעלשאַפט פון אויסגעלאַסענע פרויען, מיט וועלכע ער האָט געשיכורט און געהוליעט. איז דאָס געווען פּשוטע אכזריות פון אַ מערדערישער נאַטור אָדער אַ פאַרשיכורטער אויס־ברוך פון לאַנג דערשטיקטע נקמה־ליידנשאַפטן? גיכער לאָזט זיך גלויבן דאָס ערשטע, און ווי אַזעלכן האָט אים אנערקענט אויך דאָס פאָלק, קרוי־נענדיק אים מיט דעם שענדלעכן ביינאָמען „טרסי" (ווילדער, תלין, רוצח); אַלעקסאַנדער האָט זיך אָבער צו דער צייט גאַנץ ווייניק גערעכנט מיט דער שטימונג פון פאָלק און ער האָט איצט מיט פולער צופרידנקייט געפייערט דעם יום־טוב פון זיין פולשטענדיקן נצחון איבערן אינערלעכן שונא. ביז פופציק טויזנט מאָן פוןביידע זייטן זיינען אומגעקומען אין דעם פאַר־לויף פון דער צייט, זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן אין לאַנד די בלוטיקע מלחמות, און איצט האָבן די פּרושים אינגאַנצן באַפרייט אַלעקסאַנדערן מיט זיין באַנדע פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די גרויזאַמע שחיטות און רציחות פון דער לעצטער צייט האָבן אוממעגלעך געמאַכט פאַר די פּרושים, צו פאַרבלייבן אין לאַנד, און אין דער נאַכט פון די אַכט הונדערט תליות זיינען אַכט טויזנט פּרושים, מיט זייער אָנפירער שמעון בן שטח, אַנטלאָפן פון יהודה. מיט טיפע וואונדן אין האַרצן האָבן די דאָזיקע בעס־טע זין פון פאָלק זיך דערווייטערט פון זייער היים פון זייערע בערג און טאָלן, פון זייער בית־המקדש; זייערע אויגן זיינען אָבער אויך ווייטער גע־בליבן געווענדט צו דער זייט פון יהודה, און טיף אין האַרצן האָבן זיי

נישט אויפגעהערט צו האָפן אויף יענער צייט, ווען גאָט וועט אויפריכטן זייער לאַנד און עס באַפרייען פון זיינע שלעכטע אכזרישע פירער. באַזעצט האָבן זיך די עמיגראַנטן אין סיריע און מצרים.

און יהודה האָט זיך „באַרואיקט" — קיינער איז נישט געשטאַנען דעם בלוטיקן הערשער אין וועג. ער האָט זיך דערײַבער געקענט איצט פריי איבערגעבן זיין אַלטער ליידנשאַפט צו פירן מלחמות, און ער האָט עס ווירקלעך געטאָן. נישט געקוקט אויף זיינע אַלע מפּלות האָט זיך אַלעקסאַנדערן שוין ביז דער צייט דאָך געהאַט איינגעגעבן צו פאַרגרעסערן יהודה מיט אַ גאַנצער רייע שטעט און געגנטן: אויף דער זייט ירדן פון ראַפיאַ אין דרום ביז צו די כרמל־בערג אין צפון, און אויף יענער זייט — פון סעליציע אין צפון ביז דער פאַלמענשטאָט צער, אין דרום־זייט פון ים המלח. די איינגענומענע פונקטן האָט אַלעקסאַנדער געלאָזן גוט באַפעסטיקן, און די פעסטונגען אַלעקסאַנדריאָן ביים ירדן, מכור ביים ים המלח און הירקאַניאָן, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך פאַר זיין פאָטער, זיינען געווען באַרימט ווי אומבאַזיגבאַרע שוץ־פּאָזיציעס. צוזאַמען מיט די פיל איינגענומענע געביטן איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער יהודהשער קרוין אויך אַ גרויסע גריכישע באַפעלקערונג, און אַלעקסאַנדער האָט געלאָזן אויסגיסן מטבעות, וואָס האָבן געהאַט אויף זיך צוויי אויפשריפטן: אַ העברעאישן מיט אַ גריכישן. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַקט אין דער נייער יידישער מלוכה פון באַנוצן זיך אָפיציעל אויך מיט אַן אַנדער שפּראַך אויסער העברעאיש. די דאָזיקעביידע אויפשריפטן האָבן באַצייכנט אַלעקסאַנדערן ווי קעניג, בשעת די פריערדיקע מטבעות האָבן נאָך געטראָגן אויף זיך דעם טראַדיציאָנעלן בלויז־העברעאישן אויפשריפט: יהונתן הכהן הגדול וחבר היהודים (יהונתן — ינאַי — דער כהן גדול און די יהודהער־געזעלשאַפט).

איצט האָט זיך אַלעקסאַנדער ווידער אַוועקגעלאָזן אויפן שלאַכטפעלד, און נאָך אַ דריי־יאָריקן קאַמף מיט פאַרשידענע קעגנער, וואָס האָט זיך געענדיקט אַמאָל מיט אַ מפּלה און אַמאָל מיט אַ נצחון פון דער יהודהשער אַרמיי, — האָט זיך אַלעקסאַנדער דאָך אומגעקערט קיין ירושלים ווי אַ זיגער. יהודה איז ווידער פאַרגרעסערט געוואָרן מיט עטלעכע באַדייטנדיקע טעריטאָריעס, און דער אַלטער חלום פון די ערשטע חשמונאים איז שוין כמעט פאַרווירקלעכט געוואָרן: די גרענעצן פון יהודה האָבן פאַרנו־

מען דעם גאַנצן שטח — פון ים ביזן מדבר. די דאָזיקע נצחונות פון דער לעצטער צייט האָבן געמילדערט אָביסל אויך די באַציאונג פון פאָלק צום קעניג, און עס האָט זיך געלאָזן גלויבן, אַז די אַלע אַלטע חטאים און רצי־חות פון דעם גרויזאַמען הערשער זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פונעם פאָלקס־זכרון.

בכלל האָט זיך אַלעקסאַנדער אין דער צייט גאַנץ ווייניק אָפּגעגעבן מיט די אינערלעכע אַנגעלעגנהייטן פון לאַנד — ער איז כסדר פאַרנומען געווען מיט זיינע מלחמות. אַזוי ווי ער האָט געליטן פון אַ שטאַרקן פיבער, וואָס האָט אים אומאויפהערלעך געמאַטערט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, האָט ער דאָך נישט פאַרלאָזן דאָס באַליבטע שלאַכטפעלד, און ביי איינער פון זיינע מיליטערישע אָפּעראַציעס, ביי דער באַלאַגערונג פון ראַגאַבאַ, האָט זיך זיין קראַנקייט שטאַרק פאַרערגערט. דער שאָטן פון טויט האָט אָנגעהויבן אַרומשוועבן פאַר די אויגן פון דעם קריגערישן הער־שער, און — דאָס געוויסן האָט אין אים דערוואַכט. ער האָט באַשטימט דער פרומער און ערלעכער קעניגן, וועלכע איז צו אים געקומען, ווי אַ פאַקטישע מלוכה־פירערין און האָט איר אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך דערנענ־טערן צו די פרושים, זי זאָל זיי איבערגעבן די גאַנצע הנהגה פון לאַנד און קיין זאַך נישט טון אָן זייער איינשטימונג. דערביי האָט ער איר אויך אויס־געדריקט זיין ווילן, מ׳זאָל די סאָלדאַטן נישט געבן צו וויסן וועגן זיין טויט. אַזוי לאַנג ביז די באַלאַגערטע פעסטונג וועט זיך נישט אונטערגעבן, און דאַן — זאָל מען זיין קערפּער איבערגעבן צו די פרושים אין די הענט, זיי זאָלן איבער אים אויספירן זייערע נקמה־געפילן אָדער — אים באַ־גראָבן מיט כבוד.

און די פרושים האָבן טאַקע אָנגעווענדט זייערע נקמה־געפילן, אָבער נישט איבערן קערפּער פון געשטאָרבענעם. דער קערפּער פון געשטאָרבע־נעם אַלעקסאַנדער יאַנאַי (אויפן 50־טן יאָר פון זיין לעבן און 27־טן פון זיין הערשן) איז איבערגעפירט געוואָרן קיין ירושלים, וואו די קעניגן האָט אים געלאָזן באַגראָבן מיט פייערלעכקייט און פּאַראַד. די פרושים האָבן אָבער דער טאָג פון זיין שטאַרבן אַריינגענומען אין דער ריי פון די נאַ־ציאָנאַלע יום־טובים, און אין דער באַשטימונג פון דער דאַטע לויט די רע־גירונגס־יאָרן פונעם חשמונאישן כהן גדול, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייבן: „אין דעם און דעם יאָר צו דער הערשונג פונעם כהן־גדול״, אַנשטאָט דעם

טראַדיציאָנעלן נוסח: „אין דעם און דעם יאָר צו דער הערשונג פונעם כהן־גדול פון דעם אַלערהעכסטן גאָט“.

אין דער שפּיץ פון יהודה איז איצט אַוועקגעשטעלט געוואָרן שלומית, מיט דעם הערשער־נאָמען אַלעקסאַנדראַ; און אויב ס'איז מעגלעך צו ריידן וועגן צוויי ריכטונגען אין אַ מלוכה־לעבן, וואָס זיינען אינגאַנצן אַנטקעגנגעזעצט איינע דער אַנדערער, לאָזט זיך עס אַמבעסטן אילוסטרירן מיט דער מלוכה־ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יהודה נאָך דעם טויט פון דעם קריגערישן קעניג. אַלעקסאַנדער האָט דאָס לאַנד געהאַלטן אין די גאַנצע זיבן און צוואַנציק יאָר פון זיין הערשן, ווי אין אַ ווילדן, ברויזנדיקן שטורעם; איז רואיק געוואָרן פון אויסנווייניק, האָבן זיך אין לאַנד גופא אָנגעהויבן מהומות און איבערקערענישן און בלוט־פאַרגיסונגען, און ביי דער מינדסטער באַרואיקונג אין לאַנד, האָט עס זיך גלייך ווידער אָנגעהויבן צו טרייסלען צוליב אַ מפּלה פון אויסנווייניק.

איצט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צייט פאַר דער אויסגעמאַטערטער יהודה — אַ צייט פון מנוחה און פרידן. אַליין אַ איבערצייגטע אַנהענגערין פון די פרושים, האָט די קעניגין דאָך פאַרשטאַנען, אַז ניט אַיבער צו בייגן איינגאַנצן אין איין זייט, כדי ניט נאָך מער אויפצורייצן די אויפגערעגטע ליידנשאַפטן און דעם בלוטיקן האַס, וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן די ביידע פאַרטייען, ווי צוויי פיינטלעכע לאַגערן, איינע קעגן דער אַנדערער. די פרושים ווי די צדוקים, ביידע האָבן ליב דאָס פאָלק, ביידע ווילן עס זען גליקלעך — נאָר ווי אַזוי ביידע געמיינזאַם אַרבעטן פאַר זיין גליק און וואוילשטאַנד, לערער אויף דעם געביט, צו וועלכן ער איז אָנ־מען טון צוגעפּאַסט. אַט דעם וועג פונעם אַלטן יוחנן הורקנוס אין די ערש־טע יאָרן פון זיין גרויסקייט, האָט זיך אויך אויסגעוויילט אַלעקסאַנדראַ, און אַזוי ווי ער, האָט זי אויך איבערגעגעבן אַלע אינערלעכע אַנגעלעגנ־הייטן פון לאַנד אין די הענט פון די פרושים, און איבערגעלאָזט די פי־רונג פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק און פון דער אַרמיי — די צדוקים.

דאָס פאָלק האָט פאַר אַלעקסאַנדראַס הערשאַפט פריי אָפּגעאָטעמט. קיינער פון די שכנישע פירשטן האָט נישט געוואַגט זיך אַריינצורייסן אין די גרענעצן פון דער מעכטיקער יהודה; דער אַריסטאָקראַטיש־שטרענגער רעזשים האָט אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן זיין פּלאַץ די דעמאָקראַטיש־מענטשן־

פריינטלעכע איינפירונגען פון די פרושים, און די נאַטור אַליין האָט אויך געבענטשט דאָס לאַנד מיט אַן אומגעוויינלעכער פרוכטבאַרקייט.

ווי אַ כהן גדול האָט די קעניגין באַשטימט איר עלטסטן זון הורקנוס, אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער און מיט גאַנץ ווייניק פעאיקייטן צו וועלכן ס'איז שאַרפן, עפנטלעכן אַרויסטריט, און דאַקעגן האָט זי דעם יינגערן זון, אַריסטאָבול, מיט דעם קריגערישן טעמפעראַמענט און די צדוקישע נייגונגען פון פאָטער, — אינגאַנצן דערווייטערט פון די מלוכה־אַנגעלעגנהייטן. די מיטווירקונג און די גאַנצע פאַקטישע אינערלעכע הנהגה פון לאַנד איז איצט אַלזאָ איבערגעגאַנגען צו די נאָענטע יועצים און הויף־לייט פון דער קעניגין, און די זיינען געווען כסדר פרושים. דעם ערשטן פלאַץ צווישן די דאָזיקע יועצים, וואָס האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער מלוכה־פירונג, איז געווען דער קעניגינס ברודער, שמעון בן שטח, וועלכער האָט זיך נאָך אַלעקסאַנדערס טויט אומגעקערט קיין יהודה צוזאַמען מיט זיין חבר יהודה בן טבאי און מיט נאָך פיל פון די פאַרטריבענע פרושים. זיין באַטייליקונג אין דעם מלוכה־לעבן פון יהודה פאַר דער צייט איז געווען אַזוי אַנגעזען, אַז די כראָניקער שטעלן אים שטענדיק צוזאַמען מיט דער קעניגין און שרייבן: „אין די טעג פון שמעון בן שטח און דער קעניגין שלומית".

ביי אַזאַ צושטאַנד האָט זיך פאַרלוירן דער איינפלוס פון די צדוקים אינגאַנצן, און זייערע פאָזיציעס זיינען איצט געווען אַזוי שוואַך, אַז זיי האָבן כמעט אָן אַ ווידערשטאַנד געמוזט ביסלעכווייז אָפּטרעטן אַלע זייערע פלעצער אין די רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון לאַנד. אין דער שפּיץ פון סנהדרין האָבן זיך אַוועקגעשטעלט שמעון בן שטח מיט דעם דערמאָנטן בן טבאי, און זייער ערשטע אַרבעט איז געווען אויסצוראָטן די איבערגעבליבענע שפּורן פון די פריערדיקע, צדוקישע, איינפירונגען און אָרדענונגען. אויף וויפיל דאָס פאָלק איז צופרידן געווען פון דעם דאָזיקן גייסטיקן אויפשטאַנד קעגן דער שטרענגער געזעצלעכקייט פון די צדוקים, קען עדות זאָגן דער פאַקט, וואָס עס האָט באַשטימט צו פייערן יאָר יערלעך דעם טאָג (14 תמוז), ווען עס איז צוריק איינגעפירט געוואָרן אין לאַנד דער שטראָף־קאָדעקס פון די פרושים.

די צוריקאויפשטעלונג, און באַנייאונג פון סנהדרין און פון גאַנצן לעבן אין לאַנד האָט אויך געפאָדערט אירע קרבנות. דאָס סנהדרין האָט

פאַראורטיילט עטלעכע פון די צדוקישע אָנפירער, אויף וועלכע דאָס פאָלק האָט געקוקט, ווי אויף שולדיקע אין די אַלע הריגות און שחיטות פון דעם געוועזענעם הערשער, און נאָך דער באַשטעטיקונג פון דער קעניגין, איז דער אורטייל אויסגעפירט געוואָרן. אָט די יורידישע באַשטראָפונג פון די עטלעכע פאַרהאַסטע צדוקים האָט אָבער נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויפן לאַנד, ווי די גאַנצע טעטיקייט פונעם באַנייטן סנהדרין, וואָס האָט זיך אין זיין פּראַקטיק כסדר אָנגעשטויסן אין צדוקישע באַגריפן און געזעצ־אויסטייטשונגען. דאָס פאָלק מוז אָנהויבן לעבן צוריק לויט די געזעצן פון דער תורה, ווי די מסורה טייטשט זיי אויס; דער לעבנס־גייסט פון פאָלק דאַרף נישט פאַרגליווערט ווערן, דאַרף זיך נישט איינשליסן אין די ראַמען פון דעם געשריבענעם וואָרט, נאָר אים וועבן און ווייטער ציען און צו־פּאַסן זיינע אַלטעגלעכע אינטערעסן צו דעם הויכן גייסט פון דער געטלע־כער תורה; די גאַנצע געזעצגעבונג פון לאַנד דאַרף פירן דערצו, עס זאָל אויפגעהויבן ווערן די יידישע געזעלשאַפט און פאַרקערפּערן מיט זיך די העכסטע אידעאַלן פון דער יידישער נבואה — דאָס איז געווען די הייסע שטרעבונג פון די איצטיקע באַנייער; און כדי וואָס בולטער צו מאַכן דעם שטעמפּל פון זייער גייסט און לערע אויף דעם לעבן פון פאָלק, האָבן זיי געמוזט פאַרשטאַרקן זייערע געזעצן און דינים מיט פאַרשידענע סיגים און חומרות און האַרבע שטראָפן, וואָס זיינען אָפט דערגאַנגען ביז צו די שאַרפסטע עקסטרעמען. עס איז געווען אַ סכסוך צווישן די פרושים מיט די צדוקים אין דער פראַגע וועגן באַשטראָפן פאַלשע עדות (ביי קרימינעלע פּראָצעסן). לויט די צדוקים איז אויסגעקומען, אַז פאַלשע עדות דאַרפן נאָר דאַן באַשטראָפט ווערן, אויב דער אָנקלאָגער איז צוליב זייער עדות זאָגן פאַראורטיילט און באַשטראָפט געוואָרן, און דאַקעגן האָבן די פרושים גע־פאָדערט אַ שטראָף פאַר אַ פאַלשן עדות אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען די פאַלשקייט פון זיין עדות זאָגן האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך פאַרן אור־טייל און דער באַשולדיקטער איז אַרויס פריי. איצט איז פאַרגעקומען אַזאַ פאַל אינעם באַנייטן סנהדרין, און יהודה בן טבאי האָט דעם עדות באַ־שטראָפט „אויף צו להכעיס די צדוקים", דערביי איז ער אָבער באַגאַנגען אַ געוואַלדיקן יורידישן פעלער און האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז לויט דעם זין פון געזעץ קען מען נאָר דאַן באַשטראָפן פאַר פאַלש עדות זאָגן, ווען קעגן דעם באַשולדיקטן זיינען אַרויסגעטראָטן צוויי עדות, אָבער נישט

איינער, ווייל ביי איין עדות קען אין אַלגעמיין קיין באַשולדיקונגס־אור־טייל נישט אַרויסגעטראָגן ווערן. אַזאַ עקסטרעמע שטרענגקייט צוליב די פאָדערונגען פון דער צייט האָט זיך נאָך עטלעכע מאָל אַרויסגעוויזן אין דער טעטיקייט פון סנהדרין, און ווי די לעגענדע דערציילט איז שמעון בן שטחס אייגענער זון אויך געפאַלן ווי אַ קרבן פון אַזאַ מין יורידישן טעות.

די דאָזיקע ביידע פירער האָבן דעריבער אָנגעזאָגט זייערע נאָכפאָל־גער, זיי זאָלן זיין פאָרזיכטיק ביים אויספרעגן די עדות און דעם באַשול־דיקטן און זען אויסמיידן יעדן טעות, און צו דעם צוועק פון איינפלאַנצן אַט די געריכטלעכע פאָרזיכטיקייט איז, ווייזט אויס, געשאַפן געוואָרן אין יענער צייט אויך די שיינע דערציילונג שושנה. דאָרט דערציילט זיך דאָס ווייטערדיקע: צוויי אויסגעלאַסענע מענער האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף דער גאָטספאָרכטיקער און ערלעכער פרוי פון דעם אָנגעזעענעם יהויקים, מיטן נאָמען שושנה, און ווען זי האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן זייער שענדלעכן פאָרשלאָג, זיינען זיי אַרויסגעטראָטן אין געריכט און האָבן עדות געזאָגט, אַז זי האָט ביי זיך אין גאָרטן פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט אין אויסגעלאַסענע אַרומנעמען זיך מיט אַ יונגנמאַן. די ריכטער האָבן גע־גלויבט די עדות און די פרוי האָט שוין געזאָלט פאַראורטיילט ווערן; דאָ האָט זיך אָבער אויפגעשטעלט דער קלוגער דניאל און געפרעגט די עדות, אונטער וועלכן בוים עס זיינען פאָרגעקומען די שענדלעכע סצענעס, און ווען די לעצטע האָבן זיך סותר געווען איינע די אַנדערע אין זייערע רייד האָט דאָס געריכט איינגעזען, אַז זיי האָבן פאַלש עדות געזאָגט און גע־וואָלט פאַרגיסן אומשולדיק בלוט.

דאָס באַנייטע סנהדרין האָט רעפאָרמירט אַלע געביטן פון דעם פאָלקס־לעבן און אומעטום געזוכט אַריינצוברענגען די יסודות פון גערעכ־טיקייט און געוויסנהאַפטער פרומקייט. מיט שמעון בן שטחס נאָמען איז פאַרבונדן די איינפירונג פון דער „כתובה”, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם גאַנג פונעם פאַמיליען־לעבן ביי יידן, פון איין זייט גע־שטערט דעם מאַן אָפּצוגטן דער פרוי פאַר דער מינדעסטער קלייניקייט, און פון דער צווייטער זייט פאַרזיכערט די הילפלאָזע פרוי מיט אַ געוויסער מאַטעריעלער שטיצע.

נאָך וויכטיקער איז די אַנדערע איינפירונג פון דעם ווייטזיכטיקן פאָלקס־פירער. ער האָט געלאָזן עפענען שולן אין די גרעסערע שטעט, און

איינגעפירט, אז „אלע קינדער מוזן גיין אין שול". דאס איז דער זיכערסטער וועג געווען צו דערציען דאס פאלק אין א געוויסער ריכטונג, איינצוווארצלען אין אים די באגריפן פון דער יידישער תורה און צו פארשפרייטן צווישן די ברייטערע מאסן די יידישע געזעץ־וויסנשאפט.

בנוגע צו דער עבודה אין בית־המקדש האבן אויך די פרושים צוריק איינגעפירט די אלע דינים און מנהגים, וואס די צדוקים האבן געהאט מבטל געווען. אזוי האבן זיי איצט מיט פרייד און באגייסטערונג געפייערט דאס וואסער־גיסן אויפן מזבח אום סוכות, און מיט דער צייט איז אט די צייטווייליקע פייערונג פארוואנדלט געווארן אין א יערלעכן פאלקס־יום־טוב, פון וועלכן מ'האט שפעטער דערציילט, אז ווער עס האט נישט בייגעוואוינט אט די פרייד אין בית המקדש (שמחת בית השואבה), האט קיין מאל נישט געזען קיין שטורמישע פאלקס־שמחה. אין דער נאכט פלעגט דער בארג פון בית־המקדש אזוי באלויכטן ווערן, אז די גאנצע שטאט האט אויסגעזען, ווי פארזונקען אין א פייערדיקן ים, און ליכט־שטראמען האבן זיך ארייננגעריסן אין אלע ווינקלעך. דאס גאנצע פאלק איז געווען פארזאמלט ארום בית המקדש, וואו עס האבן זיך געטראגן אין דער לופטן פריילעכע, פייערלעכע לידער; אויף יעדן איינעם פון די פופצן טרעפ, וואס האבן געפירט פון דער עזרת־נשים צו אייבער פון די העכערע עזרות, פלעגט דער לוים־כאר, אין דער באגלייטונג פון הארפן, קלאנג־בעקנס און נאך אינסטרומענטן, זינגען אויסגעווײלטע קאפּיטלען פון תהלים (שיר המעלותן), וואו ס'האט זיך אממערסטן גערעדט וועגן דער צוריקקערונג פונעם ערשטן גלות און וועגן די חסדים, וואס גאט טוט מיט זיין פאלק. צום סוף פלעגט זיך דער כאר ווענדן צום פארזאמלטן פאלק:

לויבט, פרייזט גאטס נאמען,  
לויבט אים, איר גאטס קנעכט.  
און די פארזאמלטע פלעגן אים ענטפערן:  
לויבט גאט — גאט איז גוט,  
באזינגט זיין נאמען — זיין נאמען איז זיס;  
דען יעקבן האט ער זיך אויסדערוויילט,  
ישראלן — פאר זיין שאץ.

אַן ענלעכער יום־טוב פאַרן פאָלק איז געווען חמשה עשר באָב — דער טאָג, ווען עס פלעגט געשענקט ווערן פיל האָלץ פאַרן בית־המקדש, אין דעם יום־טוב האָבן זיך באַזונדער באַטייליקט די בנות ציון, וועלכע פלעגן פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג אין געזאַנג און טענץ. די פייערונג פלעגט פאָרקומען אויף איינעם פון די פרייע פלעצער, אין אַ ווייַנגאָרטן, וואו גאַנצע מחנות יונגע, ווייס־געקליידעטע מיידלעך האָבן פאַרכישופט די אַרומיקע יונגעלייט מיט זייערע טאַנץ־קאַראַהאָדן, וואָס זיי פלעגן באַגלייטן מיט געריימטע העברעאישע לידער. ווי ס'איז צו גלויבן, איז דער דאָזיקער יום־טוב אויך איינגעפירט געוואָרן ווי אַ דעמאָנסטראַציע קעגן די צדוקים, וועלכע האָבן נישט אנערקענט דעם גאַנצן מנהג פון שענקען האָלץ פאַרן מזבח.

צו די אַלע רעפאָרמען אין דער געזעצגעבונג און אין דעם גאַנצן סאָציאַלן לעבן פון לאַנד איז צוגעקומען נאָך איינע, וואָס האָט אויך, ווי די מערסטע איינפירונגען פון יענער צייט, פאַרפאָלגט צוויי צוועקן: אַרויסצוטרעטן דעמאָנסטראַטיוו קעגן אַ געוויסער אנשויאונג פון די צדוקים און אויפצואוועקן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ביי די טיילן פונעם יהודהשן פאָלק, וואָס האָבן געלעבט אין אַנדערע לענדער, ווייט פון יהודה, און נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט דעם לעבנס־נערוו פון דער יהודהשער אומה, מיטן בית־המקדש. די צדוקים האָבן איינגעפונען, אַז די טעגלעכע קרבנות און איבערהויפט די הוצאות פון בית־המקדש דאַרפן נישט אנערקענט ווערן פאַר קיין פאָלקס־זאַך, און דאָס געלט אויף דעם דאַרף גענומען ווערן פון איינצלנע פרומע מנדבים; די באַראַטונג אונטער דעם פאָרזיץ פון דער קעניגין האָט אָבער אָנגענומען אַן אַנדער באַשלוס. זי האָט באַשטימט, אַז יעדער ייד פון צוואַנציק יאָר אָן, גרים און באַפרייטע שקלאַפן אויך אין כלל, איז פאַרפליכטעט אַריינצוברענגען מינדעסטנס אַ האַלבן שקל יערלעך אינעם אוצר פון בית המקדש. די דאָזיקע נדבה האָבן פרייוויליק גענומען אויף זיך צו צאָלן נישט בלויז די יידן פון יהודה, נאָר אויך אַלע יהודהער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרומיקע לענדער, און צו דעם צוועק זיינען באַשטימט געוואָרן דריי אַלגעמיינע יערלעכע זאַמלונגען אין פאַרשידענע צייטן: פאַר יהודה אין אָנהויב פון פרילינג, פאַר די נענטערע לענדער (עגיפּטן און סיריע) — אַרום שבועות, און פאַר די ווייטע לענדער (בבל, מדין און קליין־אַזיע) — אַרום סוכות. די רייכסטע

זאַמלונגען זיינען שטענדיק געווען די שפּעטערדיקע — די אויסלענדישע יידן זיינען געווען רייך און פרייגיביק און אָנשטאָט די זילבערנע אָדער קופּערנע שקלים און דינרים פון יהודה, פלעגן זיי געבן גאָלדשטיקער. אין די לענדער, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַ סך יהודער, פלעגן זיי אויסקלייבן אַ מיטלפּונקט, וואו עס פלעגן צוגעשיקט ווערן אַלע געזאַמלטע נדבות, אום פון דאָרטן דאָס צו באַזאָרגן קיין ירושלים, — צו וואָס עס פלעגן אויסגעקליבן ווערן די אָנגעזעענסטע מענטשן פון לאַנד. אַזעלכע מיטלפּונקטן זיינען געווען נציבין און נהרדעה אין בבל און מעסאָפּאָטאַמיע; אַפּאַמעאַ און לאַאָדיצעאַ אין קליין אַזיע, און פּערגאַמוס און אַנדראַמיטיום אין דער געגנט עאָליס. די דאָזיקע דרייפאַכיק געזאַמלטע יערלעכע הכנסה איז גענוג געווען אויף צו דעקן אַלע הוצאות פון בית־המקדש, און עס פלעגן זיך נאָך אָפּשטעלן געוויסע סומעס, פון וועלכע עס האָט זיך מיט דער צייט אָנגעזאַמלט אַ באַדייטנדיקער קאַפּיטאַל.

אַזוי איז דער צדוקישער איינפלוס ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון אַלע ספערן פונעם פאָלקס־לעבן אין יהודה, און דאַקעגן איז דער איינפלוס פון די פרושים אַלץ בולטער, טיפער און שטאַרקער געוואָרן; איינס נאָך דאָס אַנדערע זיינען ווידער איינגעפירט געוואָרן אַלע אַלטע געזעצן, און צו זיי זיינען צוגעקומען פיל נייע, וואָס האָבן זיך אויך איינגעזויגן אין פאָלק און זיינען געוואָרן אַ טייל פון זיין נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג. צוגעגאַנגען איז דאָס, נאַטירלעך, נישט לייכט; די צדוקים האָבן נישט איין מאָל אָנגעווענדט זייערע לעצטע כוחות צו שיצן כאָטש וויפיל ס׳איז פון זייערע פאַרלוירענע פּאָזיציעס, און דעם סנהדרין איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו משפּטן יענע, וואָס זיינען אַליין נאָר וואָס געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער יהודהשער געזעצגעבונג. די איצטיקע העכסטע ריכטער זיינען אָבער געווען איבערגעגעבענע פאָלקס־פירער און קיין שום ווייכקייט און פאַלשקייט האָט פאַר זיי נישט עקזיסטירט דאָרט, וואו ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן די אינטערעסן פון כלל, וועגן דער גייסטיקער אויסבילדונג פון פאָלק. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די פאַלשקייט פון די עדות, אויף דעם סמך פון וועלכע שמעון בן שטחס זון איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, און די ריכטער זיינען גענויגט געווען אים צו באַפרייען, האָט דער פאַרמשפּטער אַליין — לויט דער לעגענדע — זיי אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, וואָס לויטן געזעץ קען מען נישט גלויבן די עדות, ווען זיי בע־

מען זייער פריערדיקע עדות־זאָגן צוריק, און דערביי האָט ער זיך געווענדט צום פאָטער מיט דער אַרויספאָדערונג: „אויב דו ווילסט, אַז דאָס גליק פון יהודה זאָל דורך דיין האַנט באַפעסטיקט ווערן, באַטראַכט מיך, ווי אַ שוועל, וועלכער מ׳טרעט אַריבער אָן שום באַדויערן". און דער פאָטער האָט אים געפאָלגט — דער היטער פון געזעץ האָט דערשטיקט אין זיך זיינע פאָטער־געפילן צוליב די אינטערעסן פון דעם העכערן אידעאַל. דאָס זעלבע איז געווען אויך מיט דעם צווייטן פירער, מיט יהודה בן טבאַי; דער לעצטער איז אויסערסט שטרענג געווען אין זיין געריכטלעכער באַציאונג צו די צדוקים, און אין דער זעלבער צייט איז זיין פערזענלעכע באַציאונג צו באַשולדיקטע אין אַלגעמיין געווען פיל ווייכער מילדער. ער פלעגט זאָגן: „אַזוי לאַנג, ווי די בעלי־דברים שטייען פאַר דיר, באַטראַכט זיי ביי־דע פאַר שולדיקע; איז אָבער דער אורטייל שוין אַרויסגעטראָגן — דאַרפסטו זיי שוין ביידע רעכענען פאַר אומשולדיק".

די שאַרפע געריכטלעכע מיטלען, מיט וועלכע די פרושים האָבן זיך באַנוצט אויף צו פאַרפאָלגן די צדוקים האָבן ענדלעך אַרויסגערופן ביי די לעצטע אַ שטאַרקע פאַרביטערונג, און זיי האָבן זיך געווענדט צו דעם יונגן פרינץ אַריסטאָבול, וועלכער האָט זיך פאַר זיי וואַרים אָנגענומען און אויסגעפועלט פאַר זיי אַן אודיענץ ביי דער קעניגין. די צדוקים האָבן דאַן אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע פון זייערע עלטסטע פאָרשטייער, און די לעצטע האָבן זיך געקלאָגט פאַר דער קעניגין אויף די פאַרפאָלגונגען קעגן זיי, און איר דערקלערט דערביי, אַז זיי וועלן געצוואונגען זיין איבערצו־גיין אין דינסט פון די יהודהשע שכנישע מלוכות נבט אָדער סיריע, און איבערלאָזן דאָס פאָטערלאַנד אינגאַנצן אָן מיליטערישער באַשיצונג. דאָס האָט אויף דער קעניגין געווירקט, און זי האָט באַשטימט עטלעכע פון די צדוקים ווי קאָמענדאַנטן פון מערערע פעסטונגען. נאָר די דריי שטאַרקסטע פעסטונגען, מכור, הירקאניא און אַלעקסאַנדריאַ, האָט זי זיי מורא געהאַט אָנצופאַרטרויען.

פון די אויסערלעכע מלוכות איז יהודה אַ לאַנגע צייט נישט באַאומ־רואיקט געוואָרן. עס האָט זיך געמאַכט, אַז טיגראַנעס, דער קעניג פון אַרמעניע, וואָס האָט צו יענער צייט שוין געהאַט באַהערשט גאַנץ סיריע, האָט געוואָלט איינגעמען אויך יהודה ווי אַ געוויזענע אונטערטעניקע פראָווינץ פון סיריע. ער האָט באַלאַגערט פטאָלאָמעאין און געשטעלט

אויף אַזאַ אופן אין געפאַר יפו מיט אירע אַרומיקע וואַסער־געביטן, אַזוי אַז אַלעקסאַנדראַ האָט נישט געזען פאַר זיך קיין אויסוועג, און האָט געשיקט צו אים שלוחים מיט טייערע מתנות און אַ פריינטלעכן בריוו; דאָס האָט אָבער דעם אַרמענישן באַזיגער נאָך נישט באַוואויגן אַראָפּצונעמען די באַלאַגערונג פון דער יהודהשער פעסטונג און ער וואָלט זיכער אָפּגעריסן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יהודהשער ערד, ווען ער וואָלט נישט דערהערן פלוצלינג, אַז די רוימישע לעגיאָנען אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַרימטן לוקולוס האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַרמעניע. אַזוי איז די געפאַר פאַר יהודה אַריבער, און ווידער האָט אין לאַנד געהערשט פרידן און מנוחה.

באַלד אָבער האָט זיך אַ נייע געפאַר אָנגערוקט, — אַ געפאַר וואָס האָט טיף אָנגעגריפן דעם נערוו פון דעם יהודהשן מלוכה־לעבן און אים אײַנגאַנצן פונאַנדערגעטרייסלט. די גרייז־גרויע קעניגין איז האָפענונגסלאָז קראַנק געוואָרן און דער היציקער אַריסטאָבול איז גלייך צוגעטראָטן צו דער פאַרווירקלעכונג פון זיין פלאַן וועגן אַן איבערקערעניש אין דער מלוכה־פירונג, ער האָט געהאַט אויף זיין זייט די קריגערישע צדוקים. אַריסטאָבול האָט שטילערהייט פאַרלאָזן ירושלים און איז געקומען אין דער גאַלילעאישער פעסטונג גאַבאַטאַ, וועלכע דער צדוקישער קאָמענדאַנט גאַלעסט האָט אים גלייך איבערגעגעבן; אין אַ משך פון פופצן טעג האָבן שוין איין און צוואַנציק אַזעלכע פעסטונגען זיך געפונען אונטער זיין מאַכט, און דערצו האָט ער זיך נאָך צוגעדונגען הילפס־מחנות פון די קליינע סירישע פירשטן, פון די פעלקער אויף יענער זייט ירדן און פון דעם רויבערישן טראַכאָניטן־שבט. דער שוואַכער כהן־גדול און טראָן־יורש, הורקנוס, האָט געזען די געפאַר און געבעטן הילף ביי דער קראַנקער קעניגין; דאָס איינציקע, וואָס זי איז אָבער איצט אומשטאַנד געווען צו טון, איז געווען דאָס איבערגעבן אין זיינע הענט און אין די הענט פון די איבעריקע פאָלקס־פירער די דריי טריי־געבליבענע שטאַרקע פעסטונגען, אין איינער פון וועלכער ס'האָט זיך געפונען אויך דער אוצר המלוכה.

באַלד נאָך דעם איז די קעניגין געשטאָרבן, און האָט איבערגעלאָזן דאָס פאָלק אויף דער שוועל פון אַ בלוטיקן בירגער־קריג, וואָס האָט זיך געענדיקט צוזאַמען מיט דער אַזוי שווער אויסגעקעמפטער אומאָפּהענגיקייט פון יהודה. ניין יאָר איז די ערלעכע שלומית געזעסן אויף דעם יהו־

דהשן טראָן און דאָס זיינען געווען גליקלעכע יאָרן אין דער געשיכטע פון דער באַנייטער יידישער מלוכה; אירע לעצטע טעג זיינען אָבער געווען אויך די לעצטע פון דער יהודהשער פרייהייט, און איר טויט — דער טויט פון דער לעצטער זעלבסטשטענדיקער הערשערין אין יהודה.

## קאַפּיטל פינף

### די לעצטע חשמונאישע מלכים

דער צוגעגרייטער אויפשטאַנד האָט זיך פונאַנדערגעפּלאַקערט גלייך נאָכן טויט פון דער אַלטער הערשערין. אַזוי ווי זי איז געבליבן ביז אירע לעצטע מינוטן אַ טרייע אָנהענגערין פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, האָט זי די קרוין צוזאַמען מיט דעם כהן־גדול־טיטול איבערגעגעבן איר עלטערן זון, הורקנוסן, אין וועלכן די פּרושים האָבן געזען זייער קעניג — דעם קעניג, וואָס וועט זיך נישט יאָגן איינצונעמען פרעמדע לענדער, וואָס וועט נישט פאַרפלאָנטערן דאָס לאַנד אין אַ נעץ פון פּאָליטישע סכסוכים און קריגערייען און וועט שטיצן די סאָציאַלע אויסבילדונג פון דעם יהודהשן פאָלק, זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג אין דער ריכטונג פון די אַלטע טראַדיציעס און אידעאַלן און די פאַרבעסערונג פון זיין עקאָנאָמישער לאַגע.

אַנדערש האָבן אָבער געקוקט אויף דער לאַגע פון לאַנד די צדוקים. פאַר זיי איז הורקנוס געווען נישט בלויז אַ קעניג פון דער פּאַרטיי, וואָס פאַרפאָלגט זיי, וואָס האָט ביי זיי אַוועקגענומען די מאַכט פון די הענט און לאָזט זיי נישט לעבן, ווי זיי ווילן; זיי האָבן אין הורקנוסן אויסער דעם אַלעמען געזען אויך אַ שוואַכן הערשער און אַ שלעכטן קריגער. יהודה איז שטאַרק, זי איז אָבער אַרומגערינגלט מיט נאָך שטאַרקערע שכנים, וואָס ווילן זי איינשלינגען, און די פליכט פונעם הערשער איז קודם כל — צו שיצן דאָס לאַנד. ביים רודער פונעם מלוכה־לעבן דאַרף אַלזאָ שטיין אַ מענטש מיט קריגערישע פעאיקייטן, וואָס איז אומשטאַנד נישט בלויז זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שונא, נאָר אויך אַנצופאַלן אויף אים; וואָס איז אומשטאַנד אָפּצוהיטן און צו פאַרגרעסערן די פּאָליטישע מאַכט פון זיין לאַנד, קורץ: אַ קעניג, וואָס קען פירן [illegible] און אים ענדיקן מיט נצחון. און אָט די אַלע פעאיקייטן האָט אין זיך דער יונגערער ברודער פון דעם געזעצלעכן טראָן־יורש — אַריסטאָבול.

און אויב ביי דעם פריערדיקן קאַמף צווישן די פּרושים מיט די צדוקים זיינען די ברייטערע שיכטן פון פאָלק כמעט אינגאַנצן געשטאַנען אויף

זײַט פֿון די ערשטע, האָט זיך איצט, ביי דעם קאַמף צווישן דעם קעניג פֿון די פּרושים און דעם קעניג פֿון די צדוקים, די לאַגע באַדייטנד געענדערט; איצט איז אַ גרויסער טייל פֿון פֿאָלק אַליין אויך אַריבער אויף דער זייט פֿון דעם ענערגישן אַריסטאָבול און דער לעצטער האָט גלענצנד פֿאַרשטאַנען אויסצונוצן די דאָזיקע גינסטיקע שטימונגען. אַזוי ווי ער איז געווען פֿולשטענדיק צוגעגרייט צו דעם אויפֿשטאַנד און געהאַט אַרום זיך אַ שטאַרקע, גוט באַוואָפֿנטע אַרמיי, האָט אַריסטאָבול דאָך נישט געוואָגט אָפֿן אַרויסצוטרעטן מיט זיין פֿאָדערונג אַזוי לאַנג, ווי די מוטער האָט נאָך געאָטעמט; אָבער, ווי די קעניגין איז געשטאָרבן און הורקנוס איז אַרויף אויפֿן טראָן, האָט ער זיך אָנגעהויבן דערנענטערן מיט זיין מחנה צו דער הויפּטשטאָט. הורקנוס האָט אים אַרויסגעשיקט אַנטקעגן אַ טייל פֿון די געדונגענע סאָלדאַטן, וואָס ער האָט איבערגענומען פֿון דער מוטער, און ביי יריחו איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן די פֿיינטלעכע לאַגערן פֿון ביידע ברידער.

געענדיקט האָט זיך דער צוזאַמענשטויס דערמיט, וואָס דער גרעסטער טייל פֿון הורקנוס סאָלדאַטן איז איבערגעגאַנגען אין די רייען פֿון דעם העלדישן אַריסטאָבול, און דער קעניג האָט זיך באַהאַלטן אין דער פֿעסטונג בירה אקרא, וואו ער האָט געהאַלטן געפֿאַנגען ווי אַ משכון אויך די פֿרוי און קינדער פֿון זיין ברודער. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן אַריסטאָבולן, און ווען ער איז אַריין אין ירושלים און האָט שוין געהאַט איינגענומען אויך דעם בית־המקדש, האָט זיך דער באַזיגטער אונטערגעגעבן. די ברידער האָבן אָנגעהויבן פֿירן אונטערהאַנדלונגען און ענדלעך איז צווישן זיי, אונטער אַ שבועה אין בית־המקדש, געשלאָסן געוואָרן אַ פֿרידנס־אָפּמאַך, לויט וועלכן דער וועלטלעכער, קריגערישער אַריסטאָבול האָט באַקומען די קרוין און דער שוואַכער, פֿרידלעכער הורקנוס איז געבליבן ביי דער כהונה גדולה. כדי צו באַפֿעסטיקן דעם אָפּמאַך האָט אַריסטאָבולס זון, אַלעקסאַנדער, חתונה געהאַט מיט הורקנוס טאָכטער, אַלעקסאַנדראַ.

דער נייער קעניג האָט קיין גרויסע ענדערונגען אין דעם אינערלעכן לעבן פֿון לאַנד נישט אַריינגעבראַכט, און כאָטש ער איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיט די צדוקים, וועלכע האָבן אים געהאָלפֿן באַקומען די מאַכט, האָט ער דאָך נישט געוואָגט מיט גוואַלד אַרויסצוטרעטן קעגן זייערע קעג־

נער, די פּרושים, און קעגן די רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע איינפירונגען פון די לעצטע. קיין מאַטעריאַל פאַר אַ שטאַרקן אויסברוך צווישן די ביידע פאַרטייען האָט זיך דאָ, אַלזאָ, נישט געוויזן, און דער אינערלעכער קאָנפליקט צווישן זיי האָט מיט דער צייט ווירקלעך אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין שאַרפקייט און זיין פאַרביטערטקייט; דאָ זיינען אָבער אַרויס אויף דער אַרענע פון דעם יהודהשן מלוכה־לעבן גאַנץ זייטיקע פינצטערע פערזאָנען, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז אָט די רואיקייט זאָל געשטערט ווערן און עס זאָלן זיך צוריק אומקערן פאַרן לאַנד די צייטן פון אינערלעכע מהומות און בלוטיקע ברודער־מלחמות.

דער באַדייטנדיקסטער פון די דאָזיקע פערזענלעכקייטן, וואָס האָט דירעקט צוגעפירט יהודה צו דער שוועל פון אונטערגאַנג, איז געווען אַנטיפּאַטאַר, איינער פון די אָנגעזעענסטע צווישן די אדומער, וועלכע יוחנן הורקנוס האָט אונטערגעוואָרפן דער יהודהשער קרוין און געצוואונגען זיך צו אַסימילירן מיט דעם יידישן פאָלק און אָנצונעמען זיין גלויבן. אַ שפּראָצלינג פון אַן אַריסטאָקראַטישער אדומישער משפּחה און אַ זון פון אַנטיפּאַ, וועלכער האָט אין אַלעקסאַנדער־יאַנאַיס הערשאַפט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ קריגס־הויפּטמאַן איבער דער גאַנצער אדומישער פּראָווינץ, האָט אַנטיפּאַטאַר איצט אויך פאַרנומען איינעם פון די אָנגעזעענסטע אַמטן אין דעם יהודהשן הויף און געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דעם מלוכה־לעבן פון לאַנד. דער שוואַכער הורקנוס דער צווייטער האָט זיך געניייטיקט אין אַן ענערגישן פירער און וועג־ווייזער, און איז נאָך ווי אַ קרויז־פּרינץ שוין אַרונטערגעפאַלן איינגאַנצן אונטער דעם איינפלוס פון דעם אדומיטישן אינטריגאַנט, וועלכער האָט געבויט פאַרשידענע פּלענער, כדי אַריינצוקריגן אין זיינע הענט די גאַנצע פּאַקטישע ממשלה איבערן לאַנד.

איצט, נאָך דעם ווי דער טראָן פון יהודה איז פאַרנומען געוואָרן פון אַזאַ ענערגיש־קריגערישן פירער, ווי אַריסטאָבול, איז אַנטיפּאַטאָרן פאַרגעשטאַנען, זיך אָפּצוזאָגן פון אַלע זיינע האָפענונגען און פּלענער, און דאָס האָט זיך דעם אדומישן אַריסטאָקראַט נישט געוואָלט. ער האָט זיך דעריבער גענומען איצט אין אַן אַנדער זייט און זיין ערשטע אַרבעט איז געווען, צו אַגיטירן קעגן דעם אומגעזעצלעכן קעניג, אַריסטאָבול, און צו שפּילן אין דער זעלביקער צייט אויף די סטרונעס פון דעם כלומרשט־באַליידיקטן

הורקנוס. דער לעצטער האָט שוין לאַנג געהאַט שלום געמאַכט מיט זיין גורל און נישט געקלערט וועגן קיין שום אַרויסטריט קעגן זיין ברודער; אַנטיפּאַטאַר האָט אים אָבער אַזוי לאַנג אויפגערייצט און אַנגעווענדט דערצו אַזעלכע מיטלען, אַז ער איז ענדלעך מרוצה געוואָרן צוצושטיין צו דעם טייוולאַנישן פּלאַן. אַנטיפּאַטאַר האָט שוין אַלץ געהאַט אָפּגעמאַכט מיט דעם נאַבאַטעאישן קעניג אַרעטאַס, און אין אַ געוויסער פינצטערער נאַכט איז ער צוזאַמען מיט הורקנוסן פאַרשוואונדן געוואָרן פון ירושלים, אים אַוועקגעפירט אין דער נאַבאַטעאישער הויפּטשטאָט פּעטראַ. דאָ איז צווישן ביידע זייטן געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן דער נאַבאַטעאישער קעניג האָט זיך פאַרפליכטעט צו שטיצן דעם יהודהשן קרוין־פּרעטענדענט און דערפאַר איז זיך דער לעצטער מתחיב אָפּצוטרעטן נאַבאַטעאַ צוועלף פונקטן פון דער יהודהשער טעריטאָריע, וועלכע זיינען נאָך פאַר אַלעקסאַנדער־יאַנאַן אָפּגענומען געוואָרן פון די אַראַבער (אין מזרח־און דרום־מערב־זייט פון דעם טויטן ים).

אַרעטאַס האָט זיך דאַן, צוזאַמען מיט הורקנוסן, אַוועקגעשטעלט אַן דער שפּיץ פון פופציק טויזנט אַראַבישע סאָלדאַטן, און די מחנה האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו די גרענעצן פון יהודה (65־66). דער איבעראַשטער אַריסטאָבול האָט זיך גלייך געכאַפּט און איז אַרויס אַנטקעגן דער מחנה; דעם אָנגריף פונעם שטאַרקן קעגנער האָט ער אָבער נישט געקענט ביישטיין. גרויסע טיילן פון זיין אַרמיי זיינען פריייוויליק איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די שטאַרקערע און ער אַליין איז אַנטלאָפן קיין ירושלים, וואו ער האָט זיך באַהאַלטן אין דער פעסטונג אויפן הר הבית.

אַרעטאַס איז צוגעטראָטן צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים. די באַלאַגערטע האָבן זיך פאַרטיידיקט אַ לאַנגע צייט העלדיש; עס האָט אָבער אָנגעהויבן אויספעלן אין שטאָט לעבנס־מיטל, און צוזאַמען דערמיט האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אויך די עבודה אין בית־המקדש, ווייל עס איז נישט געווען, וואָס מקריב צו זיין. אַריסטאָבול האָט דאַן אַפּעלירט צו דעם רעליגיעזן געפיל פון די יהודהשע באַלאַגערער, און געבעטן, זיי זאָלן אריינלאָזן אין שטאָט אַ געוויסע צאָל בהמות, וואָס איז נייטיק צו דער עבודה אין בית המקדש פון דעם נאָענטן יום־טוב — פּסח.

אין אָנהייב איז די בקשה באַפרידיקט געוואָרן: יעדן טאָג פלעגט זיך פון דעם פעסטונגס־וואַל אַראָפּלאָזן אויף אַ קייט אַ קאָרב מיט גאָלד —

טויזנט דראַכמען: אַזוי איז געווען אָפּגעמאַכט — און דערפאַר פלעגן די באַלאַגערער זיי אַרויפשיקן צוריק די גייטיקע צאָל שעפסן און באַראַנעס; אַזוי אָבער ווי די באַלאַגערונג האָט זיך לאַנג געצויגן און עס האָט זיך נישט פאַראויסגעזען קיין ענדע צו דער לאַגע, האָט איינער פון די באַלאַגערער פאַרגעלייגט, אוודאי אַנטיפּאַטאַר אַליין, מ׳זאָל אויסנוצן דעם דאָזיקן מאַנגל אין קרבנות און צווינגען די באַלאַגערטע, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. די עצה איז אָנגענומען געוואָרן, און צווישן די באַלאַגערער־הירקאַניסטן האָבן זיך געפונען אפילו אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געפּועלט ביי זיך, אָנ־צואווענדן דערביי אַ געמיינעם שווינדל און זיך אַריינצורייסן מיט אַ פּאָר־גיפטעטער קויל אינעם סאַמע האַרץ פון דעם נאַציאָנאַלן רעליגיעזן גע־פיל. אין אַ געוויסן טאָג נאָך דעם, האָבן זיי אַנשטאָט די פאַרלאַנגטע שעפסן און רינדער, אַרויפגעשיקט די באַלאַגערטע — אַ חזיר. דער דאָזי־קער חוצפּהדיקער וואַנדאַליזם האָט טיף באַטריבט די געמיטער פון די פרו־מע יהודהער, און ווי די פאָלקס־לעגענדע דערציילט, האָט זיך גלייך נאָך דעם דורכגעטראָגן אַ שרעקלעכער הוראַקאַן דורכן גאַנצן לאַנד און האָט פאַרטראָגן אַלע תבואות פון די פעלדער און אַלע פרוכטן פון די גערטנער, אַזוי אַז דאָס לאַנד איז געפּייניקט געוואָרן פון הונגער. די זעלביקע לע־גענדע שטעלט אויך נאָך אַנדערע צרות פון פאָלק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערמאָנטער הייליקייטס־פאַרשוועכונג און ווי אַ טייל ווילן האָבן שטייט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אויך דער פאַרבאָט, צו האָדעווען חזירים און צו האַנדלען מיט זיי.

דער צושטאַנד פון דער באַלאַגערונג האָט זיך אָבער דערמיט נאָך אַלץ נישט געענדערט, און די הירקאַניסטן זיינען געפאַלן אויף אַן אַנדער המצאה. באַלד אין אָנהייב פון דער באַלאַגערונג האָבן פיל פון די באַלאַ־גערטע פאַרלאָזן די שטאָט, און צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך חוניו (חוני המעגל), איינער פון די פאַרהייליקסטע יהודהער, וואָס דאָס פאָלק האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ בעל־מופת און געגלויבט, אַז ער איז אימשטאַנד מיט זיינער אַ תפלה אַ ל ץ אויפצוטון, אפילו אויך צו ענדערן די געזעצן פון דער נאַטור. ער האָט אַמאָל, לויט דעם גלויבן פון פאָלק, מציל געווען מיט זיינע תפלות דאָס לאַנד פון אַ פולשטענ־דיקער אויסטריקעניש, און איצט אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט ביי־וואוינען די שרעקלעכע שחיטות און ברודער־מלחמות, האָט ער זיך באַ־

האַלטן אין אַן איינזאַמער געגנט, ווייט פון שטאָט. די סאָלדאַטן פון הורקנוסעס לאַגער האָבן אים אָבער דאָ אויך געפונען און געפאָדערט, ער זאָל שילטן מיט גאָטס נאָמען די אַריסטאָבוליסטן או אויסבעטן אויף זיי אַ מפּלה. דער געטלעכער חוניו האָט דעמאָלט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געזאָגט: „גאָט, האַר פון דער וועלט! אָט די, וואָס שטייען דאָ אַרום מיר, זיינען קינדער פון דיין פאָלק, און יענע, וואָס ווערן דורך זיי באַלאַגערט, — זיינען דיינע הייליקע דינער. בעט איך דיך — דערפיל נישט דאָס, וואָסביידע זייטן ווינטשן זיך איינע די אַנדערע!" די צעווילדעוועטע, צערייצטע סאָלדאַטן האָבן זיך געפילט שענדלעך אָפּגענאַרט אין זייער האָפענונג, און זיי האָבן מיט שטיינער באַוואָרפן דעם הייליקן מענטשן־פריינד.

דערווייל, אין דער צייט ווען דאָ האָט זיך געצויגן די בירגער־מלחמה, האָט זיך אָנגערוקט אַ שרעקלעכער וואָלקן אויפן האָריזאָנט פון דער גאַנצער מזרח־וועלט, און דער זעלבער גורל פון אירע אַרומיקע שכנות האָט אויך באַגעגנט יהודה. יהודהס לעצטע שעה האָט געשלאָגן — דער רוימישער אָדלער האָט אַריינגעזעצט זיינע שאַרפע נעגל אין ישראלס לייב און זיי שוין נישט אַרויסגעצויגן פריער, ביז פון דער יהודהשער זעלבסטשטענדיקייט איז נאָר געבליבן אַ שאָטן. די פון נצחון פאַרשכורטע רוימישע לעגיאָנען, אונטער דער אָנפירונג פון באַרימטן פאָמפּעיוס, האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער פאָדערשטער אַזיע, וואו זיי האָבן שוין געהאַט דורכגעפירט אַ טייל פונעם גרויסן פּלאַן, לויט וועלכן דאָס גאַנצע אַמאָליקע סיריע, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רייע קלענערע מלוכות, — האָט געמוזט אַרונטערפאַלן אונטער דער רוימישער קרוין. די טאָן־געבער פון דער איצטיקער העלעניזירטער מזרח־וועלט זיינען געווען ט י ג ר א ן מיט זיין שטאַרקער אַרמעניע, די מעכטיקע פּאַרטיאָנער, אַ ר ע ט אַ ס מיט דער דערוואַכטער אַראַביע און ענדלעך פּאָנטיוס מ י ט ר י ד אַ ט , דער העלדישער קעניג פון הינטער־קאַווקאַז, וואָס האָט געוואַגט צו פאַרטשעפּען דעם לייב — זיך אָנצוהייבן מיט ר ו י ם.

אָט האָט זיך אָבער דער לייב פאַנאַנדערגעלאָזן און — לענדער און מלכים זיינען געלעגן פאַר זיינע פיס. אַרמעניע, הינטער־קאַווקאַז און פעניציע האָבן זיך שוין געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער רוי־

מישער מאַכט, און דער זעלביקער גורל איז איצט פאַרגעשטאַנען סיריע. אַהין האָט פאָמפּייס געשיקט זיין לעגאַט סקאורוס, וועלכער האָט אויפן וועג זיך דערוואוסט פון דער ברודער־מלחמה, וואָס קומט איצט פאָר ביי די טויערן פון דער יהודהשער הויפּטשטאָט, און האָט זיך גלייך אַוועקגעלאָזן מיט זיין מחנה אויפן אָרט פון קאַמף. ביי זיין ערשטן אַרויפטריט אויף דער יהודהשער ערד איז ער אָבער באַלד באַגריסט געוואָרן פון ביידע צדדים, וועלכע האָבן אים אָנפאַרטרויט זייער גורל און געבעטן, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי. דער באַלאַגערער, ווי דער באַלאַגערטער, ביידע האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם רוימישן קריגס־פירער, און אַרויסגעשיקט צו אים שלוחים מיט טייערע מתנות, און דאָ האָט אַריסטאָבול באַזיגט זיין ברודער: אַריסטאָבולס שליח האָט געבראַכט מזומנע פיר הונדערט טאַלאַנטן, בשעת די שלוחים פון הורקנוס אָדער, ריכטיקער, פון אַנטיפּאַטער, האָבן נאָר צוגעזאָגט אַזאַ סומע צו ברענגען. דער רוימישער לעגאַט האָט זיך בכן איצט אָפן געשטעלט אויף אַריסטאָבולס זייט און לויט זיין באַפעל איז אַרעטאַס געצוואונגען געווען אַראָפּצונעמען די באַלאַגערונג פון ירושלים און אָפּצוטרעטן מיט זיינע אַראַבישע סאָלדאַטן פון דער יהודהשער גרענעץ. דער באַפרייטער אַריסטאָבול האָט זיך אַרויסגעריסן פון ירושלים און נאָכגעיאָגט די אַראַבער מיט די הירקאַניסטן, און ענדלעך (ביי פּאַפּיראָן) האָט ער זיי דערשלאָגן; דער רוימישער קריגס־פירער האָט זיך אומגעקערט צו זיין מאַרשרוט.

דער דאָזיקער כלומרשטער נצחון איבערן „שונא” האָט פאַרבלענדעט אַריסטאָבולסן די אויגן, און ער האָט געגלויבט, אַז ער איז ווירקלעך דער טריאומפירנדער, זעלבסטשטענדיקער קעניג פון יהודה. ער האָט אין די צוויי יאָר (פון 65 ביז 63) געלאָזט אויסגיסן מטבעות, אויף וועלכע ער איז געווען באַצייכנט ווי דער קעניג און האָט זיך געפּרואווט אפילו אָנפאַלן אויף שכנישע טעריטאָריעס און זיי איינבעמען.

גאַנץ אַנדערש האָט מען אָבער געקוקט אויף דער לאַגע פון יהודה אין די טאָן־געבנדיקע קרייזן פונעם רוימישן מלוכה־לעבן. דאָרט האָט זיך איצט פאַנאַנדערגעקאָכט מיט גאַנצן ברען דער אַפּעטיט צו באַהערשן דעם מזרח, און איבערגעגעבן איז אָט די אויפגאַבע געוואָרן דעם באַרימטן באַזיגער פונעם העלדישן מיטרידאַט, פאָמפּעיוסן, — דעם זעלביקן געוועזענעם קאָנסול, וואָס האָט אין זיין לעבן געזען פאַר זיך נאָר

א י י ן ציל: באַהערשן רוים, באַזיגן דאָס רוימישע פאָלק, און אין איין וועגס, כדי צו דערגרייכן דעם ציל: וואָס מער פרעמדע פעלקער באַזיגן און אַרײַנטערברענגען אונטער דער רוימישער הערשאַפט, וואָס מער אונטערטראָגן קריגס־טראָפייען דעם רוימישן פאָלק און וואָס מער אָנ־זאַמלען אוצרות פאַר זיך אַליין.

ווען ער האָט זיך אָוועקגעלאָזט מיט זיינע העלדישע לעגיאָנען אין זייער ברייטער מזרח־וועלט, האָט דער ווייטזיכטיקער קריגס־פירער גע־טראַכט אייגנטלעך נישט וועגן יהודה — צו אומבאַדייטנד איז די דאָ־זיקע פּראָווינץ געווען פאַר דער מעכטיקער וועלט־רעפּובליק. פּאָמפּעיוס האָט געוואָלט איינגעמען די אַמאָליקע סיריע, די אַמאָליקע מלוכה פון דעם גרויסן אַלעקסאַנדער, וואָס האָט געהאַט אין אירע גרענעצן אַלע איצטיקע מזרח־מלוכות; קוים האָט אָבער דער צופאַל (אין דער געשטאַלט פונעם ברודער־קאַמף) זיך מקדים געווען און אים שוין געבראַכט און וועלכע ס׳איז באַציאונגען מיט דער יהודהשער מלוכה, האָט ער זי שוין מער פון אויג נישט אַראָפּגעלאָזן.

און דער „צופאַל" אַליין האָט זיך אויך אַזוי שנעל נישט געענ־דיקט. פּאָמפּעיוס האָט באַקומען די פולשטענדיקע דיקטאַטאָרישע מאַכט איבער אַלע ברעג־לענדער פונעם מיטללענדישן ים, און איז געוואָרן פאַרן גאַנצן מזרח דער „קעניג איבער אַלע קעניגן". און אָט, אין דער צייט, ווען דער שאָטן פונעם רוימישן אָדלער האָט שוין געשוועבט איבער אַלע־מענס קעפּ, האָט זיך אין יהודה נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעקאָכט די מלחמה פאַר דער „מאַכט". די נשמה פונעם ברודער־קאַמף איז איצט אויך געווען אַנטיפּאַטאַר, וועלכן עס האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצו־ציען דעם דערמאָנטן סקאַורוס אויף זיין זייט, און צווישן די פאַרשידענע שלוחים, וואָס זיינען געקומען באַגריסן דעם מעכטיקן „קעניג איבער אַלע קעניגן" אין זיין רעזידענץ אין דמשק, האָט זיך געפונען אַ דעלעגאַציע אויך פון דעם יהודהשן קעניג אַריסטאָבול. די דעלעגאַציע האָט געבראַכט מיט זיך אַ טייערע און קינסטלערישע מתנה, וואָס האָט דעם גרויסן רוימישן טריומפאַטאָר אַליין אויך געבראַכט אין דערשטוינונג און פאַר־כישופט; אַ זייער קינסטלעריש אויסגעאַרבעטן גאָלדענעם וויינשטאָק מיט גאָלדענע טרויבן און בלעטער אינעם ווערט פון פינף הונדערט טאַ־לאַנטן. פּאָמפּעיוס האָט זיך געאיילט אָוועקצושיקן דעם דאָזיקן ערשטן

אַנזאָג פון זיין טריומף קיין רוים, וואו דאָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ צירונג איגעם קאַפּיטאָלישן יופּיטער־טעמפּל; דאַקעגן אָבער האָט ער זיך נישט געאיילט צו דערפילן אַריסטאָבולס פאַרלאַנג — צו סאַנק־ציאָנירן זיין רעכט אויפן יהודהשן טראָן. ער האָט באַפוילן דורך די שלוחים, די בעלי־דברים אַליין זאָלן קומען פאַרלייגן פאַר אים זייערע טענות, און קעגן זייער ווילן, האָבן זיי דאָך געמוזט קומען. הורקנוס האָט זיך דעמאָלט באַרופן אויף זיין בכורה, אויף זיין געבורטס־רעכט, און האָט דערביי אָנגעוויזן אויף נאָך פאַרשידענע אומגעזעצלעכקייטן אין אַריסטאָבולס מלוכה־פירונג, וועלכע זיינען באַשטעטיקט געוואָרן פון פיל אָנגעזעענע יהודהער; אַריסטאָבול, ווידער, האָט דערקלערט, אַז הורקנוס איז פּשוט נישט פעאיק צו פירן די מלוכה און ער האָט געמוזט איבער־נעמען אויף זיך די העכערע פאַרוואַלטונג פון לאַנד צוליב די אינטערעסן פון לאַנד גופא. אויסער די צוויי קרוין־פּרעטענדענטן איז אַרויסגעטראָטן נאָך אַ דריטער טוען — אַ דעפּוטאַציע פון דער נייטראַלער באַפעלקע־רונג, וואָס אנערקענט אינגאַנצן נישט די נייטיקייט פון אַ קעניג פאַרן לאַנד און וויל איינפירן צוריק דעם אַמאָליקן טעאָקראַטישן רעזשים. די דאָזיקע רעפּובליקאַנער האָבן זיך באַוונדער געקלאָגט אויף די לעצטע חשמונאים, אַז זיי האָבן געענדערט די יהודהשע קאָנסטיטוציע און מיט געוואַלט פאַרוואַנדלט די טראַדיציאָנעלע גייסטיקע פאָלקס־פירונג (כהונה גדולה) אין אַ פעסטער מאָנאַרכיע, וואָס פאַרקנעכט גאָר דאָס פאָלק און ברענגט אים קיין נוצן נישט.

פּאָמפּעיוס האָט אויסגעהערט די אַלע טענות און קיין באַשטימטן ענטפער נישט געגעבן — אים האָבן די אינערלעכע אַרומרייסענישן אין יהודה געקענט נאָר פאַרלייכטערן זיין שפּעטערדיקע אַרבעט. ער האָט צוגעזאָגט צו באַזוכן דאָס לאַנד און אַליין איינצופירן דאָרט אַן אָרדענונג, און איז דערווייל אַוועק ענדיקן זיין אַרויסטריט קעגן די אַראַבער־נאַ־באַטעער; דער שטאָלצער און קריגערישער אַריסטאָבול האָט אָבער דאָך אַרויסגערופן ביי אים אַ מורא פאַר אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד אין פאַל פון וועלן איינבעמען יהודה ,און ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכ־קייטן נישט אָפּצולאָזן פון זיך דעם הייסבלוטיקן חשמונאי.

און דער חשד האָט זיך ווירקלעך באַשטעטיקט: אַריסטאָבול האָט דערשפּירט די געפאַר, וואָס רוקט זיך אָן אויף זיין לאַנד, און איז

אומדערוואַרטעט פאַר פּאָמפּעיוסן, אַוועק קיין יהודה, וואו ער האָט זיך באַפעסטיקט אין דער שטאַרקער באַרג־פעסטונג אַלעקסאַנדריאַ (צו צפון זייט פון יריחו, אינעם ירדן־טאָל). פּאָמפּעיוס האָט דאַן אויפגעגעבן זיין קאַמף קעגן די אַראַבער און איז אַרויף מיט זיין מחנה אויף דער יהודה־ערד. דאָ האָט ער אַרויסגעפּאָדערט אַריסטאָבלוסן צו זיך, און דער יהודה־שער קעניג איז געצוואונגען געווען אים נאָכצוגעבן, אום נישט נאָכמער אויפצורייצן דעם רוימישן זיגער; דער לעצטער האָט זיך שוין אָבער מיט קיין הבטחות נישט באַפרידיקט און אויף זיין פאַרלאַנג, האָט אַריסטאָבול געמוזט איבערגעבן די באַדייטנסטע יהודה׳עאישע פעסטונגס־פונקטן.

אַ באַליידיקטער, מיט אַ פלאַמענדן געפיל פון נקמה־דורשט אין האַרצן, האָט זיך אַריסטאָבול אומגעקערט קיין ירושלים מיט דעם פעסטן באַשלוס — טריי צו בלייבן דער טראַדיציע פון דעם אַלטן חשמונאים־שטאַם: מיט געווער אין האַנט צו קעמפן פאַרן פאָלק.

עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון די דאָזיקע מלחמה־פאַרבערייטונגען, האָט פּאָמפּעיוס גלייך צוגע־פירט זיין אַרמיי ביז צו די טויערן פון ירושלים, און ווידער האָט דער פאַרביטערטער אַריסטאָבול נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך אונטערגעבן. די רוימישע לעגיאָנען האָבן אָפּגעקילט דעם חשמו־נאישן העלדנמוט, און אַריסטאָבול האָט זיך פאַרפּליכטעט, איבערצו־רייסן די מלחמה־פאַרבערייטונגען, צו באַצאָלן קאָנטריבוציע און איבער־צוגעבן ירושלים אין די הענט פון דער רוימישער מאַכט.

פּאָמפּעיוס האָט דאַן פאַרהאַלטן אַריסטאָבלוסן ביי זיך און געשיקט זיין פאַרטרעטער ג א ב י נ י ו ס מיט אַ מיליטער־אָפּטיילונג קיין ירושלים, כדי איינצומאָנען פון די איינוואוינער די צוגעזאָגטע קאָנטרי־בוציע; אים איז אָבער אויסגעקומען זיך גלייך אומצוקערן אין לאַגער — די יהודהשע פּאַטריאָטן האָבן אים נישט אריינגעלאָזן אין שטאָט און איינגאַנצן נישט אָנערקענט די געצוואונגענע הבטחות פון זייער גע־פאַנגענעם קעניג. דאָס האָט אינגאַנצן איבערגעפּילט די מאָס פון פּאָמ־פּעיוסעס כעס, און ער האָט באַלאַגערט ירושלים (63).

און לאַנג איז דעם רוימישן פירער נישט אויסגעקומען צו וואַרטן. די הירקאַניסטן און צוזאַמען מיט זיי אויך באַדייטנדע טיילן פון דער איבעריקער נייטראַלער באַפעלקערונג האָבן נישט איינגעזען קיין שום

נוצן אין אַן אָפּענעם ווידערשטאַנד קעגן די רוימישע לעגיאָנען, און האָבן געעפּנט פאַר די לעצטע די טויערן פון שטאָט. עס האָט זיך אָבער געפונען אין פאָלק אַ באַדייטנדע צאָל באַגייסטערטע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן באַשלאָסן ביי זיך צו קעמפן ביז זייער לעצטן אָטעם־צוג קעגן די געצנדינערישע באַדריקער פון דער יהודהשער מאַכט, אין וועלכע זיי האָבן געזען אויך די צעשטערער פון דעם יידישן גלויבן ,און אָט די העלדישע קעמפער פאַרן גלויבן און פאַרן פאָטערלאַנד האָבן זיך באַפעסטיקט אויפן הר־הבית, פאַרניכטעט די בריק, וואָס האָט פאַראייניקט דעם בית־המקדש מיט דער שטאָט, און זיך פאַרטיידיקט מיט אַן אומגעוויינלעכער גבורה.

דער דאָזיקער באַרג איז געווען אַ שטאַרקע פעסטונג, און די געניטע רוימישע קריגער האָבן זיך לאַנג געמוזט מאַטערן און אָנשטרענגען, ביז זיי איז געלונגען אים איינצונעמען. מיט העלדישער זעלבסט־אָפּפערונג פלעגן זיך די באַלאַגערטע אַרויסרייסן פון זייער לאַגער און באַשיטן די מחנה פון שונא מיט אַ האָגל פון קוילן, געשטערט אים אויף אַזאַ אופן צוצוטרעטן נאָענט צו די ווענט פון בית־המקדש; דערצו איז דער באַרג פון צפון־זייט געווען גוט געשיצט מיט פעלדזן, קינסטלעכע גראָבנס און טורעמס, און פאָמפּעיוס איז געצוואונגען געווען אַראָפּצוברענגען פון צור גרויסע באַלאַגערונגס־מאַשינעס, כדי צו צעשמעטערן די טורעמס, און מאָסן האָלץ פון די ווייטע וועלדער, כדי אָנצופילן די גראָבנס, אַזוי האָט זיך די באַלאַגערונג פאַרצויגן, און דער בית־המקדש וואָלט זיך אפשר נאָך געהאַלטן אַ לאַנגע צייט, ווען עס וואָלט נישט צוגעקומען דאָ איין אומשטאַנד ,וואָס האָט די רוימער באַדייטנד פאַרלייכטערט זייער אַרבעט: די באַלאַגערטע קעמפער פאַרן גלויבן, פאַר דער תורה, האָבן אין דער זעלביקער צייט גופא נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון דער תורה אפילו אויף דאָס מינדעסטע, און לויט אירע געזעצן האָט מען זיך אום שבת געמעגט באַנוצן מיט געווער נאָר אויף צו פאַרטיידיקן דעם אייגענעם נפש, אָבער נישט אויף צו שטערן די באַלאַגערער אין זייערע אָנפאַלן אויף די פעסטונגס־ווענט. עס פאַרשטייט זיך, אַז די רוימער האָבן זיך לייכט אָנגעשטויסן אָן דער דערשיינונג און האָבן פאַרשטאַנען אויסצונוצן די פולשטענדיקע פּאַסיוויטעט פון די באַלאַגערטע אין משך פון אַ באַשטימטן מעת־לעת אין דער וואָך. אַזוי ווי זיי האָבן נישט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד, האָבן זיי דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג זיך באַשעפטיקט

ספעציעל מיט דער אַרבעט פון צעשמעטערן די מויערן, און ענדלעך, אין אַ געוויסן שבת (סיון־יוני 63), איז איין טורעם פון בית־המקדש געפאַלן און דורך דער עפענונג האָט דער יונגער זון פון דעם באַרימטן רוימישן דיקטאַטאָר סוללוס דער ערשטער זיך אריינגעריסן אין בית־המקדש מיט זיין סאָלדאַטן־אָפּטיילונג.

און קיינער האָט זיך די זיגער נישט אַנטקעגנגעשטעלט — די זעלביקע יהודהשע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן גאַנצע דריי מאָנאַטן אויסגעהאַלטן דעם קוילן־שטורעם פון די רוימישע שליידער־מאַשינעס און אַזוי העלדיש פאַרטיידיקט דעם גייסטיקן לעבנס־נערוו פון זייער פאָלק, אַט די זעלביקע העלדישע קעמפער זיינען איצט געשטאַנען באַגייסטערט, טיף פאַרזונקען אין אַ פייערלעכער תפלה צום אַלערהעכסטן גאָט פון ישראל. דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט געשטערט די זיגער זיך אַרויפצואוואַרפן אוי ףדי באַזיגטע מיט דעם צאָרן פון צערייצטע חיות און צו פאַרפלייצן די עזרות פון גאָטס הייליקן הויז מיטן בלוט פון די הייליקסטע ישראלס קינדער. אין דעם אומגליקלעכן טאָג האָבן זייערע לעבנס פאַרלוירן צוועלף טויזנט יהודהעאישע פאַטריאָטן אונטער דער שווערד און די פאַרשידענע פיין־מיטלען פון די אכזריותדיקע רוימער, און גאָטס הויז איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שחיטה־הויז, און טויזנטער אָפּגעהאַקטע קעפּ פון הייליקע כהנים האָבן זיך געוואַלגערט צוזאַמען מיט די פריערדיקע קרבנות אויפן הייליקן מזבח, און פון די פלאַמען איז דער הימל געווען רויט, — פון פלאַמען, אין וועלכע די יהודהשע פאַטריאָטן האָבן זיך אַליין געוואָרפן, מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן, נישט וועלנדיק אריינפאַלן אין די הענט פון די בלוטיקע רוימער.

פאָמפּעיוס אליין האָט דערוויל אויסגענוצט די געלעגנהייט, אויף זיך צו באַקענען מיט דעם כאַראַקטער פון דעם יידישן גלויבן, וועגן וועלכן עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן פאַרשידענע לעגענדעס אין דער גאַנצער דאַמאָלטיקער „ציוויליזירטער" וועלט. נאָך אַנטיוכס עפּיפאַנעס האָט געהאַט פארשפרייט דעם קלאַנג, אַז די יהודהעער פאַרגעטערן אין זייער טעמפּל אַן אייזל־קאָפּ, פראַוועט משונהדיקע ווילדע צערעמאָניעס און האָבן אַ תורה, וואָס איז פול מיט אכזריותדיקע, מענטשנפיינטלעכע געזעצן; דער רוימישער טריאומפאַטאָר האָט זיך איצט דעריבער איגגאַנצן פאַרלוירן, אריינקומענדיק אינעם „קדשי קדשים" פונעם יידישן טעמפּל

און נישט זעענדיק דאָרט קיין שום אייזל־קאָפּ און קיין שום אָפּבילדונג פון גאָט בכלל. אַ טעמפּל אָן אַ שום בילד; אַ טעמפּל פאַר אַ גאָט, וואָס איז אינגאַנצן אומזעבאַר, וואָס האָט אינגאַנצן קיין בילד און קיין פאָרם און קיין געשטאַלט נישט — דאָס איז פאַר דעם רוימישן געצענדינער געווען אינגאַנצן אומבאַגרייפלעך, און אָט די בילדלאָזע הייליקייט, וואָס האָט דאָ געשוועבט אַרום אים, האָט „באַזיגט דעם זיגער". דער געלט־גייציקער רוימישער קריגס־פירער האָט באַפוילן נישט צו רירן דאָס מיב־דעסטע פון די טייערע גאָלד־ און זילבער־כלים, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם איינגענומענעם בית־המקדש, און אויך נישט פון דער בית המקדש־קאַסע, וואו עס איז געלעגן אַ סומע פון צוויי טויזנט טאַלאַנטן. ער האָט אפילו פאַראָרדנט, מען זאָל ברענגען דעם גאַנצן בית־המקדש אין אָרדענונג און באַנייען אין אים צוריק דעם גאָטעס־דינסט.

נאָך דעם האָט פּאָמפּעיוס גענומען איינפירן אין לאַנד די צוגעזאָגטע „אָרדענונג". געבליבן געטריי די אַלטע טראַדיציע פון דעם רוימישן פאָלק, די טראַדיציע פון באַזיגן דאָס לאַנד און עס נישט באַהערשן, האָבן די אויבער־מאַכט איבערן פאָלק אָבער נישט עס פירן, — האָט פּאָמפּעיוס אויך יהודה געלאָזן די פולע פרייהייט בנוגע צו דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג. דאָס לאַנד, וואָס איז מיט הונדערט יאָר צוריק אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער סירישער הערשאַפט און האָט באַקומען אַן אייגענע הערשער־דינאַסטיע אין דער געשטאַלט פון די חשמו־נאים, איז איצט אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון רוים און איז געוואָרן איינע פון די רוימישע שוץ־מלוכות; אין לאַנד איז אָבער דערווייל אַלץ געבליבן ביים אַלטן. ווי פירער פון פאָלק און כהן־גדול האָט פּאָמפּעיוס באַשטימט הורקנוסן, וועלכער האָט איצט פאַרלוירן דעם טיטול „קעניג" און באַקומען דעם נאָמען „עטנאַרך" (פירער, הויפּט). דערביי האָט ער באַשטימט פאַר אַ מין אַפּוטרופּס איבערן גאַנצן לאַנד מיטן עטנאַרך צוזאַמען דעם באַקאַנטן אַנטיפּאַטער, וועלכער האָט פאַר־שטאַנען צו געווינען פאַר זיך די סימפּאַטיע פון דעם רוימישן זיגער.

דער זיג האָט זיך אָבער דערמיט אליין נאָך נישט געענדיקט. אוי־סער דעם יערלעכן מס, וואָס יהודה האָט פון איצט אָן געמוזט אָנהויבן אַריינצוטראָגן אין דער רוימישער מלוכה־קאַסע ווי אַ באַזיגט לאַנד, האָט פּאָמפּעיוס נאָך געלאָזן צעשמעטערן די מויערן פון שטאָט, און דערצו

האָט ער דאָס לאַנד גופא אויך איינגעשלאָסן אין ענגערע גרענעצן. די אַלע האַפן־שטעט און ברעג־געגנטן ,וואָס זיינען געווען באַוואוינט פון גריכן, האָט פּאָמפּעיוס דערקלערט אַלס פריי־שטעט, און אַזוי האָט ער באַפרייט אויך די שטעט אויף יענער זייט ירדן, וועלכע זיינען מיט אַזוי פיל מי אויסגעקעמפט געפאָרן פאַר יהודה דורך יוחנן־הורקנוס און אַלעק־סאַנדער־יאַנאַי. סאַמאַריאַ, סקיטאָפּאָליס (בית־שאן) און אַנדערע שטעט אינעם עמק יזרעאל, ווייטער גדרה, היפאָס, פעלא, דיאָן, פילאַדעלפיאַ און נאָך עטלעכע פון די געוועזענע סירישע שטעט זיינען אויך אָפּגעריסן געוואָרן פון יהודה און פאַראייניקט געוואָרן מיט דעם גאַנצן סירישן גע־ביט, וואָס איז איצט געווען אַ באַזונדערע רוימישע שטאַטהאַלטערשאַפט אין אַזיע. לויט די אַלטע טראַדיציעס פון דער רעפּובליקאַנישער רוים האָבן די אַלע באַפרייטע שטעט באַקומען אַ ברייטע זעלבסט־פאַרוואַל־טונג; עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די באַפעלקערונג פון דאָרטן האָט געקוקט אויף פּאָמפּעיוסן, ווי אויף איר אויסלייזער, און האָט דאַטירט איר פרייהייט פון זיין נצחון איבער ירושלים (פּאָמפּעיאַ־נישע ערע). צען אַזעלכע פריי־שטעט האָבן זיך פאַראייניקט און געביל־דעט אַ פעדעראַציע אונטער דעם נאָמען ד ע ק אַ פּ אָ ל י ס , און אַט דער גאַנצער געביט פון דער נייער רוימישער פּראָווינץ — סיריע, איז איבערגעגעבן געוואָרן אינעם רשות פון דעם דערמאָנטן לעגאַט סקאַורוס.

פון די קריגס־געפאַנגענע האָט פּאָמפּעיוס די מער היציקע פּאַטריאָטן געהייסן קעפּן און די איבעריקע האָט ער מיטגעפירט מיט זיך קיין רוים. צווישן די לעצטע האָבן זיך געפונען אויך דער קעניג אַ ר י ס ט אָ ב ו ל דער צווייטער, זיינע צוויי טעכטער און זיינע צוויי זין, אַ נ־ טיגאָן און אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. די דאָזיקע קעניגלעכע פאַמיליע (אויסער אַלעקסאַנדערן, וועלכער איז אַנטלאָפן פון וועג) איז שפּעטער, נאָך פּאָמפּעיוסעס אָנקומען קיין רוים ,איינגעשפּאַנט געוואָרן אין זיין טריאומף־וואָגן, צוזאַמען מיט נאָך פיל אַנדערע באַזיגטע קעניגן און פּרינצן פון דער גרויסער מזרח־וועלט .די איבעריקע גרויסע מחנה געפאַנגענע, וואָס פּאָמפּעיוס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון יהודה, האָט זיך אויס־געמישט מיט דער איבעריקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט גע־לעבט אין רוים, און אריינגעבראַכט אַ סך לעבן אין דער דאָרטיקער יידי־שער קהלה.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די גאָלדענע צייט פון דער באַנייטער יהודה־שער מלוכה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם מכביאישן אויפשטאַנד. ווי שקלאַפן, אָרעם און דערשלאָגן, זיינען ציוניס קינדער געבראַכט גע־וואָרן אין דער מעכטיקער, שטאָלצער רוים; דאָס איז אָבער נאָך נישט געווען דאָס לעצטע וואָרט פון דער היסטאָריע. די באַציאונגען צווישן ירושלים און רוים האָבן זיך נאָך געצויגן אַ סך, אַ סך צענדליקער יאָרן, און די רוימישע סאָלדאַטן האָבן נישט איין מאָל נאָך פאַרטרונקען ירושלימס גאַסן מיטן בלוט פון אירע קינדער, און מחנות געפאַנגענע פון יהודה זיינען נישט איין מאָל נאָך געשפּאַנט געוואָרן אין רוימישע טריאומף־צוגן. נאָר דאָ איז פאָרגעקומען אין דער געשיכטע עפּעס מערקווירדיקעס: אָט די זעלביקע עלנטע שקלאַפן, אָט דאָס הייפל יהודהער פון דעם „באַר־באַרישן" מזרח האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אונטערצוגראָבן אונטער דעם יסוד פונעם גאַנצן רוימישן וועזן, פון דער גאַנצער רוימישער וועלט־און לעבנס־אנשויאונג, פון דעם גאַנצן רוימישן לעבן, דענקען און שאַפן און געענדיקט האָט זיך די דאָזיקע צעשטערונגס־אַרבעט מיט דעם פול־שטענדיקן נצחון פון די באַזיגטע יהודהער איבער די מעכטיקע רוימישע זיגער.

# קאַפּיטל זעקס

## יידן אין דער דיאַספּאָראַ און דאָס לעבן אין יהודה

צוזאַמען מיט דעם שאָטן פון פּאָליטישער קנעכטשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן איבער יהודה, האָבן זיך פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט די יידישע קאָלאָניעס אין די אַרומיקע, שכנישע לענדער. אַזעלכע יידישע קאָלאָניעס האָבן פון די אַלטסטע צייטן אָן עקזיסטירט אין מעסאָפּאָטאַמיע, סיריע, קליין־אַזיע, מצרים און קירענייקאַ; און אין די לעצטע צענדליקער יאָרן ,נאָכדעם ווי יהודה האָט אָנגעהויבן קומען אין אַ נעענטערן פּאָליטישן פאַרקער מיט דער רוימישער רעפּובליק, איז צו זיי צוגעקומען די באַדייטנדיקע קהלה פון יהודהער אין רוים. די נישט־יידישע קוואַלן פון דער חשמונאים־עפּאָכע וויסן צו דערציילן, אַז „די יהודהער זיינען שוין אַריינגעדרונגען אין אַלע שטעט, און ס'איז נישט לייכט צו געפינען וועלכן ס'איז אָרט אויף דער ערד, וואָס זאָל זיין פריי פון זיי" (סטראַבאָן), און ווי ס'דריקט זיך אויס איינס פון די עלטסטע סיבילינישע ביכער, זיינען „אַלע ערדן און אַלע וואַסערן פול מיט יהודהער".

אויסגעפורעמט האָבן זיך די דאָזיקע יידישע קבוצים אין יענער צייט, ווען יהודה איז איבערגעגאַנגען פון איין מלוכה צו דער אַנדערער, און יעדער נייער הערשער האָט זיך אָדער נוקם געווען אָן די פאַרעקשנטע יהודהער און זיי פאַרטריבן פון זייער לאַנד, אָדער ער האָט געזען אין זיי אַ מיטל צו אַ געוויסן פּאָליטישן צוועק און האָט זיי באַזעצט מאַסנווייז אין זיינע אַנדערע פּראָווינצן. ביסלעכווייז האָבן זיך די יידישע אימיגראַנטן איינגעלעבט אין זייערע נייע וואוינונגס־פּלעצער, און מיט דער צייט האָבן זיי אפילו באַוויזן זיך צו דערווערבן נישט בלויז רייכטום און אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דעם דאָרטיקן האַנדל, נאָר אויך אַ באַדייטנדן איינפלוס אויף דער גאַנצער קולטורעלער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון דער סביבה, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען; דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אויך שפּעטער, ווען יהודה האָט ווידער אויפגעבליט אונטער דער מאַכט פון די חשמונאים און ירושלים איז געוואָרן, אויסער דער

גייסטיקער, אויך דער פּאָליטישער צענטער פאַר דער גאַנצער אומה, האָבן זיך די דאָזיקע אויסגעוואַנדערטע מאַסן נישט געאײלט אומצוקערן אין זייער היים. זיי האָבן זיך נאָר באַטייליקט אין די הוצאות פון בית־המקדש מיט יערלעכע נדבות און אויסער דעם פלעגן זיי גרופּעסווייז קומען פון צייט צו צייט באַזוכן די הייליקע שטאָט.

דעם באַדייטנדסטן פּלאַץ צווישן די דערמאָנטע יידישע קאָלאָניעס אויסער ארץ־ישראל פאַרנעמט עגיפּטן. די ערשטע גרופּע יהודהער האָט געבראַכט אַהין פּטאָלאָמעאוס דער ערשטער, און מיט איין יאָרהונדערט שפּעטער האָט זיך שוין געפונען אין מצרים ביז אַ מיליאָן יידן, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד — פון דעם ליבישן מדבר אין צפון ביז די גרענעצן פון אַביסיניע אין דרום. אַ טעטיקע ראָליע האָט די דאָרטיקע יהודהעאישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן צו שפּילן, ווען יהודה איז אָפּגעריסן געוואָרן פון עגיפּטן (פאַר פּטאָלאָמעאוס דעם פינפטן) ווי אַ פּראָווינץ, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין די גרענעצן פון סיריע, און ביידע מלוכות זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, צוצוציען די יהודהער אויף זייער זייט. די יהודהער אין עגיפּטן זיינען שטענדיק געווען געטרייע אָנהענגער פון דער פּטאָלאָמעאישער דינאַסטיע, און דער זעקסטער פּטאָלאָמעער, פילאָמעטער, האָט גערן געעפנט די טויערן פון זיין לאַנד פאַר די גרויסע מחנות אַנטלאָפענע פון יהודה, ווען דער סי־רישער דעספּאָט אנטיוכס עפּיפאַנעס האָט דאָרט געווילדעוועט מיט זיינע שוידערהאַפטע צוואַנגס־מיטלען און אכזריותן. צווישן די דאָזיקע אַנטלאָ־פענע האָט זיך געפונען אויך חוניו דער פערטער, דער זון פון דעם כהן גדול חוניו דעם דריטן, ביי וועלכן די העלעניסטן האָבן אָפּגענומען דעם כהן־טיטול; און אַזוי ווי אין דעם עגיפּטישן הויף האָט מען דאַן כסדר געזוכט פלענער, ווי אזוי צוריק אַרויסצורייסן פון אַנטיוכסן די מאַכט איבער יהודה, האָט מען דעם דעם אַנגעזעענעם יהודהשן מיוחס, חוניו, אויפגענומען מיט כבוד און פריינטשאַפט. דאָס האָט דעם לעצטן געגעבן די דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן מיט זיין פּלאַן וועגן גרינדן אין מצרים אַ נייעם רעליגיעזן צענטער, אויך אין דער געשטאַלט פון אַ בית־המקדש, וואו ער אליין, ווי אַ געזעצלעכער יורש, זאָל דערפילן די פליכטן פון אַ כהן־גדול.

אין דער יידישער קאָלאָניע איז דער פּלאַן געוואָרן אויפגענומען מיט

צופרידנקייט — ביי די פאַרשאַרפטע באַציאונגען, וואָס האָבן איצט גע־הערשט צווישן דעם עגיפּטישן און דעם סירישן הויף, האָבן זיי נאָר גע־קענט צופרידן זיין מיט דעם פּלאַן פון אַן אייגענעם בית־המקדש, מיט אַן אייגענעם געזעצלעכן כהן־גדול, וואָס וועט זיי אינגאַנצן אומאָפּהענגיק מאַכן פון ירושלים און זיי באַפרייען פון פאַרקערן אַזוי אָפט מיט דער סירישער יהודה. חוניו האָט דאַן פאַרגעלייגט זיין בקשה פילאָמעטערן, און דער לעצטער האָט אים אָפּגעגעבן אַ באַדייטנדן שטח ערד אין דעם שטעטל לעאָנטאָפּאָליס, אין דער געגנט פון העליאָפּאָליס, צו צפון־מזרח זייט פון מעמפיס, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען אַן אַלט־עגיפּטישער טעמפּל. אויף דעם פּלאַץ האָט חוניו געלאָזן אויפשטעלן אַ טעמפּל פאַר דעם יידישן גאָט, — אַ טעמפּל מיט אַ מזבח, לויט דעם מוסטער פונעם בית־המקדש אין ירושלים, נאָר קלענער און אָרעמער פון יענעם. אים איז אויך געלונגען זיך צוזאַמענצושטעלן דעם נויטיקן שטאַט כהנים און לוויים פון די אַנגעלאָפענע יהודהער, און די הוצאות אויף דעם זיינען גענומען געוואָרן פון די מלוכה־שטייערן פון דער גאַנצער געגנט, וואָס האָט באַ־קומען דעם נאָמען אָ נ י אָ ן (חוניו־אָניאָן) און איז אינגאַנצן אַוועק־געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויבערשטער פאַרוואַלטונג פון דעם יהודהשן כהן־גדול.

אום צו באַקומען אויך אַ רעליגיעזע סאַנקציע פאַר זיין בית־המקדש (בית חוניו), האָט זיך חוניו באַרופן אויף דער אַלטער נבואה פון ישעיהו: „אין יענעם טאָג וועט שטיין אַ מזבח פאַר גאָט אינעם לאַנד מצרים און אַ מזבח צום אַלערהעכסטן אויף איר גרענעץ”; דאָס האָט אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, גאַנץ ווייניק געווירקט אויף דער באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל, און דאָרט האָט מען די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט קרום צו קוקן אויף „חוניוס טעמפּל”, אין לעאָנטאָפּאָליס, וואָס האָט עקזיסטירט איבער צוויי הונדערט יאָר און האָט איבערגעלעבט מיט דריי יאָר זיין אָריגינאַל פון ירושלים. אין מצרים גופא, אפילו, האָבן זיך אויך געפונען אַ סך יידן, וואָס האָבן נישט איבערגעריסן איצט זייערע באַציאונגען מיט דעם פאַר־הייליקטן צענטער אין דער הייליקער שטאָט; זיי פלעגן, ווי ביז אַהער אַזוי אויך איצט, גיין קיין ירושלים (עולי־רגל, פּילגרימען) אויף די גרע־סערע יום טובים און שיקן אַהין זייערע יערלעכע נדבות. און נאָך דעם ערשטן גרויסן נצחון פון די מכביער, האָבן די פאָלקס־פירער פון יהודה

געפונען פאַר אַ פליכט, איינצולאַדן די עגיפּטישע גלויבנס־ברידער אין דער באַנייטער יהודהשער הויפּטשטאָט, כדי זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער פייערלעכער באַנייאונג פון בית־המקדש (חנוכת הבית, חנוכה).

אין אַלגעמיין איז די לאַגע פון יידן אין מצרים געווען זייער אַ גוטע. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע צווייגן פון דעם פּאָליטישן, געזעל־שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, און אומעטום האָבן זיי זיך געפילט גלייכבאַרעכטיקט מיט די איינגעבוירענע בירגער פון לאַנד. אַממערסטן קאָנצענטרירט זיינען די יידן געווען אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָט אַלעקסאַנדריע, דער צווייטער באַדייטנדער צענטער פון דער דעמאָלטיקער ציוויליזאַציע נאָך רוים. פון די פינף קוואַרטאַלן ,אין וועלכע די שטאָט איז געווען איינגעטיילט, האָבן יידן פאַרנומען כמעט גאַנצע צוויי, און זייער צענטראַלער פּונקט איז געווען דער קוואַרטאַל ד ע ל ט אַ, וואָס איז געלעגן ביים האַפן. דאָס איז געווען אַ „יידיש שטעטל", וואו עס איז געווען קאָנצענטרירט כמעט דער גאַנצער עקספּאָרט און אימפּאָרט פון לאַנד. אַזוי ווי זיי זיינען געקומען אין אַ געשעפטלעכן פאַרקער מיט פאַר־שיידענע קולטור־צענטערן און זיך ענגער צוזאַמענגעלעבט מיט זייערע גריכישע שכנים, האָבן די עגיפּטישע יידן איבערגענומען פון זיי דעם פאַרפיינערטן געשמאַק און דעם זין פאַר קינסטלערישע אויסאַרבעטונגען, און קוים האָט מען אין ירושלים געדאַרפט האָבן קינסטלער צו דער באַניי־אונג פון בית־המקדש, האָט מען זיי געמוזט אויסשרייבן פון דער אַלעק־סאַנדריניש־יידישער קהלה. און נישט נאָר אויף די געביטן פון קונסט און האַנדל — די אַלעקסאַנדרינישע יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט אפילו אויך ווי מיליטער־פירער ,און אָן דער שפּיץ פון דער עגיפּטישער אַרמיי פאַר פילאָמעטערן זיינען געשטאַנען די יהודהער חוניו און דאָסיטעאוס. שפּעטער, ביי דעם צוזאַמענשטויס צווישן דעם חשמונאַי אַלעקסאַנדער־יאַנאַי און דעם עגיפּטישן טראָן־פּרעטענדענט, פּטאָלאָמעאוס לאַטוראָס. איז די קעניגן קלעאָפּאַטראַ ארויסגעטראָטן צו הילף דעם קעניג פון יהודה און האָט געשיקט קעגן איר זון אַן אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פון די צוויי יהודהשע ברידער ח ל ק י ה ו און ח נ נ י ה, די זין פון דעם דערמאָנטן חוניו דעם פערטן.

די אַלעקסאַנדרינישע קהלה האָט געדינט ווי אַ מיטלפּונקט פאַר דער גאַנצער יהודהשער קאָלאָניע אין מצרים. דאָ האָבן זיך, נאָך איידער

חוניו האָט אויפגעשטעלט זיין בית המקדש, געפונען שולן, (סינאַגאָגן) צום דאַווגען אין אַלע טיילן פון שטאָט, און פון זיי האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט די הויפּט־שול מיט איר שיינער געביידע און קינסטלעריש־רייכע באַפּוצונגען. די דאָזיקע שולן האָבן געדינט אויך ווי לער־הייזער (בתי־מדרשים), וואו עס פלעגן שבת און יום־טוב דערקלערט און גע־לייענט ווערן קאַפּיטלען פון דער תורה און די נביאים. בראש פון דער יידישער קהלה אין אַלעקסאַנדריע איז געשטאַנען אַ באַזונדערער נשיא (עטנאַרך), וואָס „האָט אַכטונג געגעבן אויפן פאָלק, געמשפּט צווישן איי־נעם און אַנדערן; געזען, אַז אַלע פליכטן און פאָרשריפטן זאָלן ווערן דערפילט — ווי אַ פירער פון אַן אומאָפּהענגיקער שטאָט" (סטראַבאָן).

אַזוי האָבן יידן געלעבט אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָט — פול מיט שטאָלצער אַכטונג צו זיך אליין און טיף געאַכטעט אויך פון די אַרומיקע בעלי בתים און שכנים. זיך באַטייליקט אַקטיוו אין אַלע צווייגן פון דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן און געשפּילט אומעטום אַ דאָמינירנדע, טאָן־געבנדע ראָלע און זיי האָבן, נאַטירלעך, געמוזט אַרויפ־ציען פון צייט צו צייט אויף זיך דעם כעס פון אַ פאַראינטערעסירטער פערזאָן און דאַן איז זיי אויסגעקומען צו ליידן נישט ווייניק. דאָס איז אָבער געווען מער אַ פּאָליטישער צוזאַמענשטויס, ווי די פאַרפאָלגונג צו־ליב דעם ראַסן־אונטערשייד אָדער צוליב דעם יידישן גלויבן. אַזוי, למשל, איז פאָרגעקומען, אַז נאָך דעם טויט פון דעם גוטהאַרציקן פּטאָלאָמעאוס פילאָמעטער, האָט זיין אכזריותדיקער ברודער, פּ ט אָ ל אָ מ ע א ו ס ד ע ר ז י ב ע ט ע ר פּ י ס ק אָ ן, אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף פאַרן טראָן מיט דער קעניגן־אלמנה קלעאָפּאַטראַ (145). פּיסקאָן האָט געהאַט אויף זיין זייט די שטיצע פון רוים, דאַקעגן אָבער איז די סימפּאַטיע פון די אַלעקסאַנדרינישע יידן געווען אויף קלעאָפּאַטראַס זייט, און בראש פון איר מיליטער איז געשטאַנען דער אויבן־דערמאָנטער חוניו. דאָס האָט אויפגערייצט דעם ברוטאַל־מערדערישן פּרעטענדענט און ער האָט זיך באַשלאָסן אויף אַ שרעקלעכן שריט: ער האָט באַפוילן זיינע סאָלדאַטן, צונויפצוטרייבן מאַסן יידן מיט זייערע פרויען און קינדער אויפן מאַרק, און דאַן אַרויפלאָזן אויף זיי אַ מחנה אויסגעהונגערטע, צערייצטע העל־פאַנטן; ביי דער אויספירונג פון דער נקמה איז אָבער פאָרגעקומען עפּעס אומדערוואַרטעטס: אנשטאט זיך אַרויפצואוואַרפן אויף די שוצלאָזע

יהודהער, האָבן זיך די צעווילדעוועטע העלפאַנטן אומגעווענדעט צו זייע־רע אייגענע פירער און אָנגעמאַכט צווישן זיי אַ חורבן. פיסקאָן האָט זיך דאַן אָפּגעזאָגט פון זיי ווילדער נקמה, און צום זכר פון דער ישועה, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פון פאָלק ווי אַ נס פון הימל, איז אין דער אַלעק־סאַנדרינישער יידישער געמיינדע איינגעפירט געוואָרן אַ יערלעכער יום־טוב..

מער אָבער, פיל מער ווי אויף די דערמאָנטע געביטן, האָבן די יידן אין אַלעקסאַנדריע געווירקט אויף דער אַזוי־גערופענער „אַלעקסאַנדריני־שער ליטעראַטור". דאָ האָבן זיי געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גע־האַט אַ באַדייטנדיקע השפעה אויף דעם גאַנצן גאַנג פון דער וועלט־גע־שיכטע, אויף דער גאַנצער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם מענטש־לעכן אידייען־גאַנג. באַשטאַנען איז די דאָזיקע אַלעקסאַנדרינישע ליטע־ראַטור פון אַ גאַנצער ריי פאַרשידנאַרטיקע וויסנשאַפטלעכע, פילאָזאָפישע און פּאָעטישע ווערק אין דער גריכישער שפראַך; געשריבן זיינען אָט די ווערק געוואָרן פון שריפטשטעלער, וואָס האָבן אָנגעהערט צו פאַרשידענע, מער אָדער ווייניקער העלעניזירטע פעלקער; און אָט, אין דעם לאַבירינט פון העלענישע אידייען און פאָרמען האָט זיך אַמשטאַרקסטן בולט אַרויס־געוויזן דער יידישער עלעמענט פון דער יידישער וועלט־ און לעבנס־אַנשויאונג. די אַלעקסאַנדרינישע יידן האָבן די ערשטע פּראָקלאַמירט פאַר דער אַלטער קולטור־וועלט דעם יידישן שאַפונגס־גייסט, און דאָס קאָן גערעכנט ווערן אויך פאַר דעם ערשטן ממשותדיקן צוזאַמענשטויס צווישן דיביידע וועלט־קולטורן, דאָס יידנטום און דעם העלעניזם, אויף דעם הע־לענישן באָדן, — דער צוזאַמענשטויס, פון וועלכן דאָס יידנטום איז ענדלעך אַרויס מיט אַ פולשטענדיקן נצחון.

דאָס באַדייטנדסטע ווערק, וואָס די אַלעקסאַנדרינישע יידן האָבן אריינגעבראַכט אין דער דאַמאָלטיקער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַטור, איז געווען די ב י ב ל אין אַ גריכישער איבערזעצונג. צו אונז זיי־נען נישט דערגאַנגען קיינע ידיעות וועגן די אייגנטלעכע מאָטיוון, וואָס האָבן באַוואויגן די אַלעקסאַנדרינישע יידן, זיך צו פאַרנעמען מיט דער אַרבעט פון איבערזעצן די תורה; באַקאַנט איז נאָר, אַז די איבערזעצונגס־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין דריטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן און איז געענדיקט געוואָרן אין צווייטן, און אַז די אונטערנעמונג איז

געשטיצט געוואָרן געוויסערמאַסן פון דעם עגיפּטישן הויף. ס׳איז איבער־געזעצט געוואָרן דער גאַנצער תנ״ך (תורה, נביאים און כתובים), עטלעכע אַנדערע פּאָעטישע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע ווערק און אויך אַ טייל פון די ווערק, וועלכע זיינען שפּעטער אַריינגענומען געוואָרן אין דער ריי פון די ביבלישע אַפּאָקריפן. דערביי האָבן זיך די איבערזעצער נישט גע־האַלטן שטרענג ביים טעקסט און אָפט האָבן זיי זיך דערלויבט, צוצוגעבן פאַרשידענע דערציילונגען און תפלות, — פון די, וועלכע זיינען אַרומ־געגאַנגען אין פאָלק. דאָס האָבן זיי באַזונדער געטאָן אין די לעצטע ביבל־ספרים, וועלכע זיינען נאָך נישט שטאַרק פאַרהייליקט געווען.

אין יהודה האָט מען געקוקט אויף דעם פאַקט פון איבערזעצן די תורה אין אַ פרעמדער ,וועלטלעכער שפּראַך, ווי אויף אַ מין פראָפאַנאַ־ציע, און דער טאָג, ווען די איבערזעצונג איז געענדיקט געוואָרן, איז דאָרט באַשטימט געוואָרן ווי אַ טאָג פון טרויער פאַרן גאַנצן פאָלק. דאָרט האָט מען צופיל געהאַט געליטן פון דער העלענישער וועלט, דאָרט האָט מען זיך צופיל געשראָקן פאַר דער שעדלעכער העלענישער השפעה און צופיל האָבן די אמתע פאַרזאָרגער פונעם פאָלקס־גייסט זיך באַמיט אים אייניצוציען וואָס מער אין זיין אייגענער שאָלעכץ, כדי צו קאָנען זיך גלייכגילטיק באַציען צו אַזאַ מין גייסטיקער היימישקייט מיט די געצנדינערישע העלענישע פעלקער. די אַלעקסאַנדריניש יידן האָבן זיך אָבער, ווי ס׳ווייזט אויס, גאָרנישט גערעכנט מיט דער אומצופרידנהייט, און יעדער נייער ספר, וואָס איז דערשינען אין יהודה, איז גלייך איבער־געזעצט געוואָרן אין אַלעקסאַנדריע, און געוואָרן, אויף אַזאַ אופן, דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. אַ דאַנק דעם אומשטאַנד זיינען צו אונדז דערגאַנגען אַזעלכע אוצרות פון יידישן גייסט און יידי־שער שאַפונג, ווי „די חכמה פון יהושע בן סירא״, „דאָס ערשטע בוך פון די מכביעער״, דער „ספר חנוך״ און נאָך אַנדערע „אַפּאָקריפן״, וואָס זייערע העברעאישע אָריגינאַלן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען.

אויסער די דערמאָנטע איבערזעצונגען האָבן די אַלעקסאַנדריי־נישע יידן אליין אויך געפּרואווט באַאַרבעטן די יידישע פאַרגאַנגענהייט, מיט דעם צוועק צו דערווייזן די גרויסקייט פון דעם יידישן גייסט און די געטלעכע אייביקייט פון דער יידישער אמונה. אַזוי האָט אַ געוויסער י אַ ז אָ ן פון קירענייקע פאַרפאַסט אַ גריכיש ווערק אין פינף טיילן.

אין וועלכן ער האָט אויספירלעך געשילדערט די יהודהשע באַפריי־אונגס־באַוועגונג און די מלחמות פון די חשמונאים. פון דעם ווערק זיי־נען צו אונדז דערגאַנגען נאָר געקליבענע פראַגמענטן, וועלכע זיינען שפּע־טער צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „דאָס צווייטע בוך פון די חשמונאים״. אין דעם „צווייטן״, אַלעקסאַנדרינישן בוך קומען אריין פאַרשיידענע פאָלקס־לעגענדעס וועגן די באַהאַנדלטע געשעענישן, — אַזעלכע, וואָס אין דעם „ערשטן״, יהודהשן, חשמונאים־בוך זיינען זיי גאָר נישטאָ. דאָס אַלעקסאַנדרינישע חשמונאים־בוך איז בכלל געשריבן אין דעם טאָן פון די גריכישע רעטאָריקער און האָט נישט אין זיך, נישט די ביבלישע פּשטות און נישט די שטרענגע זאַכלעכקייט פון דעם ערשטן „ספר המכבים״. פאַר דעם אַלעקסאַנדרינישן אויטאָר איז אין דעם קאַמף פון די חשמונאים מער וויכטיק דער רעליגיעזער עלעמענט, ווי די פּאָ־ליטישע באַנייאונג פון יהודה. ער באַמיט זיך כסדר צו דערווייזן, אַז די יידישע אמונה האָט דאָ אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די אכזריותדיקע צוואַנגס־מיטלען פון היידנטום, און דאַקעגן גייט אים גאַנץ ווייניק אָן דער פּאָליטישער נצחון.

אָט די אַלע אַרבעטן זיינען אָבער געווען נישט מער, ווי די ערשטע שריט אויף דעם וועג פון אַ נענטערער גייסטיקער קרובהשאַפט, פון אַן ענגערן גייסטיקן צוזאַמענלעבן, — די ערשטע שריט, נאָך וועלכע עס האָט זיך איצט אָנגעהויבן די אינטענסיווע שאַפונגס־טעטיקייט פון דעם יידישן גייסט. אליין דורכגענומען און באַאיינפלוסט פון די גריכישע פילאָזאָפישע אידייען און אָנטציקט פון זייער פאָרם און שיינקייט, האָט די אַלעקסאַנדריניש־יידישע אינטעליגענץ קודם כל געשטרעבט, מקרב צו זיין די תורה צו דעם גריכישן געדאַנקען־גאַנג און צו דערווייזן, אַז דאָס יידנטום און דער העלעניזם שטאַמען ביידע, אייגנטלעך, פון איין מקור און אָנערקענען ביידע כמעט איינע און די זעלבע אמתן. דאָס האָט, נאַ־טירלעך, געמוזט באַגעגענען אַ געוויסן ווידערשטאַנד פון דער העלעניס־טישער זייט, וואו מ׳האָט באַטראַכט די גריכישע פילאָזאָפיע פאַר דער איינציק ריכטיקער און איינציק באַרעכטיקטער, און די יידישע שריפט־שטעלער זיינען, אויף אַזאַ אופן, נישט ווילנדיק אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ שאַרפער פּאָלעמיק, אין וועלכער זיי האָבן זיך שוין באַמיט נישט בלויז צו פאַרטיידיקן די יסודות פון יידנטום און זיי צו באַרעכטיקן, נאָר

אויך זיי צו פּראָפּאַגאַנדירן, זיי צו פאַרשפּרייטן אין דער אַרומיקער קולטור־וועלט. פאַראייניקן די יידישע מיט דער העלענישער קולטור איז אָרגאַניש געווען אומעגלעך, און סוף כל סוף האָט געמוזט אויסברעכן אַ ביטערער קאַמף צווישן דעם עצם מהות פון יידנטום, דעם עטישן מאָנאָטעאיזם און דעם אייגנטלעכן וועזן פון דער גריכישער קולטור, דעם עסטעטישן פּאָליטעאיזם.

פון די ערשטע אַלעקסאַנדרינישע יהודהער, וואָס האָבן געוואוסט צוטרעטן צו דער תורה מיט דער קריטעריע פון דער גריכישער אידייען־וועלט איז געווען אַ געוויסער אַריסטאָבול, וואָס האָט געלעבט אין אַלעקסאַנדריע פאַר פטאָלאָמעאוס פילאָמעטערן (170־150). ער האָט אָנגעשריבן אַ ווערק וועגן משהס געזעצגעבונג, אין וועלכן ער האָט געוואָלט צו דערווייזן, אַז די אַלע פילאָזאָפישע סיסטעמען פון די גריכישע דענקער פּיטאַגאָרוס, סאָקראַטעס און פּלאַטאָן זיינען אַנגעוואונקען אין דער יידישער תורה, און אַז משהס לערע אנטהאַלט אין זיך דאָס בעסטע און טיפסטע פון דעם אַלעמען, וואָס עס האָבן געפּרעדיקט די גריכישע פילאָזאָפן אין אַלע צייטן און דורות. דער אַריסטאָבול איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דער אַלעגאָרישער מעטאָדע, כדי צו דערקלערן די אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע שטעלן פון דער תורה (די אויסדריקן, וואָס כאַראַקטעריזירן גאָט ווי אַ וועזן מיט מענטשלעכע אייגנשאַפטן; למשל: גאָט האָט געזאָגט, גאָט האָט זיך אומגעקערט צו אים, אא״וו) און דערקלערט, אַז אַט די אַלע שטעלן דאַרף מען נישט פאַרשטיין בוכשטעבלעך, נאָר בילדלעך, לויט דעם זין, וואָס זיי אַנטהאַלטן אין זיך.

צו דעם צוועק פון אַרויסווייזן די גרויסקייט פון דעם יידישן גייסט, איז אַממערסטן אויסגענוצט געוואָרן די יידישע געשיכטע. אין דעם אייבציקן צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער עפּאָכע, האָבן גאַנצע דריי יידישע שריפטשטעלער באַארבעט די יידישע פאַרגאַנגענהייט אין אַ גאַנצער ריי ווערק, אין וועלכע עס ווערט דערוויזן, אַז משה האָט דער ערשטער באַקאַנט יידן מיט דער קונסט פון שרייבן, און פון זיי איז עס ערשט איבערגעגאַנגען צו די פעניציער, וועלכע האָבן עס ווידער, פון זייער זייט, איבערגעגעבן די גריכן; אַז די גאַנצע עגיפּטישע קולטור שטאַמט פון די יידישע פאַטריאַרכן אברהם, יוסף און משה, פון וועלכע

דער לעצטער איז איבערהויפט דער איינציקער אַנטדעקער און באַשאַפער פון אַלע וויסנשאַפטן און קונסט־געביטן.

איינצלנע עפּיזאָדן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט האָבן געדינט ווי סיוזשעטן אויף פאַר פּאָעטישע שאַפונגען. דער עלטערער פּ י ל אָ ן האָט אָנגעשריבן אַן עפּישע פּאָעמע „וועגן ירושלים״, וואו ער האָט באַזונגען דאָס לעבן פון די ערשטע יידישע פּאַטריאַרכן און די פּרעכטיקע גרויסקייט פון דער יהודהשער הויפּטשטאָט; אַ צווייטער דיכטער (גיכער אַ שומרוני), מיטן נאָמען טעאָדאָט, האָט אָנגעשריבן אַ העלדן־פּאָעמע וועגן שכם, די הייליקע שטאָט פון די שומרונים, וועלכע יעקבס קינדער האָבן איינגענומען נאָך דער אָפּקרויבונג פון זייער שוועסטער דינה; אַ געוויסער יחזקאל האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע, אין וועלכער ער האָט געשילדערט דאָס לעבן פון משה רבנו און דעם נס פון יציאת מצרים; און אַזוי איז כמעט די גאַנצע ביבל באַהאַנדלט געוואָרן פּאָעטיש אָדער פילאָזאָפיש.

די דאָזיקע שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דער יידיש־העלענישער ליטעראַטור, וואָס איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען געווען מיט דער איינציקער טענדענץ: צו לויבן דעם יידישן גייסט און דאָס יידישע פאָלק, — האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע ריי ווערק קעגן יידן און קעגן דעם יידישן גלויבן. אַזוי האָט אַ געוויסער עגיפּטישער גייסטלעכער, מיטן נאָמען מאַנעטאָן, אָנגעשריבן אַ ווערק מיט די שענדלעכסטע בלבולים אויף יידן, און ווי ס׳איז צו גלויבן, איז דאָס ווערק געוואָרן זייער פּאָפּולער און האָט געוואונען אַ סך אָנהענגער און נאָכמאַכער. אָט דער אומשטאַנד האָט געצוואונגען די יידישע שריפטשטעלער צו געפינען פאַר זייערע פּאַרטיידיקונגס־ווערק אַ מער איבערצייגנדיקע פאָרעם, און פון דאַנען שטאַמט די אַזוי גערופענע „פּסעוודאָגראַפישע״ ליטעראַטור. יידן האָבן אָנגעהויבן אַרייבצולייגן זייערע מיינונגען און אידייען אין מויל פון פאַרשיידענע אַלגעמיינע באַרימטע פּערזענלעכקייטן; אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ גאַנץ ווערק „וועגן יידן״ אויף דעם נאָמען פון דעם באַרימטן גריכישן פילאָזאָף העקאַטאַ פון אַבדערא, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן. אין דעם ווערק פּרואווט דער גריכישער פילאָזאָף צו איבערצייגן די וועלט, אַז די יידישע אמונה איז ריין פון יעדן מין אַבערגלויבן און די יידן זיינען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זייער גאָט און זיינע

געזעצן; צו דעם צוועק שילדערט ער די באַדייטנדסטע מאָמענטן פון דער ייִדישער געשיכטע, און דערביי ברענגט ער אויך געוויסע עפּיזאָדן פון זיין אייגענער דערפאַרונג. כאַראַקטעריסטיש איז די ווייטערדיקע דער־ציילונג:

„ווען איך האָב מיך אָוועקגעלאָזט צום שוואַרצן ים, האָט זיך צווישן די אַנדערע יהודהשע רייטער, וואָס האָבן אונדז באַגלייט, געפונען אויך איינער מיטן נאָמען משולם, אַ מענטש אַ שטאַרקער אי גייסטיק, אי קערפּערלעך און, ווי אַלע האָבן אויף אים עדות געזאָגט, — דער בעסטער בויגן־שיסער צווישן אַלע גריכן און באַרבאַרן. אויפן וועג האָט איין וואָר־זאָגער, וואָס האָט נביאות געזאָגט לויט דער באַוועגונג פון פויגל־פלי (אָרניטאָמאַנטיע, זייער אַ פאַרשפּרייטע דערשיינונג אין דער אַלטער וועלט), געהייסן דעם גאַנצן קאַראַוואַן זיך אָפּשטעלן. דאַן האָט דער דער־מאָנטער מענטש (משולם) געפרעגט, פאַרוואָס מ׳גייט נישט ווייטער; דער וואָרזאָגער האָט אים אָנגעוויזן אויף די פלי־באַוועגונגען פון פויגל און געזאָגט: אויב ער וועט זיך דאָ אָפּשטעלן, דאַרפן מיר זיך אויך אָפּ־שטעלן; אויב ער וועט זיך אויפהויבן און פליען פאַראויס, וועלן מיר אויך קענען ווייטער גיין און אויב ער וועט פליען צוריק, דאַרפן מיר זיך אומ־קערן צוריק אַהיים. משולם האָט דאַן שווייגנדיק אָנגעשטעלט זיין פייל, אַ צי געטאָן און דערשאָסן דעם פויגל אויפן אָרט. דער וואָרזאָגער און די איבעריקע האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אויף משולמען און אים אָנגעהויבן צו באַשיטן מיט קללות; ער האָט זיי אָבער געענטפערט: „אומגליקלעכע, וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?" און נעמענדיק דעם טויטן פויגל אין האַנט האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט: — ווי אַזוי האָט עס דער פויגל, וואָס האָט זיין אייגענעם לעבן נישט געקענט ראַטעווען פון געפאַר, ווי אַזוי האָט ער עס געקענט אונז צאָהנען עפּעס קלוגעס וועגן אונזער וועג! ווען ער וואָלט באמת קענען פאָראויסזען די צוקונפט, וואָלט ער נישט גע־פלויגן אויף דעם אָרט און וואָלט זיך געשראָקן פאַר דער טויט־פייל פון דער יהודהער משולם".

אַן ענלעכע אַרבעט איז ‚אַריסטייס בריוו", וואָס איז פאַרפאַסט גע־וואָרן אינעם צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער עפּאָכע. דאָס איז אַ ייִדיש ווערק, געשריבן אין דער פאָרם פון אַ בריוו, וואָס דער גרי־כישער באַאַמטער שרייבט צו זיינעם אַ פריינד. אין וועלכן ער דערציילט

אים, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז די ביבל זאָל איבערזעצט ווערן אין דער גריכישער שפּראַך. דאָ ווערט איבערגעגעבן אַ טיפער פילאָזאָ־פישער דיאַלאָג וועגן דער יידישער תורה צווישן דעם יידישן כהן גדול און 70 יידישע חכמים פון איין זייט, און דעם קעניג פּטאָלאָמעאוס פי־לאַדעלפוס מיט זיינע מקורבים — פון דער צווייטער זייט. דער קעניג שטעלט די יידישע זקנים אַ גאַנצע רייע פראַגן וועגן ענינים פון מאָ־ראַל, פילאָזאָפיע, פּאָליטיק און געזעלשאַפטלעכע איינפירונגען, און ווערט איבערראַשט פון זייערע טיפזיניקע און ריכטיקע תשובות.

אין די אַלע ווערק זעט זיך דייטלעך אַרויס די טאָפּלטע כוונה: פאַרטיידיקן דעם יידישן געדאַנק און פּראָפּאַגאַנדירן אים. באַזונדער בולט זעט זיך אָבער די פּראָפּאַגאַנדיסטישע שטרעבונג אַרויס אין די אַזוי גע־רופענע סיביליען. דאָרט ווערט אָפן געפּרעדיקט דאָס יידנטום, ווי אַ מוסטער פון אמתן גלויבן און הויכער זיטלעכקייט. מיט דעם מויל פון גריכישער נביאות אָדער געטלעכע אָראַקולן ווענדעט זיך דער יידישער דיכטער צו דער גאַנצער העלענישער וועלט, און שרייט אויס צו איר:

צו וואָס טראָגסטו אומזיסטע מתנות די טויטע און קרבנות —
די געטער?
ווער האָט אין דיין נשמה דעם טעות אריינגעבראַכט?
ווער האָט דיך אָנגערעדט צו פאַרלאָזן די שיין פונעם גרויסן גאָט?

דער מחבר ווייזט אָן אויף די יידן, ווי אויף די פאַרשטייער פון אמתן גלויבן און זאָגט:

זיי האָט דער אומשטערבלעכער באַהויכט, געמאַכט פאַר נביאים
פונעם מענטשן־געשלעכט.
זיי אליין האָט ער געגעבן חכמה און גלויבן און גוטע געפילן
אין הארצן.
זיי ערן נישט די אָפּבילדונגען פון געטער, די אויסארבעטונגען
פון מענטשן־הענט;
זיי ערן גאָט, דעם אַלמעכטיקן
און אומשטערבלעכן, און דאַן זייערע עלטערן.
מער פון אַלע מענטשן אין דער וועלט
געדענקען זיי די הייליקייט פונעם פאַמיליע־געלעגער...

זיי גיבן זיך נישט איבער קיין אומריינע פּאַרקערן מיט בחורים,
ווי די פעניציער, עגיפּטער, לאַטינער —
און די פעלקער פון דער ווייטער עללאַדע.

און עס מוסערט דער אַנאָנימער דיכטער די געצנדינערישע פעלקער, און זאָגט זיי פאַר די גרויזאַמסטע שטראָפן פון דעם אַלמעכטיקסטן גאָט, און זעט פאַר זיי נאָר איין אויסוועג — אינגאַנצן איבערבויען און באַנייען זייער גייסטיקע וועלט, לויט די יסודות פון יידנטום, פון דעם יידישן מאָנאָטעאיזם, פון דער יידישער עטיק. דאָס האָט דער יידישער גייסט געקעמפט מיט דער אַלטער, גריכיש־רוימישער וועלט פאַר זיין וועזן, פאַר זיין איינפלוס, און ענדלעך האָט ער זי באַזיגט: עס האָט זיך אָנ־געהויבן די גרויסע באַוועגונג פאַר דעם יידישן גלויבן, און אויף אַזאַ אופן איז געשאַפן געוואָרן אַ באָדן פאַר דער נייער, עקסטרעמער פאָרם פון יידנטום, — פאַר דער תורה פונעם נ ו צ ר י.

וויניקער באַדייטנדיק אָבער אויך מיט אַ באַשטימטן איינפלוס אויף דעם אָרומיקן לעבן איז געווען די יידישע קאָלאָניע אין ר ו י ם. דאָרט ווי אין גאַנץ איטאַליע בכלל, האָבן זיך געפונען מאַסן יידן נאָך פון די אַלטע צייטן; דאָס זיינען געווען אַממערסטן יהודהער פון מצרים און קליין־אַזיע, וואָס האָבן געהאַט האַנדלס־באַציאונגען מיט דער רייכער רוימישער רעפּובליק, און זיך דאָרט באַזעצט. זיי האָט אָבער געפעלט דער אינטעליגענטער עלעמענט, וואָס זאָל זיי פירן, האַלטן צוזאַמען און געבן אַ באַשטימטן כאַראַקטער, און דאָס האָבן זיי איצט באַקומען אין דער געשטאַלט פון די געפאַנגענע, וואָס פּאָמפּעיוס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון יהודה. די לעצטע זיינען פון די אַלט־איינגעזעסענע יידן געוואָרן אויסגעקויפט, און דאַן איז די גאַנצע יידישע קהלה אין רוים אויך מער אָרגאַניזירט און גוט אָוועקגעשטעלט געוואָרן. געוואוינט האָבן די רוימישע יידן, צוזאַמען מיט די „פרייגעלאָזענע" (ליבערטיניס), אויף דער רעכטער זייט פון טייך טיבער, נישט ווייט פונעם וואַטיקאַן־באַרג, און ווי ס'איז צו זען פון פאַרשידענע מקורות האָבן זיי געשפּילט נישט קיין קליינע ראָלע אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. לויט די געזעצן פון דער רעפּובליק האָבן אַלע איינוואוינער פון לאַנד געהאַט שטימרעכט בנוגע צו די וואַלן — דאָס אליין האָט שוין די יידן געגעבן אַ באַשטימטע

מאַכט אין די הענט; און אויף ווי ווייט זיי האָבן פאַרשטאַנען די דאָזיקע מאַכט אויסצונוצן, לאָזט זיך דרינגען פון דעם פאַקט, וואָס דער באַ־רימטער רוימישער רעדנער צ י צ ע ר אָ האָט מורא געהאַט צו האַלטן זיינע אַ יידנפיינטלעכע רעדע אין דער קעגנוואַרט פון יידן. עס האָט זיך געהאַנדלט דאָרט וועגן אַ געוויסן אַנגעקלאָגטן, מיטן נאָמען פ ל אַ ק ו ס, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין באַרויבן די יערלעכע נדבות פאַרן בית־המקדש פון עטלעכע קליין־אַזיאַטיש־יידישע קהלות, און ציצעראָ האָט אים פאַרטיידיקט; דערביי האָט ער באַמערקט, אַז ער וואָלט גערן גערעדט שטיל, כדי עס זאָלן אים נישט הערן די יהודהער, וואָס געפינען זיך צווישן פובליקום. זיין העץ־רעדע קעגן יידן האָט ער אָבער דאָך געהאַלטן, און צווישן אַנדערעס האָט ער אויך דאָס געזאָגט: „ווען ירושלים איז נאָך נישט באַזיגט געווען און די יהודהער האָבן נאָך געלעבט אין שלום, האָבן זיי שוין אויך אַרויסגעוויזן אַ טיפע אָפּנייגונג קעגן דעם גלאַנץ פון דער רוימישער מלוכה, קעגן דעם שטאָלץ פונעם רוימישן נאָמען, קעגן אונדזערע געזעלשאַפטלעכע געזעצן, און אין דער לעצטער מלחמה האָט ערשט די יהודהשע נאַציע אינגאַנצן אַרויסגעוויזן, ווי פיינטלעך זי איז צו אונדז געשטימט".

דאָס איז אַלץ געווען אין די לענדער, וואו יידן האָבן זיך געפונען, אויסער יהודה. אין יהודה גופא, ווידער, איז די באַפעלקערונג צופיל פאַר־נומען געווען מיט קאָנקרעטע, ממשותדיקע לעבנס־פראַגן, כדי צו קענען זיך איבערגעבן די אַרבעט פון שאַפן ליטעראַטור. די חשמונאים האָבן פאַרברייטערט די גרענעצן פון לאַנד און פאַראייניקט אַלע טיילן פון פאָלק, וועלכע זיינען פריער געווען צעשפרייט איבער די פאַרשידענע צפון־ און דרום־פּראָווינצן. צוזאַמען מיט די דאָזיקע איינגענומענע געגנטן האָט זיך אָבער אַריינגעריסן אין יהודה אַ שטראָם פון פרעמדע, גריכישע אָדער העלעניזירטע באַפעלקערונגען, וואָס זיינען אי לויט זייער ראַסע, אי לויט זייער גייסט, אינגאַנצן פרעמד געווען דעם יידישן פאָלק און האָבן נישט געקענט איינגעשלונגען ווערן אין זיין אָרגאַניזם, — ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די ראַסן־קרובישע אדומער. אַזוי ווי אין געוויסע געגנטן פון לאַנד (הינטערן ירדן) און אין עטלעכע צענטערן פון גליל (שומרון) האָבן אָט די פרעמדע באַפעלקערונגען אויסגעמאַכט די מערהייט קעגן די יידישע איינוואוינער, האָט זיך געמוזט אויסאַרבעטן מיט דער צייט אַ באַ־

שטימטע קעגנזייטיקע באַציאונג צווישן דיביידע שיכטן און זייערע קולטורן, און די באַציאונג איז געווען אַן אייגנאַרטיקע: פון איין זייט האָבן זיך די אינערלעכע עטיש־רעליגיעזע באַגריפן פון ייִדנטום אַריינגעריסן ביסלעכווייז אין דער געצנדינערישער וועלט־אַנשויאונג און אונטערגעגראָבן אומבאַמערקט אירע יסודות; דאָ איז אַלזאָ פאָרגעקומען דאָס אייגענע, וואָס מיט דער אַלעקסאַנדרינישער ייִדיש־העלענישער ליטעראַטור, און דער איינפלוס איז אויך געווען דער אייגענער. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט דער העלעניזם געווירקט אויף די אויסערלעכע פאָרמען פון דעם ייִדישן לעבן און אויף אים אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון דער גריכישער קולטור. אַ קליין ווינקעלע אין דער גרויסער מזרח־וועלט, — וואָס האָט זיך דאַן אינגאַנצן געפונען אונטער דעם איינפלוס פון העלעניזם, — האָט יהודה טיף אינערלעך דאָך נישט אויפגעהערט ווייטער צו ציען דעם פאָדים פון איר אייביקן אמת, פון אירע אייביקע אידעאַלן; אויסערלעך אָבער האָט זי זיך אויך אונטערגעגעבן דעם דערמאָנטן מעכטיקן איינפלוס און פון אים נישט ווייניק געלערנט.

אין ענגערע באַציאונגען מיט דער אַרומיקער קולטור איז יהודה געקומען אויך אַ דאַנק איר אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. די איינגענומענע האַפנס פון דעם מיטללענדישן ים האָבן געמאַכט יהודה פאַר אַ באַדייטנדיקן צענטער פון דעם וועלט־האַנדל. יהודהער עקספּאָרטירן און אימפּאָרטירן פאַרשידענע פּראָדוקטן אין און פון די פאַרשידנסטע לענדער, און ווערן אויף אַזאַ אופן פאַרמיטלער צווישן דער אַרומיקער ציוויליזאַציע און זייער היימישן לעבן. עס רייסן זיך אַריין מאַסן גריכישע ווערטער אין דעם העברעאיש־אַראַמישן דיאַלעקט (דער דיאַלעקט האָט די ייִדן אין יהודה דאַן געדינט ווי אַן אומגאַנגס־שפּראַך) און זויגן זיך איין אין זיין מאַרך און בלוט; די אַריסטאָקראַטן הייבן זיך אָן רופן מיט גריכישע נעמען; די חשמונאים ווערן אַלץ מער און מער פאַרוואַנדלט אין פּשוטע וועלטלעכע הערשער אָן אַ שום שאַטירונג פון גייסטלעכקייט, און מיט זיי גייען, נאַטירלעך, אויך די צדוקישע מאַסן, וועלכע האָבן פון אייביק אָן געשטרעבט, צונויפצושמעלצן די ייִדישע קולטור מיט דער גריכישער.

קעגן אָט דעם שטראָם פון גריכישע זיטן און לעבנס־פאָרמען, וואָס האָט געשטעלט אין געפאַר דעם עצם קיום פון ייִדנטום, זיינען פעלזנפעסט און שטאַרק געשטאַנען די פּרושים. וואָס מער אָפּזונדערן דאָס פאָלק פון

דער געצנדינערישער ציוויליזאַציע, וואָס מער אים אַריינציען אין זיין איי־גענער שאָלעכץ, וואָס בולטער אויסדריקן אויף אים זיין אייגענעם שטעמפּל — דאָס איז זייער דעוויז. און דינים אויף דינים ווערן געשריבן, און סי־גים אויף סיגים ווערן געשאַפן, און יעדער טריט פונעם יידנס אַלטעגלעכן לעבן באַקומט אַ געוויסע ספּעציפיש־יידישע שאַטירונג, אַ געוויסע ספּע־ציפיש־יידישע פיזיאָנאָמיע; דאָס האָט דער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס־אינסטינקט געהייסן דעם יידן, זיך אַליין אַרומצוימען, כדי צו בלייבן גאַנץ, כדי נישט צו ווערן מיטגעצויגן מיט דעם שטראָם פון דער אַרומי־קער קולטור.

ביי אַזאַ אינטענסיווער טעטיקייט פון די אויסגעוויילטע יידישע גייסטער האָט אייגנטלעך די עפּאָכע געדאַרפט זיין זייער רייך אין ליטע־ראַרישע שאַפונגען — דאָס איז אָבער דאָ דער פאַל נישט געווען. די סיבה פון דער דערשיינונג ליגט, ווי געזאָגט, אין די ברענענדיקע לעבנס־פראַגן, וואָס האָבן צו יענער צייט באַהערשט אינגאַנצן די בעסטע זין פון פאָלק, און דערצו לאָזט זיך אויך אָננעמען די השערה, אַז פיל באַדייטנדיקע ווערק פון יענער עפּאָכע זיינען פשוט פאַרלוירן געגאַנגען, אַ דאַנק די טומלענ־דיקע געשעענישן.

צו די באַדייטנדיקסטע פון די ווערק, וואָס זיינען יאָ דערגאַנגען צו אונדז פון יענער צייט, דאַרף מען רעכנען די גרויסע היסטאָרישע באַשריי־בונג אונטער דעם נאָמען „דאָס ערשטע בוך פון די מכבים״. דאָ ווערט גע־שילדערט דער קאַמף פון יהודה פאַר איר פרייהייט, אָנגעהויבן פון דעם ערשטן חשמונאישן אויפשטאַנד און געענדיקט מיט דעם חשמונאים־קעניג שמעון. לויט זיין סטיל און פאָרם איז דער „ספר המכבים״ זייער נאָענט צו די בעסערע היסטאָרישע ווערק פון דער ביבל, און באַזונדער כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דעם בוך איז דאָס, וואָס אין אים ווערט אַמשטאַרקסטן באַ־טאָנט דער פּאָליטישער עלעמענט, און דער גאַנצער דערפאָלג פון די מכביער דערקלערט זיך דאָ ווי פשוטער וועלטלעכער הערא־איזם אָדער ווי אַ פשוטע פּאָליטישע קלוגהייט, וואָס האָט מיט גאָט און מיט זיין השגחה גאָרנישט צו טון. דער העבּרעאישער (אָדער אַראַמישער) אָריגינאַל פון דעם ווערק איז פאַרלוירן געגאַנגען, און דערגאַנגען צו אונדז פון אים איז נאָר די גריכישע איבערזעצונג, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער אַלעקסאַנדריגישער ביבל. אין יהודה גופא, דאַקעגן, איז דער ספר המכבים

נישט אַריינגענומען געוואָרן אין דער ריי פון די ביבל־ווערק, — עס איז אַריינגעפאַלן צווישן די אַפּאָקריפן (זייטיקע ספרים), וואָס האָבן נישט די אויטאָריטעט פון די הייליקע שריפטן. דאָס איז פאָרגעקומען דערפאַר, וואָס דער לעצטער טייל פון דער ביבל (כתובים) האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּגעשלאָסן ווערן, און די גייסטיקע פירער פון פאָלק האָבן נישט געפונען פאַר מעגלעך איינצושליסן אַזאַ וואָכנדיק ווערק, ווי דער ספר המכבים, וואָס האָט נישט אין זיך קיין שום רעליגיעזע שאַטירונג, — אין דעם רייסטער פון די הייליקע ביבל־ספרים.

שטאַרק באַליבט אין יענער צייט איז געווען די אַפּאָקאַליפּטישע שאַפונגס־פאָרם, די פאָרם פון מיסטישע נבואות און „זעאונגען". עס ווייזן זיך נייע נביאים, וואָס פרואוון נאָכמאַכן דעם „ספר דניאל"; זיי טרעטן נישט אַרויס, ווי די אַלטע נביאים, ווי אָפענע מוכיחים און פאָראויסזאָגער, נאָר לייגן אַריין זייערע געדאַנקען און געפילן אין מויל פון אַ געוויסן הייליקן אָדער חכם פון די אַלטע צייטן. די דאָזיקע פאָרם, וועלכע איז שפּעטער געזאַמלט געוואָרן אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען „דער ספר חנוך", איז, ווייזט אויס, געשריבן געוואָרן אין העברעאיש אָדער אַראַמיש. „דער ספר חנוך" שטעלט פאָר מיט זיך אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע „זעאונגען", וואָס זיינען פאַרפאַסט געוואָרן פון פאַרשידענע אויטאָרן אין אַ פאַרלויף פון צוויי אָדער דריי הונדערט יאָר, און זיינע לעצטע טיילן האָבן שוין אין זיך שפּורן פון קריסטנטום. אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען (90־85) פון דעם אייגנאַרטיקן ספר, אַנטוויקלט דער אויטאָר די ווייטערדיקע מיינונג וועגן דער וועלט־געשיכטע: די גאַנצע געשיכטע פון דער וועלט טיילט זיך אויף פאַרשידענע קרייזן, אינעם צענטער פון וועלכע עס געפינט זיך דאָס יידישע פאָלק. דאָס לעצטע איז געשילדערט אין דער געשטאַלט פון אַ סטאַדע שעפּסן, וואָס געהערט צו גאָט, און איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון ווילדע חיות, וועלכע פייניקן די אומגליקלעכע שעפּעלעך און רייסן שטיקער פון זיי. די פון גאָט באַשטימטע פאַסטוכער קענען זייערע שעפּסעלעך נישט שיצן, נאָר איינמאָל, ווען אַ מחנה ווילדע רויב־פייגל האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף גאָטס סטאַדע, האָט זי זיך געשטעלט אַנטקעגן.

„איך האָב געזען, ווי ביי די שעפּסן זיינען הערנער אויסגעוואַקסן, — די ראָבן האָבן אָבער די הערנער אויסגעריסן. איך האָב געזען, ווי ביי

איינעם פון די שעפסן איז אויסגעוואקסן אַ גרויסער האָרן — דאַן האָבן זיך די אויגן ביי אַלעמען געעפנט... איך האָב געזען, ווי דער האָר פון די שעפסן איז געקומען צו זיי, האָט גענומען אין האַנט דעם סצעפּטער פון זיין צאָרן און אים אַ וואָרף געטון אָן דער ערד, אַזוי אַז ער איז צעפאַלן אויף ברעקלעך, און אַלע (ווילדע) חיות און רויב־פייגל זיינען אַנטלאָפן פון די שעפסן און פאַרשוואונדן געוואָרן אינעם תהום פון דער ערד, וואָס האָט זיך איבער זייערע קעפּ פאַרמאַכט. איך האָב געזען ,ווי די שעפסן איז איבערגעגעבן געוואָרן די גרויסע שווערד, און די שעפסן האָבן זיך אָוועקגעלאָזן קעגן אַלע חיות פון דער ערד, כדי זיי צו טויטן, און אַלע חיות און רויב־פייגל זיינען אַנטלאָפן פאַר זיי. און איך האָב געזען, ווי דער טראָן האָט זיך אויפגעהויבן אינעם געליבטן לאַנד, און דער האָר פון די שעפסן האָט זיך געזעצט אויף אים...״

דאָס איז אַ פאַנטאַסטישע שילדערונג פון דעם חשמונאישן אויפשטאַנד אין דער צייט פון די סירישע רדיפות און פייניקונגען, און ווי ס'איז צו גלויבן, שטאַמט דאָס גאַנצע ווערק פון די איסיים, וועלכע האָבן אַלץ צוגעשריבן גאָט און געקוקט אויף דעם גאַנצן יידישן לעבן, ווי אויף „גאָטס קעניגרייך״.

צווישן די אַפּאָקריפן פון יענער עפּאָכע געפינט זיך נאָך אַ ווערק, וואָס איז אויך דערגאַנגען צו אונדז אין אַ גריכישער איבערזעצונג. דאָס ווערק, „שלמהס פסאַלמען״, באַקלאָגט די אַרומרייסעניש אין דעם חשמונאישן הויף און איז אין אַלגעמיין בייז געשטימט קעגן דער חשמונאים־דינאַסטיע. „דודס שטול״ איז פאַרנומען געוואָרן פון אַ געשלעכט, וואָס גאָט האָט אים נישט אויסגעוויילט, און אַט איז איצט די הייליקע שטאָט פאַרגאָסן געוואָרן מיט יידיש בלוט און דער הייליקער מזבח — פאַרשמוצט געוואָרן פון אומריינע געצנדינער. און עס וויינט דער דיכטער, און שרייט צו גאָט, און בעט אים, ער זאָל שיקן זיין „געזאַלבטן״ אויסלייזער (משיח) פון דודס הויז, וואָס וועט פאַרשטאַרקן ישראלס לאַנד, דערוויטערן די נישט ערלעכע הערשער און פאַרטרייבן די געצנדינער פון ירושלים.

נישט אויפגעהערט זיך צו אַנטוויקלען האָט אויך די ליטעראַטור פון „חכמות״ און „משלים״ אינעם גייסט פון ספר בן־סירא. פון די דאָזיקע מאָראַל־פילאָזאָפישע אַפאָריזמען זיינען צו אונדז דערגאַנגען קליינע טיילן — יענע, וועלכע זיינען שפּעטער געזאַמלט געוואָרן אין די פרקי אבות.

דאָרט געפינען זיך פון יענער צייט אַפאָריזמען אונטער די נעמען פון דריי „פּאָרן" (זוגות) געלערנטע, פון וועלכע יעדעס איינציקע איז געשטאַנען בראש פון אַ געוויסער לער־אינסטיטוציע אין פאַרשידענע צייטן.

די ערשטע זיינען דאָ יוסי בן־יועזר פון צרדה און יוסי בן־יוחנן פון ירושלים — צוויי געלערנטע, וואָס האָבן אָנגעהערט, ווי ס׳ווייזט אויס, נאָך צו די אַלטע סופרים אָדער חסידים.

זיי האָבן געלערנט:

„זאָל דיין הויז זיין אַ זאַמלפּונקט פאַר געלערנטע; וואַלגער דיך אײַנעם שטויב פון זייערע פיס און טרינק מיט דורשט זייערע ווערטער. — זאָל דיין הויז זיין ברייט פונאַנדערגעעפנט (פאַר באַזוכער), און זאָלן אָרימע לייט זיין דיינע בני בית. פלוידער נישט צופיל מיט קיין פרוי".

זייערע נאָכפאָלגער זיינען געווען יהושע בן פרחיה און נתאי פון אַראַבעל — באַרימטע געלערנטע פון יוחנן הורקנולעס צייט.

פון זיי זיינען געבליבן די ווייטערדיקע אַפאָריזמען:

„זוך זיך אויס אַ לערער, שאַף דיר אַ חבר און אורטייל יעדן מענטשן פון דער גוטער זייט; דערווייטער זיך פון אַ שלעכטן שכן, חבר זיך נישט מיט קיין זינדיקן און צווייפל נישט אין (גאָטס) שטראָף".

נאָך זיי גייען די באַרימטע געזעצגעבער און פאָרזיצנדע פון סנהדרין אין דער צייט פון דער קעניגין שלומית־אַלעקסאַנדראַ: יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח. ווי מענטשן מיט אַ רייכער געריכטס־פּראַקטיק האָבן זיי געלערנט:

„אַזוי לאַנג, ווי די בעלי דינים שטייען פאַר דיר, באַטראַכט זיי ביידע פאַר אומגערעכטע, איז אָבער דער אורטייל שוין אַרויסגעטראָגן, באַטראַכט זיי ביידע פאַר גערעכטע". „פרעג פלייסיק אויס די עדות, נאָר זיי פאָרזיכטיק אין דיינע שאלות, כדי זיי (די עדות) זאָלן זיך פון די שאלות אַליין נישט אויסלערנען זאָגן ליגן".

# קאַפּיטל זיבן

## די ענדע פון דער חשמונאישער דינאַסטיע

פּאָמפּעיוס האָט איינגענומען יהודה, האָט זי איבערגעלאָזן אונטער דער השגחה פון זיינעם אַ פּאַרטרעטער און איז אַוועק קיין רוים. דאָס לאַנד, צעטומלט און דערשלאָגן פון דעם שרעקלעכן קלאַפּ, האָט געשוויגן — צו שטאַרק איז געווען דער באַזיגער, כדי זיך אים צו שטעלן אַנטקעגן, כדי אים מיט עפּעס אויפצורייצן. אין רוים גופא האָט מען אפילו געקענט גלויבן, אַז די יהודהער האָבן שלום געמאַכט מיט זייער גורל און טראָגן אין האַרצן די בעסטע געפילן צו די באַזיגער: וועגן דעם האָט שוין געזאָרגט דער איצטיקער פאַקטישער הערשער פון יהודה, אַנטיפּאַטאַר, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו דריקן דאָס פאָלק און אַרויסצורייסן פון אים אַלע מאָל נייע מתנות פאַר די דעה־זאָגערס פון דעם רוימישן מלוכה־לעבן. די אויבערשטע השגחה איבער יהודה האָט זיך איצט געפונען אין די הענט פון דעם רוימישן לעגאַט סקאורוס, און ער האָט זיך קיין איין מאָל נישט געהאַט צו באַקלאָגן אויף דער יהודהשער באַפעלקערונג; אין זיין קאַמף מיט דעם אַראַבישן קעניג ארעטוס, האָט אים אַנטיפּאַטאַר געשטיצט נישט ווייניק, און דאָס האָט פאַר אַלעמען געבראַכט נוצן אַנטיפּאַטאַרן אַליין, וועלכער איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן אַלץ מער חשוב אין די רוימישע הויכע „פענצטער".

אַ קורצע צייט נאָך דעם איז די רואיקייט פון לאַנד אַביסל געשטערט געוואָרן. פון די קעניגלעכע געפאַנגענע, וואָס פּאָמפּעיוס האָט געפירט מיט זיך קיין רוים, איז אַריסטאָבולס זון, אַלעקסאַנדער, אַנטלאָפן פון וועג, און אַז ער איז צוריקגעקומען קיין יהודה, האָט ער צוזאַמענגענומען אַרום זיך אַלע געטרייע זין פונעם פאָטערלאַנד, וואָס האָבן אויסגעמאַכט צוזאַמען צען טויזנט מאַן פוסגייערס און טויזנט פינף הונדערט רייטער. מיט דער קליינער אָבער באַגייסטערטער אַרמיי האָט זיך דער זיבן־און־פופציק יעריקער אַלעקסאַנדער געלאָזט קיין ירושלים, נאָך דעם ווי ער האָט שוין געהאַט אין זיינע הענט עטלעכע באַדייטנדיקע פעסטונגען. דער כלומרשטער

הערשער הורקנוס אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַנטיפּאַטאַר, האָט דאַן גע־מוזט פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט, און אַלעקסאַנדער האָט זי באַפעסטיקט פון אַלע זייטן. ווי ס'ווייזט אויס, איז אַלעקסאַנדערן געלונגען איבערצוקויפן אויך די רוימישע באַאַמטע, און ער האָט זיך געפילט אַזוי ווייט זיכער אויף דעם יהודהשן טראָן, אַז ער האָט זיך דערלויבט אויסצוגיסן אַפילו איי־גענע מטבעות, מיט דער אויפשריפט: „קעניג אַלעקסאַנדער און כהן גדול יהונתן".

דערווייל איז אָנגעקומען אַ נייער בעל הבית אין סיריע, מיטן נאָמען גאַביניוס. דאָס איז געווען איינער פון די פּראָווינציעלע רוימישע באַאַמטע, אויף וועלכע ציצעראָ האָט געזאָגט, אַז „זיי האָבן אויסגעשעפּט אומשעצ־באַרע סומעס גאָלד פון סיריעס רייכסטע אוצרות", און פאַרפירט מלחמות מיט די פרידלעכע איינוואוינער, כדי אָוועקצונעמען ביי זיי זייער האָב און גוטס. אָט דעם גאַביניוסן איז אַנטיפּאַטאַרן געלונגען צו געווינען פאַר זיך, און דער ערשטער האָט גלייך אַרויסגעשיקט אַ מחנה סאָלדאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם שפּעטער בארימט געוואָרענעם מאַרק אַנטאָניוס, קעגן די רעוואָלוציאָנערן; באַלד נאָך דעם איז גאַביניוס אַליין אויך אַרויס מיט זיין אַרמיי קעגן אַלעקסאַנדערן, און אין דעם אָפענעם קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן די ביידע מחנות ביי ירושלים, האָבן די רוימער גע־זיגט. די יהודהער האָבן זיך דאַן געשיצט אין די פעסטונגס־פּונקטן אַלעק־סאַנדריום, מכור, און הירקאַניום; גאַביניוס האָט זיי אָבער אויך דאָרטן באַלאַגערט, און זיי זיינען געצוואונגען געווען, זיך אונטערצוגעבן. אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון אַלעקסאַנדערס מוטער איז איבער אים די טויט־שטראָף, וואָס האָט אים דערוואַרטעט, נישט אויסגעפירט געוואָרן, און דער רוימישער פּראָקאָנסול האָט איר אפילו צוגעזאָגט, זיך משתדל צו זיין אויך פאַר אירע איבעריקע קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין רוים ווי געפאַנגענע, צוזאַמען מיטן קעניג אַריסטאָבול.

כדי אויסצומיידן נאָך אַזעלכע צוזאַמענשטויסן אין דער צוקונפט, האָט גאַביניוס אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וואָס האָט נאָך מער געזאָלט אָפּ־שוואַכן די שוין אַזוי אויך אָפּגעשוואַכטע יהודהשע מלוכה; נאָך דער גרויסער צאָל קאַנט־פּראָווינצן, וואָס פּאָמפּעיוס האָט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון יהודה, האָט גאַביניוס דאָס איבערגעבליבענע אויך צעגלידערט און פאַר־נאַנדערגעריסן. ער האָט איינגעטיילט יהודה אין פינף ראַיאָנען (56), פון

וועלכע יעדער ראַיאָן באַזונדער האָט זיך געהאַט זיין פאַרוואַלטונגס־ראַט, אָדער סנהדרין, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן וועגן אַלע אינערלעכע אָנגע־לעגנהייטן. די ראַיאָנען זיינען געווען די ווייטערדיקע: ירושלים, גזרה און יריחו אין יהודה גופא, צפורי אין גליל און עמאָוס היגטערן ירדן. בראש פון די דאָזיקע סנהדרינס זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן יהודהער פון דער צדוקישער אַריסטאָקראַטיע ,וואָס איז שטענדיק געווען גרייט די ערשטע, שלום צו שליסן מיטן זיגער. און דערביי איז הורקנוס מאַכט נאָך מער גע־וואָרן באַגרענעצט: פון אים ווערט אינגאַנצן אָפּגענומען די פּאָליטישע הערשאַפט און ער בלייבט בלויז ביים טיטל כהן גדול. דאָס האָט געהייסן: כמעט אינגאַנצן פאַרניכטן די גאַנצקייט און זעלבסטשטענדיקייט פון יהודה און פאַרוואַנדלען דאָס גאַנצע לאַנד אין אַ ריי פריי־שטעט; גאַבי־ניוס האָט אָבער, צום גליק, נישט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן אינגאַנצן דעם דאָזיקן פּלאַן, און זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער אידייע.

און די אומרוען אין לאַנד האָבן זיך דערווייל אויך באַנייט. דער חש־מונאים־קעניג אַריסטאָבול איז, צוזאַמען מיט זיין זון אַנטיגאָן, אַנטלאָפן פון זיין געפאַנגענשאַפט, און האָט זיך באַוויזן אין יהודה (56). דאָס האָט אויפגעוועקט אין פאָלק די זכרונות פון דער נישט־ווייטער גליקלעכער פאַרגאַנגענהייט, און פריינט, ווי שונאים, האָבן מיט הייסער באַגייסטע־רונג אויפגענומען דעם געוועזענעם זעלבסטשטענדיקן הערשער פון יהודה, און אים גערופן, זיך צו שטעלן אָן דער שפּיץ פון פאָלק און עס צו באַ־פרייען פון זיינע באַדריקער. פון אַלע זייטן זיינען געקומען פרייוויליקע און געבעטן געווער, און צו דער מוגה איז צוגעשטאַנען אויך דער געווע־זענער יהודישער קריגס־פירער, פיטאָלעאוס, דער זעלביקער, וואָס האָט אַמאָל אַליין געקעמפט קעגן אַריסטאָבולן. עס האָט זיך, אויף אַזאַ אופן, צוזאַמענגעשטעלט אַ באַדייטנדיקע מוגה, און ווידער האָט מען זיך געגרי־מען באַפעסטיקן די פונקטן אַלעקסאַנדריום, מכור און הירקאַניום; דער גורל פון פאָטער איז אָבער נישט בעסער געווען, ווי דער גורל פון זיין זון, וואָס האָט זיך אויך דאָ געשלאָגן מיט אַ קורצער צייט צוריק: נאָך אַ שטאַרקן צוזאַמענשטויס מיט די רוימישע לעגיאָנען, האָט זיך אַריסטאָבול, אינגאַנצן אַ פאַרוואונדעטער, געמוזט אונטערגעבן, און ווידער איז ער ווי אַ געפאַנגענער אָוועקגעפירט געוואָרן קיין רוים (56). די קינדער אַריסטאָ־

גולס זיינען געבליבן פריי — דאָס האָט פאַר זיי אויסגעפּועלט גאַביניוס אַליין, באַפרידיקנדיק די הייסע בקשות פון זייער מוטער.

נישט מער גליקלעך האָט זיך געענדיקט אויך דער צווייטער אויפ־שטאַנד פון דעם באַפרייטן פּרינץ אַלעקסאַנדער. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען גאַביניוס איז אַוועק קיין מצרים, כדי אויסצוגלייכן די סכסוכים פון דעם דאָרטיקן הויף, און אַלעקסאַנדער האָט געוואָלט אויס־נוצן דעם מאָמענט. ער איז געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און פון שטאָט צו שטאָט און געזאַמלט אַרום זיך די געבליבענע פּאַטריאָטן; דאָס איז אָבער געווען נישט מער, ווי אַן אומבאַטראַכטער שריט פון אַ פאַנאַטישן קעמפער, און ביים באַרג תבור איז ער אינגאַנצן צעקלאַפּט געוואָרן פון גאַביניוסעס אַרמיי. דאָ האָט זיך באַטייליקט אויך דער אַדומישער אַפּוטרופּוס פון דעם יהודהשן הערשער, אַנטיפּאַטאָר, וואָס האָט געשטיצט די רוימער אין זייער קאַמף מיט די יהודהשע פּאַטריאָטן!

אין דער צייט איז אין רוים פאָרגעקומען אַ באַדייטנדיקע געשעעניש. דאָרט האָבן זיך פאַראייניקט יוליוס צעזאַר, פּאָמפּעיוס און קראַסוס מיט דעם צוועק, איבערצונעמען אין זייערע הענט די גאַנצע הנהגה פון דער רע־פּובליק; פון די דאָזיקע טריאומווירן1) האָט זיך יעדערער גענומען אין זיין רשות אַן אַנדער לאַנד, און סיריע צוזאַמען מיט יהודה איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם געלט־גייציקן קראַסוס. דער לעצטער האָט דאַן אָנ־געהויבן פירן אַ קאַמף מיט די פּאַרטאַנער און, כדי אָנצופילן זיין קאַסע, האָט ער באַזוכט אין וועג אויך די יהודהשע הויפּטשטאָט. דאָ האָט ער אָפּן געפאָדערט די צוויי טויזנט טאַלאַנטן פון דער בית־המקדש־קאַסע, וואָס פּאָמפּעיוס האָט געלאָזן אומבאַרירט, און נאָך פאַרשידענע פּרואוון פון דער יידישער זייט, זיך אויסצוקויפן מיט קלענערע מתנות, האָט ער די מתנות צוגענומען, און נאָך דעם ערשט זיך אַריינגעריסן אין בית־המקדש און אַוועקגערויבט פון דאָרטן אויסער די צוויי טויזנט טאַלענטן אויך אַלע גאָלדענע כלים, וואָס האָבן אויסגעמאַכט צוזאַמען אַ סומע פון אַכט טויזנט טאַלענטן (54). מיט די אוצרות באַלאָדן, האָט זיך קראַסוס מיט זיין אַרמיי אַוועקגעלאָזן קעגן די פּאַרטאַנער; דאָ האָט אים אָבער

1) טריאומוויראַט — הערשאַפט פון דריי פּערזאָן; דער טריאומוויר — מיטגליד פון טריאומוויראַט.

פאַרלאָזן דאָס גליק: אַ טויט־פאַל האָט דערשלאָגן דעם מעכטיקן רוימישן פּראָקאָנסול און פון זיינע הונדערט טויזנט סאָלדאַטן האָבן קוים צען טויזנט באַוויזן צו אַנטלויפן, אונטער דער אָנפירונג פון קאַסיוס לאָנגינוס. די דאָזיקע מפּלה פון דעם רוימישן חיל האָט צוגעגעבן מוט די אַרומיקע אונטערדריקטע פעלקער, מורד צו זיין אין דער רוימישער מאַכט, און צווישן די לעצטע האָט זיך געפונען אויך יהודה; דאָ איז נאָך פריש געווען דער צאָרן פון פאָלק איבער די שענדלעכע מעשים אין בית־המקדש, און דעם דערמאָנטן געוועזענעם יהודישן קריגס־פירער, פּיטאָלעאוס, איז נישט שווער אָנגעקומען נאָך אַמאָל צונויפזאַמלען אַרום זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל באַגייסטערטע פּאַטריאָטן, וואָס זיינען גרייט געווען אָוועקצוגעבן זייער לעבן פאַר דער באַפרייאונג פונעם פאַרשקלאַפטן פאָטערלאַנד. ער האָט צונויפגענומען זיין מחנה אין טאַריכעא, נעבן דעם טייך טבריה, און ווידער איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטער קאַמף צווישן רוימישע סאָלדאַטן און יהודישע פּאַטריאָטן; אויך דאָס מאָל אָבער האָט זיך די שלאַכט געענדיקט מיט דעם פולשטענדיקן נצחון פון די רוימער: דרייסיק טויזנט יהודישע געפאַנגענע זיינען אָוועקגעפירט געוואָרן ווי שקלאַפן אין פאַרשידענע עקן פון דער וועלט (52) און דער פּאַטריאָטישער יהודהשער קריגס־פירער, פּיטאָלעאוס, איז געטויט געוואָרן, — אַ דאַנק דער ספּעציעלער השתדלות פון דעם אדומישן שקלאַף, אַנטיפּאַטאָר, וואָס האָט נאָר איין ציל פאַר זיך געזען: וואָס מער נושא חן צו זיין אין די אויגן פון די רוימישע בעלי־בתים.

דערווייל איז אין רוים פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר אַלע אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצן, און געשפּילט אַ באַזונדערע ראָל אין פּאָליטישן לעבן פון דער קליינער יהודה. פון די צוויי געבליבענע טריאומווירן, צעזאַר און פּאָמפּעיוס, איז דעם ערשטן געלונגען צו קאָנצענטרירן די גאַנצע מאַכט איבערן לאַנד אין זיינע הענט און צו פאַרוואַנדלען די גרויסע וועלט־רעפּובליק אין אַ מאָנאַרכישער אימפּעריע. דער גאַנצער מזרח האָט זיך נאָך אָבער אַלץ געפונען אונטער פּאָמפּעיוס איינפלוס, און אָט, כדי לייכטער אַרויסצורייסן די לעצטע פּאָזיציע פונעם קעגנערס הענט, איז צעזאַרן איינגעפאַלן זיך צו באַנוצן מיטן געפאַנגענעם יהודישן קעניג, אַריסטאָבול. דער לעצטער איז גלייך באַפרייט געוואָרן פון דעם געפענגעניש, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען די גאַנצע

צייט, און אויף צעזאַרס באַפעל זיינען אים געגעבן געוואָרן צוויי לעגיאָנען סאָלדאַטן, מיט וועלכע ער האָט זיך געזאָלט אַוועקלאָזן קיין יהודה, כדי צו קעמפן דאָרט מיט די פּאָמפּעיאַנער. אין דעם אַלטן חשמונאי האָבן זיך פאַרנאַנדערגעשפּילט די גלענצנדסטע האָפענונגען, און ער האָט זיך צוגעגרייט צו דעם וייטן וועג; דעם פריילעכן וועג אַליין איז אים אָבער נישט באַשערט געווען אפילו אָנצוהויבן: עס האָבן זיך דערוואוסט פון דער אונטערנעמונג פּאָמפּעיוסעס אָנהענגער, און עטלעכע פון זיי האָבן פאַרגיפטעט דעם אַלטן יהודהשן קעניג, פּונקט פאַר זיין אָפּפאָרן פון רוים. אין דער זעלביקער צייט איז אַריסטאָבולס עלטסטער זון, אַלעקסאַנדער געטויט געוואָרן (49) לויט פּאָמפּעיוסעס באַפעל דורך דעם סירישן שטאַטהאַלטער סציפּיאָ. די איבריקע גלידער פון אַריסטאָבולס אומגליקלעכער פאַמיליע, זיין פרוי אַלעקסאַנדראַ און זיין זון אַנטיגאָן, האָבן געפונען שוץ ביי דעם פירשט פון חלקית, פּטאָלאָמעאוס, ווייל זיינער אַ זון, פיליפּיאָן, האָט זיך פאַרליבט אין אַריסטאָבולס טאָכטער, אַלעקסאַנדראַ, און מיט איר חתונה געהאַט. פון דער גאַנצער חשמונאים־דינאַסטיע זיינען איצט אַלזאָ געבליבן, ווי פּאָליטישע פאָרשטייער, נאָר הורקנוס דער כהן־גדול, וועלכער האָט זיך אינגאַנצן געפונען אונטער דעם איינפלוס פון זיין אדומישן אַפּוטרופּוס, און דער דערמאָנטער אַנטיגאָן, וועלכער האָט נאָך איצט אויף פּרעטענדירט אויף דעם טראָן פון יהודה.

און דער ריזנקאַמף צווישן די צוויי מעכטיקע קעגנער איבער דעם טראָן פון דער גרויסער רוימישער אימפּעריע — האָט זיך ווייטער געצויגן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אויך אין ירושלים האָט מען ענדלעך געמוזט אָננעמען אַ באַשטימטן באַשלוס וועגן דער באַציאונג צו די צוויי קעמפנדיקע צדדים, און אַנטיפּאַטאָר האָט געפונען פאַר מער פּאַסנדיק זיך צו שטעלן אויף דער זייט פון פּאָמפּעיוסן, ד״ה אויף דער זייט פון דעם, אַ דאַנק וועמען ער איז געוואָרן אַ מאַכט. די רעגירונג פון הורקנוס־אַנטיפּאַטאָר האָט פלינק צונויפגעזאַמלט אַ מחנה פון יהודהשע סאָלדאַטן, און זי אַוועקגעשיקט צו הילף פּאָמפּעיוסן; גלייך אָבער נאָך דער שלאַכט ביי פאַרסאַל, וואו די גרויסע פראַגע איז אַנטשידן געוואָרן נישט צום גונסטן פון פּאָמפּעיוסן, און צעזאַר איז געוואָרן דער האַר פון דער רוימישער וועלט, האָט אַנטיפּאַטאָר געענדערט זיין שטימונג און איז געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון דעם גרויסן רוימישן זיגער. צעזאַר האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין

עגיפטן און זיין לאגע דארט איז געווען זייער א שווערע. ער האט געהאט ווייניק סאלדאטן, איז געווען אפגעריסן פון רוים און האט זיך געפונען צווישן א פיינטלעכער באפעלקערונג; דאן איז אנטיפאטאר שנעל געקר־מען צו לויפן צו אים מיט א הילפס־מחנה פון דריי טויזנט מאן, מיט געלט און פראוויאנט, און האט זיך, צוזאמען מיט דעם פערגאמינישן קעניג מיט־רידאט, באטייליקט אין צעזארס אנפאלן אויף די עגיפטער. אויסער דעם האט זיך דעם אדומישן הערשער פון יהודה איינגעגעבן, אריבערצוציען אויף צעזארס זייט די עגיפטישע יהודהער פון דעם „חוניו־ראיאן”, ווייזנ־דיק זיי א בריוו פון דעם כהן גדול הורקנוס, אין וועלכן ער בעט זיי, צו שטיצן צעזארן און אים צו ליפערן פראוויאנט פאר זיין ארמיי.

אט די שטיצע פון דער קליינער יהודה האט צעזאר אזוי שנעל נישט פארגעסן, און אז ער איז געקומען, א קורצע צייט נאך דעם, קיין סיריע, האט ער זיך ארויסגעוויזן באזונדער גענייגט צו דער יהודהשער רעגירונג. אומזיסט האט זיך דאן אריסטאבולס לעצטער זון, אנטיגאן, געפרואווט פארטיידיקן פאר צעזארן זיין רעכט אויף דעם יהודהשן טראן — אנטי־פאטארן איז גאנץ לייכט אנגעקומען צו איבערצייגן דעם גרויסן שטאטס־מאן, אז אנטיגאן געהערט צו דער פארטיי פון די יהודהשע פאטריאטן, וואס איז פיינטלעך געשטימט צו רוים און באשטייט אין אלגעמיין פון „רעוואלוציאנערן און אומרואיקע עלעמענטן”, און אז די רעגירונג, דאקעגן, פון דעם כהן גדול הורקנוס איז אינגאנצן איבערגעגעבן די אינטערעסן פון דער רוימישער מלוכה. אנטיגאנס פאדערונגען זיינען אפגעווארפן געווארן פון צעזארן, און ער האט באשטימט הורקנוסן ווי עטנארך (פירער) און כהן גדול, און אנטיפאטארן האט ער באלוינט מיט דעם טיטול „רוימישער בירגער” און געמאכט פאר אן אפוטרופוס אדער אויבערשטן אויפזעער פון יהודה (47). דערביי האט די פאליטישע לאגע פון יהודה גופא אויך באַ־קומען פון אים עטלעכע באדייטנדיקע פארלייכטערונגען; ער האט דער־לויבט אויפצושטעלן צוריק די פעסטונגס־ווענט פון ירושלים, וועלכע זיי־נען צעשמעטערט געווארן ביי דער באלאגערונג פון פאמפעיוסעס מחנה, און די אלע טעריטאריעס, וואס האבן אנגעהערט פריער צו יהודה, האט ער איצט צוריק איינגעשלאסן אין אירע גרענעצן.

אין דער קורצער צייט פון זיין הערשן האט צעזאר בכלל א סך אויפ־געטון פאר דער פאליטישער צוריק־אויפשטעלונג פון לאנד. אין זיין צייט

האָט זיך די אויבערשטע מאַכט פון רוים גאַנץ ווייניק געשפּירט אין דער אונטערטעניקער יהודה, און דערצו האָט ער נאָך מיט אַ גאַנצער ריי דעקרעטן באַפעסטיקט איר גאַנצקייט און איר זעלבסטשטענדיקע פאַרוואַלטונג. הורקנוסן זיינען פאַרזיכערט געוואָרן די אַלע הכנסות און רעכטן, וואָס זיינען אים געקומען ווי כהן־גדול און פירשט, און ער מיט זיינע קינדער און קינדס־קינדער זיינען אָפיציעל אנערקענט געוואָרן פאַר „פריינט און גענאָסן" פון דער רוימישער מלוכה. יהודה איז אין דער צייט באַפרייט געוואָרן אויך פון די אַלע שווערע אָפּצאָלונגען און קריגס־שטייערן, וואָס האָבן ביז דאַן געדריקט די באַפעלקערונג.

און נישט נאָר יהודה — אויך אַלע איבעריקע יהודהשע קאָלאָניעס, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט איבער די רוימישע פּראָווינצן: סיריע, קליין אַזיע, עגיפּטן און מעסאָפּאָטאַמיע, האָבן געפונען אין צעזאַרן אַ פריינטלעכן באַשיצער. די דאָזיקע „יהודהער אין דער פרעמד" האָבן זיך נישט איין מאָל געקלאָגט פאַר דער רוימישער מאַכט איבער די דריקונגען און גזירות, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין פון זייערע שכנים בעלי־בתים, און צעזאַר האָט זיך שטענדיק געשטעלט אויף דער זייט פון די יהודהער. די רוימישע מאַכט האָט גאַראַנטירט די יהודהער פון אַלע אירע פּראָווינצן די פולשטענדיקע גלייכבארעכטיקונג מיט אַלע איבעריקע טיילן פון דער באַפעלקערונג, און זיי געגעבן דאָס רעכט אָפּצוריכטן פריי זייער גאָטעסדינסט, צו זאַמלען נדבות פאַרן בית־המקדש און צו האָבן זייערע אייגענע געריכטס־אַנשטאַלטן. דער רעזולטאַט פון די אַלע טובות איז געווען די הייסע איבערגעגעבנקייט, וואָס אַלע יידן האָבן געפילט צו דעם רוימישן דיקטאַטאָר, און לויט דעם עדות פון אַ באַקאַנטן רוימישן היסטאָריקער, האָט קיין אַנדער פאָלק נישט אַזוי האַרציק, ווי דאָס יידישע, באַוויינט דעם פריצייטיקן טויט פון יוליוס צעזאַר.

אַזאַ האַרציקע באַציאונג צו דעם רוימישן הערשער האָט זיך אָבער באַמערקט נאָר ביי די יהודהער אויסער יהודה. אין יהודה גופא, דאַקעגן, האָבן אָט די אַלע חסדים און הנחות פון דעם גרויסמוטיקן באַזיגער נישט אַרויסגערופן קיין שום דאַנקבאַרקייט. דאָרט, האָט מען אין דעם גרויסן יוליוס צעזאַר געזען קודם כל דעם באַזיגער, דעם הערשנדיקן רוימער, און דערצו איז נאָך צוגעקומען אַן אינערלעכע, לאָקאַלע סיבה, וואָס האָט אָפּגעשטויסן דאָס פאָלק פון צעזאַרס הערשאַפט און אים געשטויסן אויף דעם

וועג פון אויפשטאַנדן און איבערקערעניש. אַט די סיבה איז געווען: אַנטיפּאַטאַר. מיט שרעק און ווייטיק האָבן די בעסטע זין פון פאָלק זיך צוגעקוקט צו די מעשים פון דעם „אדומישן עבד“, וועלכער האָט זיך אַלץ מער און מער באַפעסטיקט אין דעם יהודהישן הויף און אַריינגענומען ביסלעכווייז אין זיינע הענט די גאַנצע מאַכט איבערן לאַנד. דער כלומרשטער פּירשט־כהן־גדול הורקנוס האָט נאָר פון יוצא־וועגן דערפילט זיינע פליכטן אין בית־המקדש און אין סנהדרין; ער איז שוין אָבער לאַנג פאַרשקלאַפט געווען ביי דעם פאַקטישן מלוכה־פירער, אַנטיפּאַטאַר, און האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום לעבעדיקע איניציאַטיוו דאָרט, וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די העכסטע מלוכה־אינטערעסן אָדער וועגן דעם כבוד פון דער אומה. דער אַלמעכטיקער אפּוטרופּוס האָט זיך דערלויבט צו טון מיטן פאָלק אַלץ, וואָס אים איז איינגעפאַלן, און ווען ער האָט זיך פאַרזיכערט אַ פעסטע שטיצע אין רוים, האָט דער אדומישער קאַנצלער אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן זיין אַלטן חלום — דעם חלום פון אַן אייגענער דינאַסטיע אין יהודה. פון זיינע פיר זין, האָט ער דעם עלטערן, פאַזאַעל, באַשטימט ווי קאָמענדאַנט פון ירושלים און גאַנץ יהודה און דעם צווייטן, פינף־און־צוואַנציק יעריקן הורדוס, ווי קאָמענדאַנט פון גליל (47).

אַט דער לעצטער קריגערישער אדומער ,וואָס איז אינגאַנצן ווייט געווען פון די נאַציאָנאַלע יידישע טראַדיציעס, וואָס האָט נישט געפילט קיין שום ליבע און צוגעבונדנקייט צו דעם יידישן פאָלק, און איז דורכגעדרונגען געווען מיט טיפער אַכטונג צו דער רוימישער קראַפט און צו די אויסערלעכע שיינע פאָרמען פון דער גריכישער קולטור, — אַט דער אדומער איז געוואָרן אַ מין בייזער דעמאָן פאַר דער יהודהשער נאַציע, און נישט איין מאָל האָט ער זיך דערלויבט, מיט זיין פוס איר האַלדז צוצופּרעסן. צוזאַמען מיט די ערשטע שריט פון זיין פאָליטישער קאַריערע האָט זיך גלייך אַזוי ווי אַ פינצטערער שאָטן פאַרצויגן איבערן גאַנצן לאַנד, און די בעסטע הערצער פון פאָלק זיינען דורכגענומען געוואָרן מיט אַ ביטערער פאַרצווייפלונג.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין גליל, האָט ער געפונען די גאַנצע געגנט אין נישט קיין רואיקן צושטאַנד. אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן־אַריסטאָבוליסטן האָבן זיך דאָרט פאַראייניקט, און אונטער דער אָנפירונג פון דעם גלילישן פאַטריאָט חזקיהו האָבן זיי זיך באַפעסטיקט אין די בערג, פון וואַ־

גען זיי פלעגן פון צייט צו צייט זיך אַרויסכאַפּן און אָנפאַלן אויף סיריער
און רוימער. די רוימער האָבן געקוקט אויף דער מחנה, ווי אויף אַ פּשוטער
רויבער־באַנדע און אויף חזקיהן, ווי אויף דעם רויבער־הויפּטמאַן; דאָס
פאָלק האָט אָבער געקוקט אויף זיי, ווי אויף הייסע פּאַטריאָטן, וואָס גייען
זיך נוקם זיין פאַר זיין ערע און פאַר זיין באַרויבטער פרייהייט. דער אי־
בערגעגעבענער רוימער־פריינט אַנטיפּאַטאַר איז גלייך צוגעשטאַנען צו
דער רוימישער און סירישער באַפעלקערונג, און אויף דעם סמך האָט זיך
הורדוס גענומען נאָכיאָגן די „באַנדע" און זי פאַרפאָלגן. ער האָט אונטער־
גענומען אַ קריגס־צוג קעגן דער רעוואָלוציאָנערער מחנה, און נאָך דעם ווי
ער האָט זי געפאַנגען, האָט ער אָן אַ שום דין און משפט געטויט דעם אָנ־
פירער, חזקיהן, מיט נאָך אַ גאַנצער ריי פון זיינע מיטהעלפער. די סיריער
און רוימער האָבן זייער העלדישן באַשיצער אויסגעדריקט דעם טיפסטן
דאַנק; דער רוימישער בעל הבית פון סיריע, סעקסטוס צעזאַר, אַ נאָענטער
קרוב פון דעם רוימישן דיקטאַטאָר, האָט דעם יונגן הורדוס באַערט פאַר
זיין אַרויסטריט מיט אַלערליי כיבודים; די קינדער פון דעם יהודהשן פאָלק
האָבן אָבער געטרויערט. זיי האָבן געזען, אַז דאָ וואַקסט אַ גיפטיקע שלאַנג,
וואָס גייט זיך איינזויגן אין דעם צעווייטיקטן קערפּער פון דער יידישער
אומה און אַרויספרעסן פון אים דעם לעצטן טראָפּן בלוט. פון אַלע זייטן
האָבן זיך אָנגעהויבן הערן געשרייען קעגן דעם חוצפּהדיקן ווילקיר פון
דעם בלוטיקן אדומי, וועלכער האָט זיך דערלויבט צו באַגיין מיט יידישע
פּאַטריאָטן, ווי מיט פּשוטע רויבער, און האָט נישט איבערגעגעבן די
פאַרמשפּטע צום סנהדרין, ווי דאָס געזעץ האָט געפאָדערט. און ענדלעך
האָבן די פּרושים און די פאַרשטייער פון דער אַריסטאָקראַטיע אויסגע־
ווײלט פון זיך אַ דעפּוטאַציע, וואָס האָט זיך געווענדעט צו הורקנוסן און
אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער טרויעריקער לאַגע, אין וועלכער דאָס
לאַנד געפינט זיך. „ביז ווי לאַנג וועסטו אַזוי רואיק צוזען דאָס אַלץ, וואָס
דאָ קומט פאָר? — האָבן די אויסגעוויילטע פון פאָלק געטענהט צו זייער
הערשער — צי זעסטו דען נישט, אַז אַנטיפּאַטאָר מיט זיינע זין האָבן
צעטיילט צווישן זיך די גאַנצע מאַכט, בשעת דו רופסט זיך נאָך קעניג און
קענסט קיין זאַך נישט אויפטון? פאַרמאַך־זשע נישט מער די אויגן דיינע,
— דיין לאַגע איז נישט אומגעפערלעך, און דו טאָרסט זיך נישט אַזוי
לייכטזיניק באַציען צו זיך אַליין און צו דער קעניגלעכער הערשאַפט. נאָר

זיך אַליין נישט אָפּ מיט דער איבערצייגונג, אַז אַנטיפּאַטאָר מיט זיינע זין פאַרטרעטן דיך כלומרשט; קוק זיך צו און זע, אַז זיי אנערקענען זיך גופן פאַר פולבאַרעכטיקטע הערשער. אַט האָט אַנטיפּאַטאָרס זון, הורדוס, פאַרבראָכן קעגן אונדזער געזעץ, באַשטראָפט חזקיהן מיט זיינע חברים אָן אַ שום חקירה ודרישה. לויט אונדזער תורה טאָר מען אַפילו דעם ערגסטן פאַרברעכער נישט באַשטראָפן אָן אַ געריכטלעכער אויספאָרשונג, און ער האָט זיך דערלויבט דאָס צו טון אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נישט האָבנדיק פון דיר קיין שום פולמאַכט". צו די דאָזיקע טענות זיינען נאָך צוגעקומען אויך די געוויינען פון די מוטערס פון די באַשטראָפטע, וועלכע פלעגן טאָג־טעגלעך באַלאַגערן די טירן פון בית־המקדש, זיך וואַרפן פאַר די פיס פון כהן־גדול און באַשווערן אים, צו משפטן הורדוסן פאַר זיינע פאַרברעכערישע מעשים.

הורקנוס האָט זיך דאַן געזען געצוואונגען נאָכצוגעבן. ער האָט דערלויבט דעם סנהדרין צו משפטן הורדוסן, און אין זיין נאָמען איז דער לעצטער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו קומען צום באַשטימטן טערמין אין סנהדרין, כדי צו פאַרטיידיקן זיינע מעשים. הורדוס איז געקומען אין דעם באַשטימטן טאָג, אָבער נישט ווי קיין געוויינלעכער באַשולדיקטער: געטראָגן האָט ער אויף זיך אַ פּורפּור־מאַנטל, באַגלייט איז ער געווען פון אַ מיליטערישער סוויטע, און אויסער דעם האָט שוין הורקנוס פון פריער נאָך באַקומען אַ בריוו פון סעקסטוס צעזאַר, אין וועלכן דער יהודהשער הערשער ווערט אויפגעפאָדערט דורכאויס צו באַפרייען דעם רוימישן ליבלינג. די מיטגלידער פון סנהדרין האָבן אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ערד — קיינער פון זיי האָט נישט געוואַגט אַרויסצוטרעטן מיטן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם באַוואָפנטן און פון דער רוימישער מאַכט געשיצטן אָנגעקלאָגטן. דאַן האָט זיך אויפגעהויבן דער עלטסטער און געלערנטסטער פון סנהדרין, שמעיה, און זיך אָנגענומען פאַרן כבוד פון דער העכסטער יהודהשער געריכט־אינסטיטוציע; ער האָט געזאָגט: „באַשולדיקטע פלעגן זיך ביז אַהער ווייזן פאַר אונדז מיט אַ דערשלאָגן געמיט, שוואַרץ געקליידט, מיט טרויער אָפּוואַרטנדיק זייער אורטייל. און דאָ שטייט פאַר אונדז איינער, וואָס ווערט באַשולדיקט אין אַ שווערן פאַרברעכן, — אין אַ פּורפּור־מאַנטל, אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, אַזוי ווי גרייט אונדז אַלע צו דערשלאָגן, אין פאַל אויב מיר וועלן אים דערקלערן

פאַר שולדיק! נאָר נישט אים טאַדל איך; איך טאַדל דעם קעניג און אייך, פאַרוואָס איר לאָזט־צו אַזאַ מין חוזק מאַכן פון דער גערעכטיקייט. ווייסט־זשע איר אַלע, אַז דער זעלביקער, פאַר וועמען איר ציטערט איצט, וועט אייך אַלעמען אַמאָל איבערגעבן דעם תלין אין די הענט״.

דר דאָזיקער מוטיקער אַרויסטריט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלע מיטגלידער פון סנהדרין, און דאָס גאַנצע געריכט איז גרייט געווען צוצוטרעטן צו דער באַשולדיקונג; דאָ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט הורקנוס, וועלכער האָט מורא געהאַט אָנצוהייבן מיט דער רוימישער מאַכט, און אויף זיין באַפעל איז די זיצונג אָפּגעלייגט געוואָרן. הורדוס האָט זיך דערווייל באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און איז אַנטלאָפן קיין דמשק, וואו סעקסטוס צעזאַר האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און באַשטימט פאַר אַ מיליטערישן קאָמאַנדיר איבער גאַנץ צעלאָסיריע (46).

איצט, ווי אַ הויכער רוימישער באַאַמטער, האָט זיך הורדוס געפילט אינגאַנצן זיכער און אָט די זיכערקייט האָט ער גלייך געוואָלט אויסנוצן, כדי זיך נוקם צו זיין אין די יהודהשע פּאַטריאָטן מיט זייער סנהדרין. אין דער שפּיץ פון אַ רוימישער אַרמיי האָט זיך הורדוס אַוועקגעלאָזן צו דער יהודהשער הויפּטשטאָט און ער איז שוין גרייט געווען זי צו באַפאַלן; דאָ זיינען אים אָבער אַרויס אַנטקעגן זיין פאָטער, אַנטיפּאַטאַר, און זיין ברודער, פאַזאַעל, און זיי האָבן אים דערקלערט, אַז דער איצטיקער אָנפאַל קען שאַטן די אינטערעסן פון זיין צוקונפטיקער פּאָליטישער קאַריערע. הורדוס האָט זיך דאַן אומגעקערט מיט זיין חיל צוריק קיין גליל, און אַלס צעלאָסירישער סטראַטעג האָט ער צו יענער צייט אַ סך אויפגעטון, אויף צו שטיצן די מאַכט פון צעזאַרס שטעלפאַרטרעטער אין סיריע, דערשטיקנדיק יעדן אויפשטאַנד פון די פאַרבליבענע פּאָמפּעיאַנער.

די דאָזיקע האַרציקע איבערגעבנקייט פון אַנטיפּאַטאַרס משפּחה צו די צעזאַריאַנער האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ווי די לעצטע זיינען געווען ביי דער מאַכט. נאָך דער גרויסער איבערקערעניש אין דעם רוימישן מלוכה־לעבן, האָט זיך אָבער די לאַגע אינגאַנצן געענדערט. יוליוס צעזאַר איז געפאַלן ווי אַ קרבן פון אַ בלוטיקער פאַרשווערונג (44), און די אַלגעמיינע אומרוען, וואָס האָבן ארומגענומען די גאַנצע רוימישע אימפּעריע, האָבן זיך אָנגעגריפן אויך די קליינע יהודה. איין מיטגליד פון דער פאַרשווערונג, דער בלומרשטער „רעפּובליקאַנער״, קאַסיוס לאָנגינוס, איז געקומען

צו לויפן קיין סיריע, כדי צונויפצוזאַמלען גאָלד און סאָלדאַטן, און אַזוי ווי יעדע סעקונדע האָט אים געקענט אַרויסרייסן די מאַכט פון די הענט, איז ער זיך באַגאַנגען מיט דער באַפעלקערונג נישט בעסער פון דעם ערגס־טן פּערסישן סאַטראַפּ. מיט בלוטיקע שטראָפן און אכזריותדיקע צוואַנגס־מיטלען זיינען אויפגעמאָנט געוואָרן די אומגעהייערע אָפּצאָלונגען, וואָס דער רוימישער פּרעטענדענט האָט אַרויפגעלייגט אויף אַלע שיכטן פונעם פאָלק, און אַז ער איז געקומען קיין יהודה האָבן אים אין דער אַרבעט פּלייסיק געהאָלפן — די אדומישע פאָלקס־באַדריקער. די נעכטיקע איבער־געגעבענע צעזאַריאַנער האָבן איצט מיט דער געטריישאַפט פון שקלאַפן געדינט צעזאַרס מערדער, און אויב ער האָט געפונען פאַר נויטיק צו שטיקן דאָס יהודהשע פאָלק און אַרויסרייסן פון אים מיט אכזריותדיקער געוואַלט דעם לעצטן ביסן פון מויל, זיינען זיי אים געווען באַהילפיק אין זיין אַר־בעט און האָבן גלייך מיט אים געפּייניקט און געשטיקט „זייערע" אונטער־טאַנען. ווען פיל יהודהשע שטעט (לידא, עמאוס א"א) האָבן נישט צוגע־שטעלט צו דער באַשטימטער צייט דעם אַרויפגעלייגטן שטייער, האָט קאַסיוס געלאָזן בינדן אַלע דאָרטיקע איינוואוינער און זיי פאַרקויפן פאַר שקלאַפן; אין דער זעלביקער צייט האָט ער אָבער זייער גוט געלעבט מיט אַנטיפּאַטאַרס משפּחה און גאַנץ גערן באַשטימט הורדוסן אויף זיין פריער־דיקן פּאָסטן, אויף דעם פּאָסטן פון אַ רוימישן סטראַטעג.

אין יהודה האָט זיך די שנאה צו די אדומישע פירער נאָך שטאַרקער צעפלאַמט. דער אומגליקלעכער שאַטנקעניג האָט זיך ענדלעך אויך אַרומ־געזען, אַז די אדומער ווילן זיך אויף זיין האַלדז אַרויפזעצן, און דער הויף צוזאַמען מיטן פאָלק האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ מיטל, ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון דעם פאַרהאַסטן אַנטיפּאַטאַר מיט זיינע זין. הורקנוסעס נאָענטער יועץ איז געוואָרן דער אַלטער יהודהשער קריגס־פירער מאַליך — אַן איבערגעגעבענער פריינט פון דער השמונאים־דינאַסטיע, און ער האָט פאַרקלערט אַ פּלאַן, צו פאַרגיפטן דעם הויפּט־שולדיקן אין אַלע צרות, אַנטיפּאַטאַרן. אין דער פאַרשווערונג האָבן זיך, אויסער מאַליכן, באַטיי־ליקט אויך עטלעכע הויף־דינער און מיילטער־באַאַמטע, און זיי האָט זיך איינגעגעבן איבערצוקויפן דעם הויפישן שר המשקים (ווייַן־גיסער) — דער לעצטער האָט אין אַנטיפּאַטאַרס בעכער אַרייַנגעשיט סם (43). אָט די נקמה האָט אָבער די לאַגע נאָך פאַרערגערט: הורדוס האָט זיך גלייך

נוקם געווען פאַר זיין פאָטערס טויט, און אויף זיין באַפעל איז מאַליך באַלד געטויט געוואָרן פון רוימישע סאָלדאַטן. די געקליבענע מיטגלידער פון דער פאַרשווערונג האָבן דאַן געפּרואווט אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד אין לאַנד; אויך דאָס אָבער האָט זיך נישט איינגעגעבן, און הורדוס מיט זיין ברודער האָבן דעם אויפשטאַנד באַצייטנס דערשטיקט. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאלטן אַריסטאָבולס לעבן־געבליבענעם זון, אַנטיגאָן, זיך אַריינ־צורייסן אין יהודה, געשטיצט אויף דעם מיליטער פון זיין שוואָגער, דעם פירשט פון הלקית. — דעם גליקלעכן אדומער האָט אָבער אויך דאָ דאָס גליק נישט פאַרלאָזן, און ער האָט צעקלאַפּט די מחנה פון דעם חשמונאישן פּרעטענדענט. דאָס האָט דעם שטאָלצן אדומער נאָך מער חוצפּה צוגעגעבן, און ווען ער איז אַריינגעטרעטן אין די טויערן פון ירושלים נאָך דעם „אויפשטאַנד", האָט אים הורקנוס, באַגלייט פון די אָנגעזעענסטע פאָלקס־פאָרשטייער, געמוזט אונטערטראָגן אַ נצחון־קראַנץ (42). אַזוי איז כסדר געוואַקסן די מאַכט און די גרויסקייט פון אַנטיפּאַטערס יורש, און דער חשמונאישער הערשער האָט פאַר אים וואָס ווייטער אַלץ מער מורא גע־קריגן. כדי זיך צו באַוואָרענען פון דער געפאַר האָט הורקנוס זיך געזען געצוואונגען צו מאַכן הורדוסן פאַר אַ מיטגליד פון זיין הויז, און ער האָט אים געגעבן פאַר אַ פרוי זיין אייניקל — די באַרימטע שיינהייט מרים. אַזוי איז דער אַדומישער עבד אַריין אינעם קעניגלעכן הויז פון די חשמו־נאים, וואו ער האָט שפּעטער אויסגעריסן די לעצטע בלימעלעך פון דעם שיינעם שטאַם און אים ענדלעך אינגאַנצן פאַרניכטעט.

און אין רוים איז דערווייל פאָרגעקומען אַ נייע איבערקערעניש. די רעפּובליקאַנישע אַרמיי פון קאַסיוס און ברוטוס איז צעשלאָגן געוואָרן ביי פיליפּי און די רוימישע וועלט איז געלעגן פאַר די פיס פון אָקטאַוויאַן און מאַרק אַנטאָניוס (42). די מזרח־פּראָווינצן, צווישן זיי אויך יהודה, זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון דעם צווייטן, און אין די יהודהשע פּאַטריאָטן האָט צוריק אויפגעלעבט די האָפענונג, זיך ענד־לעך דאָך צו באַפרייען פון דער אדומישער ממשלה. ווען אַנטאָניוס איז געקומען קיין סיריע האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אַ דעפּוטאַציע פון די אָנגעזעענסטע יהודהער, וועלכע האָט אים געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון לאַנד, און זיך באַקלאָגט אויף דער אוזורפּאַטאָרישער (פאַרכאַ־פּערישער, גזלנישער) פּאָליטיק פון די אדומישע ברידער, הורדוס האָט

אָבער אויך נישט גערוט; דער איבערגעגעבענער רעפובליקאַנער האָט זיך פלינק איבערגעוואָרפן אויף אַנטאָניוסעס זייט, און די אַלע תרעומות אויף אים זיינען גלייך צעשוואומען געוואָרן. דער רוימישער מאַכטהאָבער האָט נישט אנערקענט די טענות פון דער יהודהשער דעפוטאַציע, און איבערגע־לאָזן די השגחה איבער יהודה אין די הענט פון די אדומישע ברידער.

שפּעטער, ווען אַנטאָניוס האָט זיך געפונען אין עפעס, האָט זיך אים ווידער פאָרגעשטעלט אַ יהודהשע דעפּוטאַציע — דאָס מאָל שוין פון הורקאַנוסן אַליין. די איצטיגע שלוחים פון דעם יהודהשען עטנאַרך האָבן זיך משתדל געווען וועגן באַפרייען די יהודהער, וואָס קאַסיוס האָט גע־האט געפאַנגען פאַר דעם נישט איינגעטראָגענעם אָפּצאָל, און וועגן איינ־שליסן צוריק אין די גרענעצן פון יהודה די טעריטאָריעס, וואָס די טירער האָבן פאַרכאַפּט. אַנטאָניוס האָט די בקשות דערפילט, און דאַקעגן האָט ער ווידער אָפּגעזאָגט די בקשה פון אַ נייער יהודהשער דעפּוטאַציע, וואָס האָט זיך נאָך אַמאָל געפּרואווט משתדל זיין וועגן באַזייטיקן הורדוסן מיט זיין ברודער פון דער יהודהשער מאַכט. אַנטאָניוס איז, איבעריקנס, באַפריינדעט געווען מיט דעם רוימער־פריינט אַנטיפּאַטער נאָך פון די צייטן, ווען ער איז געווען אין יהודה ווי אַן אָפיציר אין דער אַרמיי פון דעם פּראָקאָנסול גאַבינוס, און איצט, ווי אַ צווייטער הערשער פון דער רוימישער מלוכה, האָט ער געוויס קיין גרונט נישט געהאט, צו באַזייטיקן פון דער אומרואיקער יהודה אַזעלכע איבערגעגעבענע באַשיצער פון די רוימישע אינטערעסן ווי אַנטיפּאַטער׳ס זין. ער האָט איצט דעריבער נאָך פאַרשטאַרקט זייער מצבֿ, באַשטימענדיק זיי פאַר טעטראַרכן, ד״ה פאַר די אָפיציעלע הערשער פון יהודה (41).

די הערשאַפט פון דעם מעכטיקן צווייטן טריאומוויר האָט זיך אָבער באַלד פונאַנדערגעטרייסלט. די אומגעהייערע פאַרשווענדערייען פון די רוימישע מאַכטהאָבער האָבן איינגעשלונגען אוצרות מיט גאָלד, און דאָס אַלץ איז אַרויסגעפּרעסט געוואָרן פון די מזרח־פּראָווינצן אין דער פאָרעם פון אומגעווינלעכע שטייערן, קאָנטריבוציעס און גלאַט רויבערייען — אָן אַ שום מאָטיוו. דאָס האָט ענדלעך געמוזט אַרויסרופן ביי די אונטער־דריקטע אַ שטאַרקן פאַרלאַנג, זיך צו באַפרייען, און ווען די העלדישע פּאַרטאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון פּרינץ פּאַקאָרוס און דעם קריגס־פירער באַרזאַפאַרנעס, האָבן זיך פאַרשטאַרקט אין דער פאָדער־שטער אַזיע,

האָבן זיך כמעט אַלע רוימישע וואַסאַלן (אונטערגעוואָרפענע פירשטן) גע־שטעלט אויף זייער זייט. ווען זיי זיינען געשטאַנען ביי די ברעגן פון טייך פרת, האָבן די פּאַרטאַנער געשטרעבט צום מערב, צו סיריע און פּאַלעסטינע, און אין דער צייט, ווען מאַרק אַנטאָניוס איז געלעגן אַ פאַר־שיכורטער אין די אָרעמס פון דער פאַרפירערישער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטראַ, זיינען זיי אַלץ טיפער און טיפער אַריינגעדרונגען אין סיריע. זיי האָבן שוין געהאט אין זייערע הענט פעניציע און זיינען געשטאַנען אויף דער שוועל פון יהודה. דעם דאָזיקן מאָמענט האָט אויסגענוצט דער לעצטער פּרעטענדענט פון דער השמונאים־דינאַסטיע, אַנטיגאָן, און האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פּאַרטאַנער וועגן העלפן אים באַקומען דעם יהודהשן טראָן. די פּאַרטאַנער האָבן אָנגענומען זיינע באַ־דינגונגען, און זיינען אַריין אין לאַנד מיט צוויי גרויסע מחנות: איינע, אונטער דער אָנפירונג פון פּאַקאָרוסן, האָט זיך געלאָזן גיין גלייך מיטן ברעג פון ים, און די צווייטע, אונטער באַרזאַפּאַרנעסן, — אויפן וועג קיין ירושלים. ביים כרמל־באַרג האָבן זיך מאַסן יהודהער פאַראייניקט מיט דער פּאַרטאַנישער אַרמיי, ווי מיטקעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אדומישן יאָך; אויסער דעם האָט אַנטיגאָן אַליין אויך צוזאַמענגענומען אַרום זיך אַ מחנה פון טויזנטער פרייוויליקע יהודהשע פּאַטריאָטן, און האָט זיך אַריינגעריסן אין ירושלים. דאָ האָט זיך צעפלאַקערט אַ בלוטיקע שלאַכט צווישן די אדומישע אָנהענגער און דעם פאָלק, וואָס איז אינגאַנצן געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם חשמונאישן פּרעטענדענט, און האָט פאַרנומען דעם בית־המקדש. הורדוס מיט זיין ברודער, דאַקעגן, האָבן זיך באַפעסטיקט אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און אין דער שטאָט־פעסטונג, פון וואַנען זיי האָבן זיך העלדיש געוועררט קעגן דעם אָנפאַלנדיקן שטראָם פון די פאָלקס־מאַסן, וואָס האָט זיך פון מינוט צו מינוט פאַרגרעסערט מיט נייע עולי־רגלניקעס; (ס'איז געווען שבועות).

דערווייל איז איין מחנה פון די פּאַרטאַנער שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון ירושלים, און איר אָנפירער, פּאַקאָרוס, האָט פאַרגעלייגט הורקנוסן מיט פאַזאַעלן, זיי זאָלן ווי שלוחים, אַוועק צו באַרזאַפּאַרנאַסן אין לאַגער, כדי דאָרט איבערצורעדן מיט אים וועגן די פרידנס־באַדינ־גונגען, און ווי נאָר זיי זיינען ארויס פון ירושלים, האָט מען זיי געשמידט אין קייטן אַלס געפאַנגענע. הורדוס האָט זיך גלייך דערוואוסט דערפון, און

נישט זעענדיק קיין שום מעגלעכקייט, זיך צו פאַרטיידיקן, איז ער ביינאַכט אַנטלאָפן פון שטאָט, און מיטגענומען מיט זיך אַלע מיטגלידער פון זיין פאַמיליע — צווישן די האָט זיך געפונען אויך זיין כלה, מרים — און אַ קליינע מיליטערישע סוויטע. אין וועג איז אים עטלעכע מאָל אויסגעקומען זיך צו פאַרטיידיקן קעגן פאַרשידענע אָנפאַלער, ענדלעך האָט ער זיך אָבער דאָך דערשלאָגן ביז צו דער פעסטונג מסדה, ביים ברעג פון ים־המלח, וואו ער האָט די גאַנצע פאַמיליע איבערגעלאָזן אונטער דער שוץ פון איבערגעגעבענע סאָלדאַטן און דעם קאָמענדאַנט פון פעסטונג — זיין ברודער יוסף. ער אַליין איז דאַן אוועק אין דער נאַבאַטעאישער הויפּט־שטאָט, פּעטראַ, וועגן שליסן אַן אָפּמאַך מיט דעם נאַבאַטעאישן קעניג.

און די פּאַרטאַנער האָבן דערווייל געבאַלעבאָטעוועט אין לאַנד. פון די צוויי געפאַנגענע, וועלכע זיי האָבן איבערגעגעבן אַנטיגאָנען, האָט דער אדומי פאַזאעל זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, צעשמעטערנדיק דעם קאָפּ אין אַ פעלדז, און דער אַלטער הורקנוס איז געבליבן ווי אַ געפאַנגענער נאָך דעם, ווי מ׳האָט געמאַכט איבער אים אַן אָפּעראַציע, וואָס האָט אים אויף אייביק שוין אומפעאיק געמאַכט צו פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון אַ כהן־גדול; מ׳האָט אים אָפּגעשניטן די אויערן (אַ בעל־מום האָט, לויטן דין פון דער תורה, קיין כהן־גדול נישט געטאָרט זיין). שפּעטער, ווען די פּאַרטאַנער האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָבן זיי דעם אומגליקלעכן שאָטן־קעניג מיטגעפירט מיט זיך קיין בבל, און אַנטיגאָן האָט זיך געפילט גאַנץ פעסט אויף דעם יהודהשן טראָן; ער האָט געלאָזט איוסגיסן אייגענע מטבעות מיט דעם אויפשריפט: „מתתיהו, דער כהן גדול און די יהודהער געזעל־שאַפט” — אויף איין זייט, און אויף דער צווייטער — „קעניג אַנטיגאָן”. אים איז אויך געלונגען צו פאַרטרייבן די איבערגעבליבענע טיילן פון די רוימישע גאַרניזאָנען, אַזוי אַז יהודה איז אינגאַנצן אָפּגערייניקט געוואָרן פון פרעמדע סאָלדאַטן, און זי האָט זיך געקענט אויף אַ קורצע צייט איבער־געבן דער זיסער אילוזיע פון ווידער־דערוואָרבענער פולשטענדיקער פריי־הייט נאָך אַזוי פיל אינערלעכע און אויסערלעכע מלחמות.

באַלד אָבער האָט זיך יהודה ווידער באַגעגנט אויג אין אויג מיט איר ביטערסטן שונא, און שולדיק אין דעם איז, טיילווייז, געווען אַנטיגאָן אַליין. דער לעצטער חשמונאים־קעניג איז געווען אַ גאַנץ קורצזיכטיקער שטאַטסמאַן און ער האָט נישט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די לאַגע, וואָס

איז אייגנטלעך געווען זייער גינסטיק פאַר אים; דער רוימישער הערשער פון די מזרח־פּראָווינצן אַנטאָניוס האָט זיך בכלל גאַנץ ווייניק אינטערע־סירט מיט זייערע אינערלעכע אַרומרייסענישן און די רייצנדע קלעאָפּאַט־ראַ איז אים פיל ליבער געווען פון דער בייזער מלחמה־געטין; די פּאַרטאַ־נער, ווידער, האָבן געהאַלטן אין איין אַרויסשטופּן די רוימער פון זייערע איינגענומענע פּאָזיציעס, און וואָלט אַנטיגאָן פאַרשטאַנען, אונטערצוהאַל־טן דעם גיפטיקן האַס, וואָס דאָס פאָלק האָט געטראָגן אין האַרצן צו די רוימער און צו דער אדומישער משפּחה, וואָלטן אים די רוימער אַליין אויך געהונפּהט, כדי צו געפינען אין אים אַ שטיצע קעגן די פּאַרטאַנער; ער האָט דאָס אָבער נישט פאַרשטאַנען, און אַנשטאָט צו פאַראייניקן די פאַרשידע־נע פּאַטריאָטישע מחנות, וואָס זיינען צעשפּרייט געווען איבערן גאַנצן לאַנד, און אויסצובילדן פון זיי איין גאַנצע נאַציאָנאַלע אַרמיי, האָט ער זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן זיינע נקמה־געפילן קעגן די אדומער און גע־האַלטן אין איין רודפן זייערע נאָענטע און אָנהענגער. אַזוי האָט אַנטי־גאָן פאַרבראַכט די דריי יאָר פון זיין הערשן און קיין באַדייטנדיקן שריט נישט געמאַכט אויף צו באַפעסטיקן זיין לאַגע און געבן איר אַ געוויסן זי־כערן באָדן, און אין דער זעלביקער צייט האָט זיין קעגנער, הורדוס, קיין איין סעקונדע נישט גערוט און קיין איינציקע גינסטיקע מינוט נישט דורכ־געלאָזן.

נאָך דעם ווי זיינע אונטערהאַנדלונגען אין פּעטראַ האָבן נישט גע־האַט קיין דערפאָלג, האָט זיך הורדוס איינער אַליין געלאָזט וואַנדערן דורך די יהודהש־אדומישע מדבריות און איז ענדלעך אָנגעקומען קיין מצרים. אין אַלעקסאַנדריע האָט ער געגלויבט צו געפינען זיין באַשיצער אַנטאָניוס; דער לעצטער איז אָבער גראָד אַוועק קיין רוים, און די קעניגין קלעאָפּאַט־ראַ לייגט אים פאָר, ער זאָל אַריינטרעטן אין איר אַרמיי ווי אַ קריגס־פירער. דער אדומישער העלד דאַנקט פאַר דעם כבוד און לאָזט זיך אויך אַוועק קיין רוים — אים הערט נישט אויף צו שוועבן פאַר די אויגן די קרוין פון יהודה. אויפן ים שטייט ער אויס אַ ביטערן קאַמף מיט שטורעמס און ברויזנדיקע כוואַליעס; ער קומט אָבער קיין רוים, און קומט — אין דער ריכטיקער צייט. די ביידע טריאומווירן האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַ פעסטע פאַראייניקונג, אַנטאָניוס מיט אָקטאַוויאַן זיינען שלום און איינ־שטימיק אין אַלע היגזיכטן, און נאָך דעם ווי הורדוס שטעלט זיך פאַר דעם

ערשטן און שילדערט אים די אַלע געשעענישן אין יהודה פאַר דער לעצטער צייט, בלייבט ביי ביידע באַשלאָסן, אָנצולערנען דעם רעוואָלוציאָנערן השמונאי און צוריקצושטעלן די מאַכט פון די פריערדיקע געזעצלעכע הערשער; און אַזוי ווי הורקנוס געפינט זיך אין גלות, ווייט פון יהודה, בלייבט הורדוס דער איינציקער און פּאַסנדיקסטער קאַנדידאַט אויף דעם יהודהשן טראָן. אַזוי האָט הורדוס באַוויזן אין משך פון זיבן טעג צו באַפעסטיקן פאַר זיך אַלע פּאָזיציעס, און אָנערקענט צו ווערן פון דער ספּעציעלער פּאַרזאַמלונג פאַר דעם געזעצלעכן קעניג פון יהודה! נאָך דער דאָזיקער פייערלעכער זיצונג פון סענאַט איז הורדוס אין דער באַגלייטונג פון די טריאומווירן, קאָנסולן און דעם גאַנצן אַדעל אַריינגעפירט געוואָרן אין קאַפּיטאָליום, וואו ס׳זיינען געבראַכט געוואָרן קרבנות צו די געטער (40) — ווי מ׳האָט זיך נוהג געווען ביים אַוועקלייגן אין אַרכיוו אַ סענאַטס־דעקרעט.

דער ערגייציקער אדומי האָט דערגרייכט זיין ציל — ער האָט באַקומען פון דער מאַכט דעם קעניגלעכן טיטול. דערמיט האָט זיך אָבער זיין אויפגאַבע נאָך נישט געענדיקט, און אים איז נאָך פאָרגעשטאַנען אַ שווערן קאַמף דורכצומאַכן, ביז ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו געניסן די פּרוכט פון זיין דערפאָלג — צו ווערן דערווירקלעכער געקרוינטער הערשער פון יהודה. אַנטאָניוס באַמיט זיך, אויפצוהאַלטן הורדוסן אין רוים און שענקט אים די פריינטלעכסטע אויפמערקזאַמקייט; דער לעצטער פאַרגעסט אָבער נישט איין מינוט וואָס אים שטייט נאָך פאָר, און פאַרלאָזט רוים. אין ניין און דרייסיקסטן יאָר זעצט זיך הורדוס אַרויס אין דעם פּאַלעסטינישן האַפן עכו, און מיט דער געלט־שטיצע, וואָס ער באַקומט גלייך פון אַ געוויסן רייכן יהודהער, דינגט ער זיך סאָלדאַטן און שטעלט זיך צונויף אַ קריגס־אַרמיי. אַ קליינע מיליטערישע אונטערשטיצונג באַקומט ער אויך פון דעם רוימישן שטעל־פאַרטרעטער אין סיריע, ווענטידיוס, און מיט דער מחנה לאָזט ער זיך אַוועק קיין גליל, וואו ער נעמט איין שטאָט נאָך דער צווייטער; פון דאָרט וואַרפט ער זיך אַריבער אין דרום, כדי צו באַפרייען זיין פאַמיליע פון דער פעסטונג מסדה, וועלכע איז באַלאַגערט געוואָרן פון אַנטיגאָנס סאָלדאַטן. באַפרייט מסדה, טרעט הורדוס צו צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים; דאָ ווערט ער אָבער אָפּגעשטויסן פון אַנטיגאָנס אַרמיי. די אָרטיקע רוימישע מאַכט שטיצט אים אויך גאַנץ

שוואַך — דער גאַרניזאָן אין יהודה, אונטער דער אָנפירונג פון סילאָן, איז אונטערגעקויפט פון דעם חשמונאישן הערשער, און דער גרעסטער טייל פון דער גרויסער רוימישער אַרמיי אין סיריע איז פאַרנומען אין קאַמף מיט די פּאַרטאַנער.

הורדוס געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע, און דאָס ווערט אויסגענוצט אין דער שוין איינגענומענער גליל. עס ברעכט דאָרטן אויס אַ נייער אויפשטאַנד, און הורדוס קען זיך קיין עצה נישט געבן מיט די פּאַטריאָטישע באַנדעס, וואָס באַהאַלטן זיך אין בערגער און היילן און מאַכן אַ פון דאָרטן שרעקלעכע חורבנות אין זיין קליינער אַרמיי. דאָס רייצט נאָך מער אויף דעם אַדומישן נאָך נישט געקרוינטן הערשער, און ער הייבט אָן באַהאַנדלען די באַזיגטע מיט דער שוידערהאַפטער און שרעקלעכסטער אכזריות. צוויי טויזנט איינוואוינער פון פינף איינגענומענע שטעטלעך לאָזט ער פאַרברענען לעבעדיקערהייט, זיינע סאָלדאַטן רייסן זיך אַריין אין די אַנטדעקטע היילן און שענדן און פייניקן און צערייסן אויף שטיקער הונדערטער פאַמיליעס: מענער, פרויען און קינדער. און אויך דאָס ווירקט גאַנץ ווייניק — דער גרעסטער טייל פון די געפאַנגענע וויל זיך נישט אונטערגעבן, און שטאַרבט מיט אַ בלוטיקער קללה אויף די ליפּן. אַן אַלטער פּאַטריאָט האָט מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעהרגעט אַלע מיטגלידער פון זיין פאַמיליע און אַראָפּגעוואָרפן זייערע קערפּערס אין אַפּגרונט, זיך אַליין מיטוואָרפנדיק צוזאַמען מיט זיי. נישט ווייט פון דער אַנטדעקטער מערה איז געשטאַנען הורדוס אַליין, און דער פּאַטריאָטישער קינדער־ און זעלבסטמערדער האָט אין זיינע לעצטע מינוטן נישט אויפגעהערט צו שילטן און צו באַליידיקן דעם „אדומישן עבד", כאָטש דער לעצטער האָט אים צוגעזאָגט פולשטענדיקע אומבאַרירלעכקייט.

אַרום צוויי יאָר האָט זיך געצויגן די דאָזיקע מלחמה צווישן הורדוסעס סאָלדאַטן און די יהודהשע פּאַטריאָטן. הורדוס האָט באַקומען נייע צוויי לעגיאָנען פון דער רוימישער אַרמיי, וואָס האָט אונטער דער צייט באַוויזן, צו באַזיגן די פּאַרטאַנער (38); שאַרף און ענערגיש אַרויסטרעטן קעגן אַנטיגאָנען האָבן נאָך אָבער די אונטערגעקויפטע רוימישע מיליטערפירער אַלץ נישט געוואָלט. דאָס האָט באַוואויגן הורדוסן איבערצולאָזן זיין מחנה אונטער דער אָנפירונג פון זיין ברודער, יוסף, און ער אַליין איז אַוועק צו אַנטאָניוסן, וועלכער האָט געהאַט צו יענער צייט באַלאַגערט די

שטאָט סאַמאָסאַטאַ, אין דער צעבונטעוועטער פּראָווינץ קאָמאַגענע. דאָרט שטיצט הורדוס נישט ווייניק די אונטערנעמונג פון זיין באַשיצער און באַקומט פון אים דערפאַר אַ באַדייטנדיקע הילף: אַנטאָניוס באַפעלט זיין נייעם סירישן שטעלפאַרטרעטער, סאָזיוס, ער זאָל ענערגיש אַרויסטרעטן צו הילף הורדוסן אין זיין קאַמף מיט דעם „פיינט פון רוים", אַנטיגאָנען.

דער לעצטער האָט זיך אָבער דערווייל באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, וואָס הורדוס איז געווען ווייט פון יהודה, און זיין אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן איין נצחון נאָכן אַנדערן איבער די מחנות סאָלדאַטן פון דעם אדומישן פּרעטענדענט. ביי יריחו איז הורדוסעס מיליטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין ברודער יוסף, אינגאַנצן צעקלאַפּט געוואָרן, און אויף אַנטיגאָנס באַפעל האָט מען דעם געפאַנגענעם יוספן אַליין — אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. די יהודישע פּאַטריאָטן האָבן איצט אָפּגעצאָלט זייערע באַזיגער מיט דער זעלביקער מאָס, מיט וועלכער יענע האָבן זיי געצאָלט, און גאַנצע מחנות העראָדיאַנישע אַנהענגער פון הורדוס־באַאַמטע, אָדער אַנהענגער זיינען געפייניקט און געטויט געוואָרן. הורדוס האָט זיך דערוואוסט פון דעם אַלעמען נאָך אין אַנטיוכיע, און ביי אים איז באַשלאָסן געוואָרן, נישט בלויז צו באַזיגן דעם שונא, נאָר אים פשוט צו פאַרניכטן. ווען ער האָט זיך אַריינגעריסן אין לאַנד מיט זיינע נייע רוימישע לעגיאָנען, האָט ער די צוריק אָפּגענומענע שטעט און דערפער פאַרפלייצט מיטן בלוט פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג, שוין נישט ריידנדיק וועגן די קעמפנדיקע פאַטריאָטן, און אָט די טייכן בלוט האָבן זיך געצויגן איבערן גאַנצן לאַנד — ביז ירושלים.

צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים איז הורדוס צוגעטראָטן אין פרילינג פון זיבן און דרייסיקסטן יאָר. צוזאַמען מיט די לעגיאָנען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער סאָזיוסעס אָנפירונג, האָט די באַלאַגערונגס־אַרמיי געציילט ביז הונדערט טויזנט מאַן פוסגייער, רייטער און אַרטילעריע־אָפּטיילונגען; און ווען די גאַנצע אַרמיי איז געווען קאָנצענטרירט אַרום שטאָט, האָט הורדוס ערשט אָנגעהויבן אויסצונוצן אַלע רעגלען פון דער רוימישער קריגס־קונסט, וועלכע ער האָט ביז אַהער אַזוי גרינטלעך שטודירט. ווי דער אַמאָליקער רוימישער קריגספירער פּאָמפּעיוס, האָט ער אויך געלאָזן אָנשיטן הויכע וואַלן און אויפשטעלן אויף זיי אומגעהויערע טורעמס מיט שליידער־מאַשינעס, און די צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען די

זאַזיקע באַלאַגערונגס־אַרבעט, אונטער דער אָנפירונג פון אַראָפּגעבראַכטע ספּעציאַליסטן, האָט הורדוס געפונען פאַר גינסטיק, אויף צו פייערן זיין חתונה מיט דער חשמונאישער פּרינצעסן, מיט וועלכער ער איז שוין לאַנג פאַרקנסט געווען. פאַרגעקומען איז אָט די חתונה אין סאַמאַריאַ, — דאָרט האָט דער אדומישער קאַנדידאַט אויף דער יהודהשער קרוין געפייערט זיין געזעצלעכע פאַרבינדונג מיט דער שיינער יהודהשער קעניגס־טאָכטער, וועלכער ער האָט שפּעטער פאַרביטערט דאָס לעבן און צום שאַפאָט געפירט.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין לאַגער, איז הורדוס צוגעטראָטן צו דער באָמבאַרדירונג פון די שטאָט־מויערן. די באַלאַגערטע האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט דעם גאַנצן גלוט פון זייער ליבע צו דער חשמונאישער דינאַסטיע און האָס צו דעם בלוטיקן אדומער; זיי פלעגן זיך אַרויסרייסן פון שטאָט דורך געהיימע, אונטערערדישע וועגן, אָנפאַלן אויף די גענטערע מיליטער־אָפּטיילונגען, און צעשמעטערן די שליידער־מאַשינעס, און אויסער דעם האָבן זיי אפילו באַוויזן אויפצושטעלן פאַר דער צייט אַ נייע מויער־וואַנט. און דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַ באַדייטנדיקער טייל פון די אָנגעזעענסטע פּרושים האָט שוין דאַן געהאַט איינגעזען די אומנוצלעכקייט פון דער כלומרשטער פאַרטיידיקונג און געראָטן, צו עפענען פאַרן שונא די טויערן פון שטאָט!

פערציק טעג האָט זיך געצויגן די באַלאַגערונג. דאַן איז גענומען געוואָרן די ערשטע פעסטונגס־וואַנט, און אין פופצן טעג אַרום — די צווייטע. אַנטיגאָן מיט דעם טייל איבערגעבליבענע פּאַטריאָטן האָבן זיך נאָך פאַרטיידיקט אַ געוויסע צייט אין דעם אויבערשטן טייל פון שטאָט און אין די גרויסע הויפן פון בית־המקדש; די באַלאַגערער האָבן אָבער ענדלעך די פונקטן אויך איינגענומען, און צוזאַמען דערמיט איז ירושלים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוראדיקער שחיטה־שטאָט. די אויסגעמאַטערטע און צעווייטע סאָלדאַטן האָבן זיך, ווי צעווילדעטע הונגעריקע וועלף, אַרויפגעוואָרפן אויף די באַזיגטע יהודהער. אַלט און יונג, פרויען און קינדער, קעמפנדע „פּאַטריאָטן” און פרידלעכע איינוואוינער — אַלעמענס בלוט האָט זיך צוגויפגעגאָסן און אויפן מזבח זיינען כהנים געבראַכט געוואָרן פאַר קרבנות.

לאַנג האָבן די רוימישע סאָלדאַטן געווילדעוועט אין דער יהודהשער

הויפּטשטאָט, און ענדלעך איז געקומען דערצו, אַז הורדוס אַליין האָט זיך געזען געצוואונגען אָפּצושטעלן די דאָזיקע שחיטות און רציחות. הורדוסן האָט זיך נישט געוואָלט אַוועקשטעלן זיין טראָן אין אַ שטאָט פון חורבות און מתים, און ער האָט זיך מיט היץ געווענדט צו זיין רוימישן קאָלעגע, יענער זאָל זען איינשטילן זיינע סאָלדאַטן און זיי אָפּהאַלטן. „צי ווילט איר דען איינגאַנצן פאַרניכטן אין שטאָט — האָט ער צו אים געטענהט — יעדע שפּור פון אַ לעבעדיקן מענטשן און פון אַ מענטשלעכער וואוינונג און מיך אַוועקזעצן קעניגן איבער אַ טויטן מדבר?״ און ווען די איצטיקע באַזיגער האָבן זיך אויך געוואָלט אַריינרייסן אין די אינעווייניקסטע צימערן פון בית־המקדש, ווי דער אַמאָליקער פּאָמפּעיוס האָט געטאָן, האָט זיך זיי הור־דוס געשטעלט אין וועג און קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער וואָלט אין דעם פאַל זיך איינגאַנצן געמוזט אָפּזאָגן פון דעם נצחון, ווייל דאָס פאָלק, וואָלט אים קיינמאָל נישט מוחל געווען די שולד פון פאַרשוועכן גאָטס הויז. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט אָבער די דערקלערונג גאַנץ ווייניק געווירקט, און די פּאָגראָם־טעטיקייט פון די זיגער האָט זיך ערשט דאַן אָפּגעשטעלט, ווען הורדוס האָט יעדן איינציקן פון זיי באַפרידיקט מיט פּריוואַטע רייכע מתנות. דאַקעגן האָט דער נייער קעניג אַרויסגעוויזן זיין גאַנצע אכזריות בנוגע צו דעם געפאַנגענעם אַנטיגאָן. דעם לעצטן האָט סאָזיוס מיטגעפירט מיט זיך קיין אַנטיוכיע, וואו אַנטאָניוס אַליין האָט געזאָלט באַשטימען זיין גורל. אַזוי ווי ער האָט געוואָלט האָבן דעם לעצטן יהודהשן מאָנאַרך אין זיין טריאומף־וואָגן, איז אַנטאָניוס גענויגט געווען, אים צו לאָזן לעבן; דאָ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט דער אדומישער יורש פון דעם חשמו־נאים־טראָן און אויף זיין הייסן פאַרלאַנג, איז אַנטיגאָן גלייך אין אַנטיוכיע געטויט געוואָרן מיט דעם שענדלעכסטן טויט, וואָס מ׳האָט זיך דאַן גע־קענט פאָרשטעלן: מ׳האָט אים אָראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ מיט אַ האַק.

אַזוי האָט געענדיקט זיין לעבן דער לעצטער הערשער פון דער די־נאַסטיע, וואָס האָט באַשאַפן די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט פון יהודה און געהערשט אין לאַנד הונדערט מיט דריי יאָר.

סוף פון צווייטן באַנד.

